


# שטערן

**7-8**



ליטעראריש-קינסטלערישער
און געזעלשאפטלעך-פאליטישער
כוידעש-זשורנאל . מינסק

1930

## אינהאלט.



פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראַריש-קינסטלערישער און פּאָליטיש-וויסנשאַפטלעכער כוידעש-זשורנאַל.

№ 7—8 ═ זעקסטער יאָרגאַנג ═ יול-אַווגוסט 1930



## צען יאָר באַפרײַטע סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד.

דעם 11-טן יול האָט סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד און צוזאַמען מיט איר דער גאַנצער פּראָלעטאַרישער און אַרבעטנדיקער סאָוועטן-פאַרבאַנד געפײַערט דעם 10-טן יאָרטאָג זינט די רומפולע רויטע אַרמיי האָט פאַרטריבן פון ווײַסרוסלאַנד די לעגיאָנען פון פריציש-פּוילישן ווײַסן אָדלער.

צען יאָר באַפרײַטע סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד—אַ דאַטע פון גרויסער היסטאָרישער באַדײַטונג. דידאָזיקע דאַטע איז פאַרבונדן מיטן זיגרײַכן מאַרש פון דער רויטער אַרמיי אַפן מײַרעוו-פראָנט, מיטן מאַרש אַף וואַרשע, מיט די לעצטע גרויסע שלאַכטן אַפן פראָנט פון בירגער-קריג, נאָך וועלכע עס איז שנעל געקומען אָנערקענונג און שאָלעם-אָפּמאַכן מיטן סאָוועטן-פאַרבאַנד, וואָס עס איז ווידעראַמאָל געווען אַן אויסדרוק פון דער קראַפט פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט..

סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד איז באַפרײַט געוואָרן אַדאַנק דעם גרויסן קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט פון גאַנצן סאָוועטן-פאַרבאַנד, אַדאַנק דער זיגרײַכער רויטער אַרמיי, אַדאַנק דער געניאַלער אָנפירונג פון דער קאָמפּאַרטיי. די ווײַספּוילישע לעגיאָנען, וועלכע האָבן כאָרעוו געמאַכט שטעט, שטעטלעך און דערפער, וועלכע האָבן געפּײַניקט די אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג, גערויבט דאָס האָב און גוטס און אָרגאַניזירט יידישע פּאָגראָמען—דידאָזיקע לעגיאָנען האָבן ניט געקענט ניט אַרויסרופן דעם צאָרן פון די מאַסן. זייער זײַן אַף דער טעריטאָריע פון ווײַסרוסלאַנד האָט, ניט געקוקט אַף דעם שרעקלעכן טעראָר, נאָכמער פאַרשטאַרקט דעם דראַנג צו אָרגאַניזאַציע אין די רעוואָלוציאָנערע מאַסן. עס האָבן אַנטוויקלט אַן אַרבעט די אונטערערדישע פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס. די דערפער און שטעט און שטעטלעך פון ווײַסרוסלאַנד זײַנען געווען צוגעדעקט מיט אַ געדיכטער נעץ פון פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן, וועלכע האָבן זיך העלדיש געשלאָגן מיט די ווײַסע לעגיאָנען, וועלכע האָבן ניט געלאָזט רויק זיך באַוועגן די באַנדיטן, האָבן אויפגעריסן בריקן און אָנגעוואָרפן אַ שרעק

אַף די אָקופּאַנטן... די רויטע פּאַרטיזאַנער, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער קאָמפּאַרטיי, האָבן צוגעגרייט דעם ענדגילטיקן קלאַפּ פֿאַר די ווײַסע...

עס זײַנען אַוועק צען יאָר פֿון פֿרידלעכער בויונג. די אַלטע ווײַסרוסלאַנד, אַן אָפּגעשטאַנענע, באַלמעלאָכישע און אָמעראַצישע, אַ צעשטערטע און פֿאַרברענטע דורך די אָקופּאַנטן, אַ צעגראָמירטע דורך די ווײַסע באַנדעס—דידאָזיקע ווײַטרוסלאַנד איז דורך די אַרבעטער און אַרבעטנדיקע מאַסן, בײַ דער הילף פֿונעם גאַנצן סאָוועטן-פֿאַרבאַנד און אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער פּאַרטיי, פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פֿעסטונג פֿון סאָציאַליזם.

אין סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד זײַנען אויסגעוואַקסן צענדליקער גרויסע פֿאַבריקן, אַרבעטער-שטעטלעך, גרויסע אַרבעטער-הײַזער, עס בויען זיך גראַנדיעזע קאָמבינאַטן און עלעקטרישע סטאַנציעס, עס וואַקסן אויס נײַע אינדוסטריע-געביטן, עס וואַקסט קאָלאָסאַל דער אַרבעטער-קלאַס, עס גייט מיט אַ האַסטיקן טעמפּ די קאָלעקטיוויזאַציע פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט, עס בויען זיך אָפּ שטעטלעך, עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ געדיכטע נעץ קוסטאַרן-אַרטעלן, עס וואַקסט די קולטור-אַרבעט, עס ווערט אַלץ געדיכטער די נעץ פֿון הויכע בילדונג-אַנשטאַלטן, ווסר הויבט שוין אָן דורכפֿירן אַלגעמיינע אָבליגאַטאָרישע בילדונג.

דאָס גאַנצע לאַנד שטייט אין רישטאָוואַניעס. עס זײַנען באַזיגט געוואָרן גוואַלטיקע שוועריקײַטן. עס זײַנען באַקעמפֿט געוואָרן מיט דערפֿאָלג ערנסטע שוועריקײַטן. עס האָבן באַקומען טויט-קלעפּ די גרעסטע סאָנים פֿון דער פּאַרטיי און פּראָלעטאַריאַט—דער שאָוויניזם און נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם און די פֿאַרשיידענע אָפּנויגן אין דער פּאַרטיי. שוין דער ערשטער יאָר פֿון פֿאַרפֿעסטיקטער סאָוועטן-מאַכט אין ווײַסרוסלאַנד האָט צעשמעטערט אַלע פּאָזיציעס פֿון די קליינבירגערלעכע רעוואָליוציאָנערע פּאַרטייען—„בונד”, פּ. ס. „סאָצ הראמאדאַ” א. ד. גל.—באַהעפֿט די מאַסן אַרום די רויטע פֿאָנען פֿון דער קאָמפּאַרטיי. אין מעשעך פֿון די פֿאַרלאָפֿענע צען יאָר איז שטאַרק געוואָרן דער בונד פֿון די אַרבעטנדיקע פֿון אַלע נאַציעס אין סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד און די באַהעפֿטקײַט פֿון סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד מיטן גאַנצן סאָוועטן-פֿאַרבאַנד. דער גלענצנדיקסטער בײַשפּיל פֿון לעניניסטישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, פֿון באָלשעוויסטישער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט איז אויסגעדריקט אין יענער גרויסער הילף, וואָס די סאָוועטן-פֿאַרבאַנדישע רעגירונג-אָרגאַנען גיבן נאָכאַנאַנד דער אָפּגעשטאַנענער ו.ס.ס.ר. אין איר סאָציאַליסטישער בויונג.

אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער קאָמפּאַרטיי פֿירט דער פּראָלעטאַריאַט און דער האָרעפּאַשנער טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג אין ווסר אַן אומדערמידלעכן קאַמף פֿאַר אויספֿילן דעם פֿינפֿיאָריקן פּלאַן אין פֿיר יאָר, פֿאַר דער קאָלעקטיוויזאַציע און ליקווידאַציע פֿון באַלעגוף אַלס קלאַס אַף דער באַזע פֿון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע, פֿאַר דער קולטור, וואָס ווערט געשאַפֿן אין נאַציאָנאַלע פֿאָרמען און איז אָבער אַ סאָציאַליסטישע לויטן טאָך. דערדאָזיקער קאַמף האָט אין מעשעך פֿון די פֿאַרלאָפֿענע יאָרן געזיכערט די דערפֿאָלגרײַכע דערלייזונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע אין ו.ס.ס.ר. די פּאַרטיי האָט אין איר גאַנצער פּאָליטיק שטענדיק דיסקאָנטירט די אינטערעסן פֿון די אַרבעטנדיקע פֿון אַלע נאַציאָנאַליטעטן. קאָלאָסאַל זײַנען די דערגרייכונגען אין דער אַרבעט צווישן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט און די אַרבעטנדיקע. אַף אַלע געביטן—אינדוסטריע, ערדאַרבעט, קוסטאַרן-קאָאָפּעראַציע, סאָוועטן-בויונג, קולטור-רעוואָליוציע—האָבן מיר צו פֿאַרצייכענען די גרעסטע דערפֿאָלגן. עס ווערט אַלץ גרעסער דער שיכט פֿון יידישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע וועלכע בויען דעם סאָציאַליזם, עס ווערט אַלץ מער פֿאַרוואָרצלט די לעניניסטישע אידייע צווישן די יידישע מאַסן, עס באַקומט טויטקלעפּ דער נאַציאָנאַליזם און דער רעכטער אָפּאָרטוניזם.

עס שטייען נאָך פֿאַר קלאַסן-קאַמפֿן, עס שטייט נאָך פֿאַר אַ גרויסע און שווערע אַרבעט. די פֿאַרגאַנגענע צען יאָר דאַרפֿן אונדז באַגײַסטערן פֿאַר די ווײַטערדיקע שריט.

סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד איז אַ גרענעץ-רעפּובליק. די פּילסודסקישע פּוילן הערט ניט אויף באַוואָפענען זיך קעגן פ.ס.ס.ר. מיר דאַרפן זײַן גרייט צו באַשיצן די סאָוועטישע גרענעצן. מיר דאַרפן מיט אונדזער מוסטער-אַרבעט אָנצינדן די רעוואָליוציאָנערע געפילן פון די אַרבעטער און אַרבעטנדיקע פּויערים פון יענעם טייל מערעוו-ווײַסרוסלאַנד, וואָס איז דערדריקט אונטערן פאַשיסטישן שטיוול, מיר דאַרפן ווײַזן אַ מוסטער פון סאָציאַליסטישער אַרבעט דעם פּראָלעטאַריאַט און די אַרבעטנדיקע פון פּוילן און פון אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

פאָרויס, צו נײַע זיגן אַפן פראָנט פון סאָציאַליזם!

פ. בראָווקאָ.

# א רעדע מיט פאַקטן.

(אויסצוגן פון א פּאָעמע).

און דאָרט
צײלט דעם וועכטער די טריט, ווי א זײגער.
ווילנע,
לוקישקי,—
— דער בייזער רוט —

דאָס רעוועט די טפיסע
אין האַלב-נאַכט פאַרשטײנערט
יאָמערט און רעוועט
פון ארבעטער-בלוט.
עס שפּאַנט דער זשאַנדאַר
אין זײַן רויקע זאַטקײַט,
די הענט זײַנע ווייסן נאָר
שלאָגן אין ביין.
פאַרצאַמען,
פארשפּאַרן
אין די קאַזעמאַטן,
דער אַרבעטער מענטש זאָל ליגן אליין...

ווען ס׳גייען טאָן טפילע
די פויפסטלעכע נוגצן,
גייען טאָן טפילע
צום אלמעכטיקן גאָט,
רײַסן זיך די גראַטן
מיט פײַער פון רעוואָליוציע
צו די גאַסן און פלעצער
פון יעטווידער שטאָט.

* * *

איז געפאַלן אַ נאַכט
אַף ווײַסרוסישער ערד
אוי, א ביטערע נאַכט!
אוי, אַ פינצטערע נאַכט!
טראָגט זיך אולאַנער
אַף זײַן ווילדן פערד,
אַז עס הויבט זיך די ערד,
אַז עס ציטערט די ערד.

פאָזנאַנטשיִקעס, האַלערטשיִקעס
יאָגן אַפֿן שליאַך,
פאָזנאַנטשיִקעס, האַלערטשיִקעס
לאָזן זיִך איִן שלאַכט...

שטייען דערפֿעלעך פֿאַריאָסעמט,
שטייען דערפֿעלעך פֿאַרטראַכט.
— צאָ טאָ בענדזשע?
— צאָ טאָ בענדזשע?
דאָ איִן מיִטן נאַכט.

— צאָ דאָ בענדזשע?
— צאָ טאָ בענדזשע?
טיִר און טויער איִז פֿאַרהאַקט.
און דיִ שפּאָרן בלאַנקע ברענדזשען,
גריִלצן איִבער טראַקט.

* * *

און דיִ סאָסנעס
און דיִ יאָדלעס
האבן זיִך פֿאַרכמורעט.
אונדזער היים,
אונדזער ווייַסרוסלאַנד.
אַזאַ אומעט!
אַזאַ אומעט!

און די סאָסנעס
און דיִ יאָדלעס
אונדז צו זיִך פֿאַרנומען.
און איִן. פֿרייַען וואַלד
געלאָזט אונדז
זיי וועלן קומען,
קומען,
קומען!

קלינגט אַ היִלכיִקייַט אין שטימע,
און אַ פֿרייד
פֿאַרגייט
ביִז ווייטיִק.

ווען ס׳וועט אָנהויבן
נאָר גיִבען,
וועלן אָנקומען דיִ רויטע.

איִן דיִ וועלדער
דיִ געדיִכטע
ווייס מען ניט פֿון שרעקן.
ס׳פּאַרטיִזאַנעוועט דאָס פֿאָלק
איִבער אַלע עקן.

ווער אַ ביקס אַף פּלייצע,
ווער—אַ פּולעמיאָט
אַרבעטער און פּויער.
דאָרף און שטאָט.

האָט דער רויטער פראָנט
געשטעלט זיך
האָט דער רויטער פראָנט
פאַרגעבן.
ווײַסרוסלאַנד מוז אַ רויטע זײַן
ס'מוז ווײַסרוסלאַנד לעבן!...

* * *

אונדזער אייגענע לאַנד
ווערט געבויט,
ווערט געלאָדן,
עס שפּאַלטן די טקופע
סאָוועטישע טעג.
אונדזערע פאָרטראָגן —
די שטים פון זאַוואָדן,
אונדזער יעטווידער וואָרט
מאַשינעס באַוועגט.

אַרויס אַף אַ מיטינג
אין טויזנטער רייען,
אזוי ווי די זון
וואָלט זיך געבן א ריר.
זינגט די שטאָט מיט מאַשינעס,
און דאָס דאָרף מיט פאַרזייען
דעם פינף-יאָר,
דעם פינף-יאָר
מאַכן אין פיר!
די בעסטע געזאַנגען
פאַר די מאַרשן פון בויונג,
די געזאַנגען די בעסטע —
קײַן טראָט ניט צוריק!
זאָל טריפן אַף אונדז
מיט ליכטיקע טויען.
פאַר דער מי דער שווערער,
פאַר יעטווידער זיג.

* * *

און דאָרט אין ווײַטן
רוט דער בעלוועדער,
פון די ווענט, די באַצירטע
גיסט דער גאָלד זיך געלאַסן —

דער פּאַן-מאַרשאַלעק
יוזעף
איז היינט אין אַ שטימונג,
איז היינט אין אַ שטימונג
זייער אַ פּאַסנדס.

דער פּאַן מאַרשאַלעק
יוזעף
און די גראַפן,
און פירשטן
האָבן ליב דאָס פּאָטערלאַנד פוילן,
און לעמפערטן,
און הירשן.

נאָר דער אַרבעטער גייט
וואָס אַן אָוונט געבויגן —
ניט שטיי און ניט רייד
און ניט וויז דיינע אויגן.

ווי באַם צאַרישן רוסלאַנד
דיין לייב אונטער פייערן,
איינמאָל פאַרזייען
און צוואַנציק מאָל—שטייערן.

קלייבט זיך דער צאָרן
און אַ שטימע
זאָגט אָן:
אָפן בעלוודער
וועט הענגען
א רויטע פאָן...

—פּריי פון ווייסרוסיש—

ז. אַקסעלראָד.

כ. קאַגאַן.[1]

# פאַרשפּילט נישט!

1.

דער שאָלעם-בײַיס איז אַנטרונען פֿון אויזערס הויז צוגלײַך מיטן טאָג, ווען זײַנע טרייסלדיקע הענט האָבן אויפֿגעהערט צו אַרבעטן, קריגערײַען מיט דער ווײַב פֿלעגן פֿאָרקומען שטילע, אָן קלאָלעס. פֿאַר שפּאַלטן שײַן פֿון די קעלער-פֿענצטער און באַם קײַלעכדיקן שאָטן פֿון נאַפֿט-לאָמפּ האָבן זיך קרום באַגעגנט צוויי פּאָר פֿאַרזשמורעטע אויגן, ווי די פֿיר אויסגעהויקערטע ווינקלען פֿונעם אײנציקן כיידער.

אינדערפֿרי, קומענדיק פֿון גאַס, פֿלעגט זי אַ שלײַדער טאָן דעם ליידיקן קו־של און פֿאַרלייגן ביידע הענט איבער די האָר, די טונקל-פֿאַרגרויטע, ווי מיט אַ פֿרישן שפּינוועבס איבערגעפֿלאָכטן:

— אָבער צו וואָס האַלט זיך נאָך אַף מיר אַזאַ נאַרישער קאָפּ,—האָט זי מיט אויסגעקרעוועטע אויגן צום פֿענצטער שטיל גערעדט צו זיך אַליין,—אין כויוועס אײַנגעטונקט איבערן האלדז, ט׳נאָך עמיצער באָרגן איין ביסן?...

אויז/ ׳, אַ פֿוס אַף אַ פֿוס פֿאַרלייגט, האָט בעשאַס-מײַסע געקלערט: דיזעלביקע עטל מיטן אויסגעליידיקטן בויך, כאָטש נעם און פֿאַרשטאָפּ מיטן פּעקל טויטע קינדער די אַראָפּגעהאנגענע קאָפּטע... זײַנע וואָך-סכירעס זײַנען טאָמיד געווען באַפֿלעקטע פּאַפּירלעך, פֿאַרשמירטע מאָטבייעס פֿון שלאָסערשן פֿעטס; איבערצײלן האָט געמוזט זי, עטל, צוזאַמען אויסגעכעזשבנט אָונט-שאָען לויט איר זיקאָרן, לויט אירע סימאָנים פֿון אָפּריגלען אים די טיר אין דער טיפֿער נאַכט אַרײַן, און צײַטנווײַז האָט מען באַרעכנט טאָעסן פֿון קאָנטאָר פֿונעם קאַרגן אויסצאָלעכץ.

אינאָונס, אַרויסבאגלייטנדיק אַלע כויוועס-מאָנער, האָט זי דעם שווײַגנדיקן מאַן פֿון בעט געצויגן:

— די שיך וואַרף כאָטש אַראָפּ, וואָס שווײַגסטו? די אויערן אין קישן איז גרינג פֿאַרבאַהאלטן און זידלערײַען דאַרף איך אויסהערן, מיט ביטערן גאַל זיי אַראָפּשלינגען, האַ?!

ער האָט באַטראַכט אירע אויסגעפֿילטע אויגן טרערן פֿון פֿינצטערן פּאָנעם, ווי שווימענדיקע פֿישלעך אין אַ בלאָטיקן גראָבן, אָפּגעשנירלט די שיך און צום האַרצן צוגעדריקט דעם שלאָפֿעדיקן מעזיניק.

---

1) כ׳ קאַגאַן איז אַן ארבעטער פֿון פוילן, ער האָט געארבעט אין אַ שוסטער-וואַרשטאָט. איצט איז ער אַ פֿאַבריק-אַרבעטער. די דערציילונג „פֿאַרשפּילט נישט“ איז פּאַקטיש דאָס ערשטע געדרוקטע ווערק. כ׳ קאַגאַן שרײַבט אַף טעמעס פֿון בירגער-קריג, פֿון אַרבעטער-לעבן. ס׳איז דעריבער פֿאַרשטענדלעך, פֿאַרוואָס זײַנע דערציילונגען האָבן ניט קיין אָרט אין די בורזשואזע און קליינבירגערלעכע יידישע צײַטונגען און זשורנאַלן אין אויסלאַנד. ס׳איז קעדײַ דערבײַ צו באַמערקן, אַז אַ געוויסע דערציילונג זײַנע האָט די בונדישע „פֿאָלקסצײַטונג“ געוואָלט אָפּדרוקן, נאָר געשטעלט אַ טנאַי, אַז דער כ׳ קאַגאַן זאָל ענדערן זײַן פּאָזיטיווע שילדערונג פֿון רויטאַרמייער און זייער באַציונג צו דער האָרעפּאַשנער באַפֿעלקערונג, אַף וואָס דער אָוטאָר איז ניט אײַנגעגאַנגען.

די דערציילונג איז ספּעציעל צוגעשיקט פֿאַרן „שטערן“.

— וואָס וועקסטו מיר ס׳קינד, און עסן האָסטו אָנגעגרייט? פאַרלאָטע זיינע זאַכן בילכער...—און זי האָט אַ שליידער געטאָן די צעפּליקטע מאַלבושימלעך פון טיש אין בעט אַריין.

אויזערס קערפּער איז מיט אַ צאַפּל אופגעשפּרונגען, די באַוועגונגען פון זיינע טרייסלדיקע הענט האָבן נאָכגעקרימט שאָטנס פונעם נאַפט-לעמפּל איבערן וואַנט און סטעליע, אַזוי ווי שרעקעדיקע רופּעס וואָלטן געטאַנצט:

— אָבער וואָס, ווילסטו מיך באַגראָבן? וויל איך דאָס אליין אויך!

— ביסט פון זינען אַראָפּ?

דאָ איז עטל געבליבן זיצן פאַרן טיש מיט אויגן פול כאַראָטע. דאָס וואָרט „באַגראָבן" כאַוערט זיך איבער און שרעקט אַזוי ווי אַדענוי אין סידער; זיינע טרייסלדיקע הענט טיטלען איר אויס אַ געשיכטע, ווי פון בוך געלייענט: געווען זיינען די הענט יאָרן-לאַנג פעסטע. באַ אַ געווען פיגן זיי קענען אַ טשוואָק אין האנט פאַרקלאַפּן, און די הויט זאָל בלייבן ניט גערירט, און איצט...

דעם באַלעבאָס צוגעשיקטע רעשימעלעך אַף דירע-געלט האָט זי גלייך אַפן אָרט צעריסן, די אָנגעזאָגטע סטראַשונקעס, אַז די אַלע בעבעכעס וועלן אין אַ ליאַדן טאָג אַפן ברוק ליגן, האָבן איר שלאָף אָוועקגערויבט. אַז דער בייכיקער מענטש מיט די גאָלדענעברילן אַפן שטערן איז אַריינגעקומען—איינגעבויגן צוליב דער צו נידעריקער קעלער-טיר—און געהייסן דערלאַנגען אַלע פאַפּירעלעך מיט מעלוכע-שטעמפּלען, האָט זי מיט פאַרב אין פּנעם צוגעטראָגן א גאַנצן פּעקעלע צעטלען, געפּרעסטע, פון איין קאָליר, אַזוי ווי כאַסענע-בילעטן. דער פעטער מענטש האָט זיך ברייט געזעצט פאַרן טיש, אראָפּגערוקט די ברילן אַפן נאָז, איבערגעבלעטערט פּאַפּירן און פאַרקוקט צום ווינקל, ווו אויזער איז געזעסן:

— זיצט דאָרט דער מאַן, אָדער... אַ באַקאנטער?—האָט ער אויסגעשמייכלט.

— דער מאַן. נישטאָ קיין ארבעט, זיצט ער...

— אַהאַ... דער טערעצל — נישטאָ קיין אַרבעט... אַן אויסגעצייכנטע זריע, אַף יעדן אַריבערגעטראָטענעם שוועל וואַקסט ער... ער האָט גיך אָנגעשריבן אַ צעטעלע, אָפּגעשטעמפּלט און צוגעקיעפּט צו דער שפּיי-שאַפקע.

אויזער איז צוגעקומען מיט האָסטיקע טריט, פאַרזשמורעטע אויגן, אַז די שפּיציקע קינבאַקן זיינען ווי הערנער אויסגעוואַקסן:

— אַז מע זאָגט, נישטאָ קיין אַרבעט, דאַרף מען כויזעקן? אויב אַזוי— איז אָט!—און האָט אָפּגעריסן דעם צעטעלע פון שאַפקע.

דער באַאַמטער האָט פאַרלייגט די טעקע אונטערן אָרעם, אויסגעדראָשן עטלעכע ווערטער פאַר עטלען וועגן דעם באַשטימטן טאָג, ווען די אַגאָלע ט׳אָנפאָרן נאָך דער קאָלע און וועגן מאַנס הענט, וועלכע בענקען נאָך קייטעלעך...

— הא, קייטעלעך?!—האָבן אויזערס הענט אויסגעטרייסלט זייערס.—קייטעלעך, די פריצישע אַגאָלע, וואָס? טאָ וואָן נאָך זיי!—נאָכגעשפּיגן דעם באַאַמטן אַף יענער זייט שוועל, דעם האָקמעסער אין די הענט אַריין און בענק! דאָס שאַפקעלע צעשפּאָלטן אַף ברעטעלעך.

עטלס קילעס זיינען געווען שטילע, שטומע קלאַנגען פון גאָרגל אַרויס, אזוי ווי דאָס פּישטשענעס פון ברילן פון אַלע ווענט:

— וואָס האקסטו מיר לעכער אינעם האַרצן?

— כ׳שפּאַלט דיר טרוקענע שפּענדלעך צום הייצן!

ער האָט מיט קיילעכדיקע אויגן און צעווילדעוועטע נאָזלעכער באַטראַכט דער ווייבס צענדליק פינגער צווישן קאָפּ-האָר. אָ-אָ, דיזעלבע עטל, די אויסגערעכנטע באַלעבאָסטע, וו׳זס שטוקעוועט לייטיש אויס אַ הויצאָע און בויט נאָך זאַכן, אַזוי ווי אַ פייגעלע פיקט

זי מיטן שנאָבעלע נאָך אַ שמאַטקעלע אין נעסט אַריַין. בעשאַס קיילים און כּפּייצים זיַינען פֿאַרמאַשקנט געוואָרן אַף ברויט, האָט זי זיך געוואָרגן מיטן ביסן, געטײַנעט, אַז יעדער שלונג איז אַ ווונד.

— נאָ, טאָ וווהין זאָל איך מײַנע פּאָר טוער אַהינטאָן?—האָט ער צו זיך אַליין געטײַנעט, און איז אַוועק שליאָנדרעווען איבער די גאַסן.

ער גייט פֿאַרבײַ די באַלמעלאָכישע וואַרשטאַטן. אַמאָל, נאָך דער פֿאַבריק-אַרבעט, פֿלעגט ער פֿון די וואַרשטאַטן לאַכן: „די באַלמעלאָכישע וואַרשטאַטן רוען נאָר אָפּ פֿון האַלבנאַכטיקן ביז פֿאַרמאָגיקן קריי פֿון האָן, מאַלאָכען אָן מער כאָכמעס איידער אַרבעט“, אָבער איצט איז בעסער פֿאַרבײַגיין שטיל.

אַ שוואַרץ-באַפּעטסטע שלאָסענע האַנט האָט אים פֿאַרן אַקסל אָנגענומען:

— אַזאַ גוט-ברודער ביסטו? ווילסט גאָר ניט אַריבערטרעטן מײַן שוועל, קיין פּאַרנאָסע טרײַבט דיר ניט אין קאַרק, כ׳זע, דו פּויזעסט איבער פּאַוואָליע דעם טאָג, ווי דער קליין וויַיזערל פֿון זייגער, הא, געטראָפֿן?

אַ קליין וואַרשטאַטל, אַ פֿאַרמיסטיקטער כיידערל; באָם טיר שטייט ס׳בענקעלע פֿאַרן באַשטעלער, פֿאַר וועמען מע דאַרף זיך באַלמעלאָכיש אָנבריַמען; צעעפֿנטע שרויב-שטאַנגען מאַכן נאָך היַנטישע אויסגעהונגערטע מיַילער, און דאָס ניַי-ליאַקירטע מאָטאָרל ציט צו די אויגן, אַזוי ווי אַ נעגערשער קאָפּ וואָלט זיך פּלוצלונג באַוויזן.

— נו, אויזער, דערלעבט יאָרן, וואָס זאָגסטו?—האָט דער באַקאַנטער פֿלינק אָפּגעשאַרט פֿאַראָסטעטע בערגלעך איַין אַרום מאָטאָרל, אָפּגעליאַקירט די גרוילעכע וואָנצעס מיטן שלאָסערשן פּעטס פֿון זיַינע פֿינגער,—דעם מאַשכיסל, ברודער, פּאַטשן ליידיקע הענט אין הינטן אַריַין...

אויזער האָט מיט אַ קרומער מינע באַטראַכט די באַלמעלאָכישע אויגן, וואָס וויַיזן נאָר פּאַסיקלעך שווינדל, ווי בליצן פֿון נאַכעס און אויספֿײַנעריַי, אויסגעקערעוועט דעם קרומען קאָפּ מיט דעם האַלדז צוזאַמען, אַזוי ווי אַ וואָלף, און אויסגעשפּרייט ביידע הענט אַפֿן שרויב-שטאַנג:

— דו, גוטער ברודער, באַהאַלט אַלע מיַיסעס באַ אַ גלעזל ביר פֿאַר צובײַסעכץ, דערוויַיל פֿאַרשטעק נאָר די ציינדלעך מיט איַיזנס, ט׳מען עפּעס טאָן...

— וואַרט צו אַביסל ביז דער ראָוו ט׳אויסגיין שמינעסרע... זאָל נאָר אַרײַנפֿאַלן אַ גוטע באַשטעלונג, ט׳מען פֿאַרזינגען די עמעסע לידל מיט באַנעצטע ליפּן, אַז פֿון די אויגן זאָל אַזש אַ רויך גיין!—האָט דער באַקאַנטער באַוויזן געלע ציין, ווי פֿרישער ראָסט פֿון איַיזן, קוקנדיק אַף אויזערס טרייסלדיקע פֿינגער.—אין דער ערד דער גאַנצער שרויב-שטאַנג! אָט אַרבעטן שוין דײַנע יעדײַים אַליין פֿאַר זיך... אויסגעסמאָקטשעטע ביינדלעך, אין מיסט-קאַסטן זיי אַרײַנשליַידערן, וואָס?

אויזערס ברעמען זיַינען געדיכט געוואָרן, און זיין מויל האָט, אָנשטאָט ווערטער, אַ שפּײַ געטאָן יענעם אין די אויגן אַרײַן.

— דו ביסט כאָסער-דייע, אויזער, שפּילקעלעך שטעכן דיר אין די אויערן!—האָט יענער נאָכגעשריען.

דער ברוק קרעכצט מיט שטיינערשן ווייטיק, סקריפּעניש פֿון אַקסן שנײַדן אין פֿלייש אַרײַן, קוילעס און טריט שווימען אין טומל, אָנגעצונדענע לאַמטערן באַקלאָגן דעם פֿאַרבאַנגענעם טאָג. לעם קעלער שפּילן זיך קינדער אין דריידלעך, געמאַכטע פֿון גאַלקעס, פֿון זײַן צעבראָכענער שפּײַז-שאַפֿקע, און צווישן אַלע איז גוט קענטיק דער ליבער מעזיניקל מיטן בינטל האָר, וואָס קריכט דורכן היטל אַרויס, מיט נאַקעטע פֿיסלעך, צעשפּאָלטענע פֿון זון.

— אַהער צו מיר, זונעלע...

— אַי, כ׳וויל ניט...—גליטשט זיך ס׳ייִנגל, ווי אַ פֿיש פֿון זײַנע הענט.

— פֿאַרוואָס ווילסטו נישט?

— די מאַמע ניט געהייסן.—קוקט ס'קינד דערשראָקן אין טאַטנס אַרויסגעקראָכענע אויגן, ווי אַף די ליאַקירטע גאַלקעס.

— וואָס? דערציייל מיר טאַקע...—ציטערן זיינע פֿינגער איבערן קינדס פּענעמל.

— ניין-ניין, כ'ניט דערציילן!

— וועל איך שמייסן.

— אַוועק, אַוועק,—כליפּעט ס'מעזיניקל,—דו אַ מעשוגענער, די מאַמע געזאָגט...

— האַ?!—האָבן זיינע טרייסלדיקע הענט באַפּרייט דעם צאַפּלדיקן קערפּערל.

און אַז עטל איז צוגעקומען מיט דער שיסל מאָגערן קרופּניק, וואָס זעט אויס, ווי ברודיקע וואַסער פֿון פֿאַרווייקטן וועש, האָט ער געשענקט אַ פּויסט איבערן טיש, אַז דאָס נאַפּט-לעמפּל איז אויסגערונען אין טאַנצנדיקע פֿייערלעך. עטלס פֿאַרשטיקטע קוילעס האָבן גערופֿן די פֿיר ווענט איידעס זאָגן אַפֿן פּלוצלונגדיקן ראַש אינעם שטילן לעבן, און די היסטערישע האַווייעס האָט אויזער אויסגעטרייסלט פֿון אירע ביינער, אויסגעקוועטשט פֿון איר האַלדז:

— האַ, אַ מעשוגענער? ענטפֿער!

2

און מיט אנדזשיען האָט ער זיך געטראָפֿן הינטערן שטאָט, צווישן שורעס איינגעזונקענע כאַטעס, ווו זייערע שאָטנס האָבן געבלאָנדזשעט צוגלייך מיט די ציענדיקע רויכן פֿון הויכע פֿאַבריק-קוימענס. מ'ציט זיך צו דער פֿאַבריק, ווו אַ רעמאָנט קומט פֿאָר, ווו פּלעצער אַף אַרבעט זיינען דאָ. אנדזשיי האָט ברייט צעעפֿנט זיינע פֿאַרצויגענע אויגן, די שפּיציק אַראָפּגעהאַנגענע וואָנצעס האָבן זיך אַ דריי געטאָן ווי מייזלשע עקלעך:

— דאַר ביסטו, אויזער? דיין שאַרבן איז דאָך ווי מיט וואַפּנע אויסגעשמירט.

אויזערס געלעכטער איז—קריטשנדיקע קלאַנגען, ווי אייזן אונטערן פֿייל. אָהאָ, צוזאַמען געאַרבעט שיינע יאָרן, אנדזשיי האָט געמויערט, ער האָט געפֿיילט און געלעבט אין דעם פֿעסטן אַכדעס, ווי צעמענט מיט אייזן, דאַרף מען טאַקע דעם גוט-ברודער אויסדערציילן פֿון אַלץ, אַפֿילע ווי אין די כאַלוימעס שטייט ער צווישן באַנדעס קינדער, וועלכע לויפֿן נאָך און שטעקן פֿייערדיקע צינגלעך.

— אָט אַזוי איז עס, ברודער...—האָט ער אָפּגעשטעלט דעם טראָט.—מיט די צינגער כאָטש וואַרג זיך, און דער קאָפּ לאָזט אין שלאָף ניט רוען...

— נו טייערער...—האָט אנדזשיי געטרייסלט אים די האַנט—פֿון קאָפּ קאָן מען אַלע נאַרישקייטן אַרויסשווענקען... קום נאָר מיט מיר!

— ביזט גערעכט!

מ'איז אַרופֿגעקומען אין אַ בוידעם-שטיבל, ווו דער קליינינקער פֿענצטערל ברימט זיך מיט לעבעדיקע בלומען אין טעפּלעך ערד אונטער פּאַפּירענע פֿאָרהאַנגגעלעך, און דורך קליינינקע שייבעלעך זעט מען הויכע קוימענס מיט פֿאַרוואָקסענע שפּיצן סאַזשע, אַזוי ווי זיי וואָלטן וועלן שטעמפּלען דעם קלאָרן הימל. אַ ברייטע פֿרוי אין צעקרימטע שיך וויגט זיך איבערן שטוב, כאַפּנדיק דאָ אַ ביס, דאָרט—אַ שלונג, ווי אַ קאַטשקע.

— הער, אַלמאָנע — האָט אנדזשיי אויסגעלייגט אַ האַנט פֿינגער איבער דער פֿרויס אַקסל—עפֿן נאָר דעם קופּערט און אַהער די גרינע בלעטל...

— אין מאָנאָפּאָל גיי נאָך דער גרינער בלעטל,—האָט די פֿרוי זיך געוואָרגן מיט איר גראָבן קאָל—מיר קומסטו שוין גענוג. און באַ וועמען זאָל איך מאָנען, באַ דער פֿאַבריק ווו דו אַרבעטסט נישט?

— שטילער אַביסל, אַלמאָנע... דעם כוויו וועלן עטלעכע וועקעס פֿיש דעקן!

— גיי-גיי, די פֿיש זײַנען אין טײַך.—זי האָט באַפֿרײַט דעם אַקסל פֿון זײַנע הענט, אַ צי געטאָן פֿאַרן אַרבל אויזערן, וועלכער איז געשטאַנען מיטן אַראָפּגעהאַנגענעם קאָפּ איבערן פֿענצטער, צו די הויכע קוימענס:

— און וואָס טראַכט איר דאָרטן, אַראָפּשלײַדערן זיך אַף דער ערד? איז דאָ נישט דאָס אָרט!

אויזער האָט אַראָפּגעשלונגען אַ פֿולן מויל פֿרישע, באַגײַנענדיקע לופֿט דורכן אָפֿענעם פֿענצטערל—אַז מ'זעט דאָ אַלע באַקאַנטע ווינקעלעך, דעם רעמאָנט אין פֿאַבריק ווו מ'האָט יאָרן געאַרבעט, טאָר מען נישט קוקן, אין אַלדע שוואַרץ יאָר?! דיזעלבע בוידעם-שטיבל, ווו מ'איז אַמאָל געזעסן גאַנצע שאָען באַ אַ גלעזל ביר מיט כאַווירים, אַרומריידנדיק אַזעלכע פֿראַגן צום אויער געסוידעס, און איצט...

— שפּײַ אויס אנדזשיי אין קום!

צווישן די שמאָלע געסלעך פֿלעכטן זיך פֿיס, איילנדיקע טריט פויקן צו פֿײַפֿנדיקע קוימענס, פֿעסטע אַקסלען רײַבן זיך ווי מיל-שטיינער און אַרבעטער-אויגן אַף פֿרישע שורעס פֿון צוגעקלעפּטע פּאַפּירלעך איבער הילצערנע פּלויטן.

אנדזשיי האָט אָנגעטײַטלט אַף קליין פּאַפּירל מיט פֿאַרפלעקטע אויסיעס פֿון אַ האַנט געשריבן:

— נו ברודער, ביזט אַ בעריע איבערלייענען, וואָס דאָ שטייט געשריבן? איך בין אַף די זאַכן אַ קאַליקע.

און מיר פֿעלן די ברילן...—האָט אויזער אויסגעשמייכלט די כאָכמע, וואָס ער פֿאַרגלעט דעם ווייטיק פֿון ניטקענען אויסלייגן אַפֿילע דעם אייגענעם נאָמען.

— זײַנען מירביידע אָפּגעניצטע סכוירע—אַף שמעלץ, ברודער!

פֿאַרבײַגייענדיקע אַרבעטער זײַנען געבליבן שטיין מיט אויסגעצויגענע העלדזער, ווי גענדז, צום פּאַפּירל. איינער מיט אַ פּאָר יונגע, גרויע אויגן, וועלכע זיצן אַרום אַ פֿאַרסאַזשעטן נאָז, ווי צינק אָפּן לייט-אײַזן,—האָט געשאָסן ווערטער אין אוילעם אַרײַן, אַז אינעם קליין צעטעלע ליגט פֿאַרבאַהאַלטן דער וווּנדער, ווי אַזוי מ'קערט די גאַנצע וועלט מיטן קאָפּ אַראָפּ און פֿיס אַרויף.

יונג-געשלייפֿטע צינגער באַווײַזן וואָס זיי קענען, דערציילן סצענעס, שיטן פֿאַקטן פֿון שטרײַק און פֿאַראַט, פֿון פֿאַרזאַמלונג און פּראָוואָקאַציע, פֿון דעמאָנסטראַציע און אַרעסטן פֿון דיסקוסיעס און געשלעגן—איין פֿאַליע קלאַנגען דעקט דער צווייטער אַזוי, ווי כוואַליעס אין אַ צעבושעוועטן יאַם. און אַנדזשיי האָט פֿאַרפעסטיקט אויזערס האַנט:

— זעסטו שוין הײַנטיקע יונגוואַרג? מ'קריגט זיך פֿאַר דער וועלט, אַזוי ווי שכיינים פֿאַר אַ שטיקל פּלאַץ.

— האַק נישט אין קאָפּ!—האָט אויזער באַפֿרײַט די האַנט—לאָז אויסהערן אַ וואָרט...

דער געמויערטער פּלויט פֿאַרצאַמט די קוילעס, אַ פֿײַף פֿון קוימען קלעפּט צו, ווי מיט קישעף, הייסע מײַלער, באַרויקט דעם צערעוועטן אַרום מיט שפּראַך: „אַרבעט“.

אַף דער אויסגעטראָטענער סטעזשקע, צווישן קאָסטרעס ציגל און בערגלעך אײַזנס, איז אַנטקעגן געקומען דער מײַסטער, דער אַלט-באַקאַנטער, וואָס טראָגט דאָס היטל מיטן דאַשעק צום אויער, וואָס די פֿאַלבן פֿון פֿליישיקן נאַז און האלדז ווײַזן, אַזוי ווי באַראָמעטער-שטריכן, דעם דרוק פֿון הייסער שיקרעס און קאַלטער ניכטערקײַט. דער מײַסטער האָט פֿאַריסן דעם קאָפּ, אַ סימען פֿון פֿאַרווונדערונג:

— דײַנע הענט מוזן שוין ווערט זײַן וויפֿל די מיסט פֿון אונטערן נאָגל, אַז זיי קענען אַפֿילע דאָס היטל ניט אַראָפּנעמען?

— אָט האָסטו די פּראָבע!—האָט אויזער אויסגעלאָדן די קויכעס באַם דריקן דעם מײַסטערס „שאָלעם-אַלייכעם“.

— לאָז אָפּ... איז דעם מײַסטערס האַלדז אַזש בלוי געוואָרן, קאָרטשענדיק זיך צום אַקסל,—נישטאָ איצט קײַן צײַט אַף אַזעלכע נאַרישקײַטן... מ'דאַרף, ברודער, אַלע אַלטע

דאַמף-קעסלען שיקן אין שמעלץ-אויוון אַרײַן—מאָטאָרעלעך װעלן זיך שוין אַן אײצע געבן אָן זײ...—און האַסטיק אַװעקגעשפּאַנט.

אין שלאָסער-אָפּטײלונג זשומעט דאָס מאָטאָרל, װי אַ בינען-מאַלקע צװישן שטויב, צעװינטעװעטע פּאַסן שװינדלען רעדער פֿאַר די אויגן, שרויב-שטאַנגען קרעכצן אונטער פֿאַרפֿעטסטע, אָנגעשטרענגטע הענט. אויזער האָט לאַנג געקוקט אַף זײַן אַמאָליקן שרויב-שטאַנג, באַ װעלכן איצט אַרבעט דער באַקאַנטער יוזשיק, װאָס קױפּט אָפּ דעם אינזשעניער מיט כניפֿעלעך, מיט באַטאַמטע מינעלעך פֿון זײַן פֿאַרסאַזשעטן, קײַלעכדיקן פּאָנים, אַזױ װי אַ כײנעװודיקע מײדל. אָהאָ דער יוזשיק, ניט אײנמאָל אינעם לעבן זיך געקריגט מיט אים פֿאַר זײַן פֿאַלשן מויל און פּוסטער גײַװע צו װעלן פֿאַרנעמען אומעטום דעם ערשטן אָרט.

— נו װאָס, כאַװער אויזער,—האָט יוזשיק צוגעפּויזעט מיט זײַנע קורצע פּיס, װאָס אײן טראָט איז געקערעװעט צום מיזרעך, דער צװײטער צו מײַרעװ און פֿאַרבאַהאַלטן אַ בײַסיקן שמײכל אונטער די פּיר-קאַנטיקע געשװירענע װאָנצעס,—ביסטו געקומען אַרבעטן אָדער אַ שטרײַק צוגרײטן? בײדע זאַכן זײַנען איצט נויטיק...

— גײ װײַטער, פֿאַרשטעק די פֿאַלשע צונג צװישן שרויב-שטאַנג, אונטערן פּײַל...—האָט אויזער אויסגעשערעװעט דעם קרומען קאָפּ און צוגעשפּאַנט צום מאָטאָרל.

דער מויעך דרײט אויס שנעל זיכרוינעס, אַזױ װי דער פּאַס באַװעגט פֿלינק רעדלעך, פֿאַרשײדענע צײַטן פֿונעם לעבן קאָפּטשען זיך צוזאַמען, װי דער שטויב פֿון אַלערלײ מינים איבערן פֿענצטער. אַװעק זײַנען יאָרן פֿאַר פֿינצטערע לאָמפּן און אויסגעלײצעטע קױכעס װי פֿון פֿערד, געקומען זײַנען צײַטן פֿון ליכט און קראַפֿט צוזאַמען. אָהאָ, דאָס מאָטאָרל, דער מאַשכיס, װאָס שלינגט אײַן און שפּײַט אויס טויזנטער הענט. דער שלאָסער באַדינט עס, װי אַ מעשאָרעס, נאָר װוּ נעמט מען אַמאָליקע שטײַפֿע, ניט טרײסלדיקע פֿינגער?... זײַן קרומער קאָפּ איז אַלץ נידעריקער אַראָפּגעפֿאַלן צום ברוסט, באַריִרט די פֿליִענדיקע פּאַסן, און יוזשיק האָט אים פּלוצים אַ שלעפּ געטאָן:

— דאָס גײט ניט, אויזער! דײַן מעשוגאַעס קענסטו באַװײַזן מיט אַ שטריקל באַ דיר אַפֿן בוידעם, אָבער נישט דאָ צװישן די פּאַסן און רעדלעך...

אויזערס פֿינצטערער פּאָנעם האָט פּאַמעלעך אַ ציטער געטאָן, װי בלאַטע פֿון פֿראָסט האַסטיק אָפּגעשטויסן דעם קורץ-װוּקסיקן יוזשעקן:

— המ... טרעט אָפּ נאָבילע!

— הײס איך דיר שוין פֿאַרלאָזן די טיר און שטער נישט אַרבעטן...

אַ געראַנגל אַ שטילער, אויסגעקערטע אויגן, אַרויסגעשטיקטע ציגנער, פֿון אַ װינקל באַװײַזן זיך צײן, אַן אַרבעטער-כאָכמע קלינגט: „הער, יוזשעק, דורכן פֿענצטער שלײַדער און—אין קראַנקען-קאַסע”,—דער שװײצאַר איז אַרײַנגעקומען אין סאַמע מיטן:

— אין קאָנטאָר אַרײַן!

באַ די גריבע טישן האָבן אַ װײַלע אופגעהערט קלאַפּן די שרײַב-מאַשינקעס, אַ שטילער ציטער, װי װאַסער-װעלכלעך פֿון אַ לײַכט װינטל איז אַדורכגעפֿלויגן איבער מײדלשע פּענימער, קוקנדיק אין אויזערס צעװאַליעטן פּאָנעם אַרײַן. דער שרײַבער מיטן גלאַנציקן, אַראָפּגעבערענטן שטערן, װאָס זעט אויס װי געפּאַלירטער דעמב, האָט גערעדט קורץ און שאַרף:

— װאָס, אַרבעטן געקומען? טויגט איר נישט פֿאַר אונדז.

— נײן, האָט אויזער אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, נישט אַרבעטן, נאָר—אַ לאַנגער כױװ קומט מיר...

— דאָס װעלן זי ביכער זאָגן.

דער שרײַבער האָט געבלעטערט, געקנײטשט דעם גלאַטן פּאָנעם און אײדל פֿאַרקרימט די ליפּן:

— זײַט אַזוי גוט, וועמען ווילט איר דאָ צום נאַר מאַכן?

דער שווייצאַר האָט רירעוודיק צוגעשפּאַנט צום טיש, געשושקעט דעם שרײַבער אין אויער, אַז דער אַלטער אַרבעטער איז פֿון זינען אַראָפּ און געקומען דאָס לעבן אָוועקפּאַטערן באַם מאָטאָרל, דעריבער דאַרף מען אים מעשאַלייעך זײַן קלוג, מיט אַ צוזאָג, אַז מ'וועט אים אָפּשיקן דעם כויוו אין שטוב אַרײַן.

אויזער איז אַרויס מיט פֿאַרשטײַפּטע פֿויסטן. אָהאָ, די קאָנטאָר, כאָטש נעם און שפּײַ אויף די שפּיגלדיקע פּאָדלאָגעס,—שטענדיק ווערט מען דאָרט באָטל, נאָך אַלע נעכט און טעג, וואָס די ווײַב עטל עקבערט דעם שאַרבן—מ'זאָל מאָנען בײַ דער פֿאַבריק פֿאַר די צעפּאַטערטע הענט, האָט דער צונג אויסגעפּלאַפּלט, געמאָנט אַ לאַנגן כויוו און געמאַכט זיך אַליין פֿאַר די הינטישע שווייצאַרס אויגן פֿאַר אַ מעשוגענעם, טפֿו זאָל עס ווערן! באַם טיר איז שוין פּוסט, נישטאָ קײַן אוילעם, נאָר די הייסע זון בראָט קינדערישע קערפּערלעך, וועלכע באָדן זיך אין זאַמד.

— נאָ, טו ווו זאָל איך דעם לאַנגן טאָג אַהינטאָן? האָט ער בײַ זיך אַליין געפֿרעגט.

ער איז אַוועק צום טײַך, געשפּאַנט מיטן רויקן ברעג, ווו לעם יעדן אויסגעצויגענעם גוף אַפֿן זאַמד שטעקט אַ וועטקע, ווו אַנדזשיי זיצט אָפּגעזונדערט אַף אַ שטיין, אָן אַ זײַט וואַלגערט זיך אום אַן אויסגעליידיקטע פֿלעשל און זײַנע פֿאַרצויגענע אויגן שווימען צווישן אַ נעפּל, ווי שפּאַלטן שײַן בייס די זון הויבט אָן אופֿצוגיין. אַנדזשיי האָט אָפּגעליידיקט אַ שטיקל אָרט אַפֿן שטיין, געבעטן זיצן און אויסגעטרייסלט די וואָנצעס:

— אַ שאָד אויזער, צו שפּעט ביזטו געקומען.—האָט ער אָנגעוויזן אַפֿן ליידיקן פֿלעשל.

— קום, ברודער, אַפֿן גראָז זיך לייגן, ט'מען שמועסן...

— וואָרט-וואָרט,—איז אַנדזשיי אופֿגעשפּרונגען און אַרויסגעשלעפּט די וועטקע מיט אַ צאַפּלדיקן פֿישל—לאָז נאָר אָנפּאַנגען אַפֿן כויוו צו דעקן... נישטאָ וואָס צו גיין אַפֿן גראָז... דער גאַנצער אוילעם פֿון די שווייצאַרניעס ליגט דאָרט אויסגעשפּרייט, אַזוי ווי אַ הײשעריק... די יונגע שרײַען—מ'זאָל גיין מאַכן אַ טומל איבערן גאַס און מאָנען אַרבעט... אַז מ'עט גיין, ט'מען זען, וועלן מיר זיך אויך נישט אָפּזאָגן!

— קום זשע שוין! האָט אויזער פֿאַרפֿעסטיקט די וועטקע איןביידע הענט—די פֿיש פֿון טײַך וועלן ניט אַנטלויפֿן.

— אָבער ברעך נישט—האָט אַנדזשיי זיך געבייזערט.

ער האָט אויסגעגראָבן מיטן אָפּצאַס אַ לאַנגן גראָבן אין ווייכן זאַמד און פֿאַרשאָטן די וועטקעס, פֿאַרבאַהאַלטן זיי אַף אַ צווייטן מאָל.

איבערן גראָז פּויזען אַרבעטער אַפֿן בויך, קוילעס לאָזן זיך קוים-קוים אָפּקלינגען באַם ענדע הימל:

— דעם ראַטוש אַרומרינגלען...

— אַרבעט זאָל ווערן.

אויזערס ברום האָט דעם גאַנצן אַרום פֿאַרשלונגען מיט ווידערקלאַנגען:

— הא, גענוג אײַך דאָ צו קײַען גראָז, קומט, מירן גיין נאָך ברויט, היידא!

דאָ איז אויסגעוואָקסן אַ צעמישונג צווישן אוילעם:

— וואָס, מ'גייט שוין? זאָג נאָר.

— דו ביזט בלינד?!

— ברויט, ברויט!

אַ טומל פֿון קריטשענדיקע ציין, אויסגעקנאַקטע מוסקולן פויקן, שווערע טריט שטעמפּלען גלײַכע שורעס, פֿון פֿיר פאָר פֿיס אין איין ראַנד, יונגע מײַלער רופֿן מיט וועקנדיקע ווערטער, אַף וואָס אוילעם ענטפֿערט אָפּ צוזאַמען, אַזוי ווי „אָמיין”. אַנדזשיי האָט אופֿגעהויבן אַ שטיין פֿון דער ערד, צוגעטראָגן אויזערן אין די אויגן אַרײַן:

— שויבן פֿון ראַטוש וועלן בײַ מיר לייזן, ברודער, ביז איינער וועל איך צעברעכן!

— הער, דו אַלטער אײזל, פלאָנטער ניִשט די פיִס!—האָבן קוילעס איִם באַפאַלן.

מ׳גייט שנעל צוויִשן כמאָרעס שטויב,—ברוק-שטיינער הויבן אָן ריידן, איִן די סקווערן און גערטנער וועקן זיִך דריִמלדיִקע נעזער אף פויסטן, פונעם פיִרקעפיִקן צוג ווערט אַ מענטשן-קנויל, ווערט אַ געוויִרבל פון געשרייען. דער ראָג—פאָליִצאַנט מיִטן געקע-רעוועטן שטעקעלע, וויִ אַ קאַפעלמייַסטער, איז נעלעם געוואָרן, איִבערגעלאָזן צעדרייטע שורעס וועגענער מיט צעבונטעוועטע פערד און ווייַבערשע קוויִטשעס צוזאַמען, ביִז ס׳האָבן זיִך באַוויִזן צעווינטעוועטע שווערדן איִנדערלופטן.

— אַנטלויפט! האָבן זיִך פאָליִציייִשע געמבעס געשטיִקט אונטער פאַרשטייַפטע היִטל-פאַסיִקעס.

— אַפן אָרט!—ענטפערן אָפ קוילעס.

אַ געלאַף. ענגע גאַסן און שמאָלע טויערן שטיִקן אויס ווייַבערשע, היסטעריִשע אָטעמס, אָנגעצונדענע מאַנסביִל-אויגן בליִצן אַנטקעגן שפיִגלדיִקע סאַבליִעס, יונגע קעפ-האָר באָדן זיך איִן פאָליִצעישע, שווייסיִקע הענט. אויזער האָט צעשפרייט אָרעמס, געוויִל-דעוועט אַף רעכטס און ליִנקס, פאַרהאַלטן צעטשוואַלעוועטע פיִס, צעפליִקטע הענט, ביִז זיי האָבן באַ איִם די ברודיקע העמד צעפליקט און אומגעוואָרפן מיִט איִמפעט, אַז זייַנע נעזולעכער האָבן פאַרבלוטיִקט דעם ברוק. פאָליִציי איִז געבליִבן שטיין, באַשפריצט מיִט צעבלאָזטע נאָזולעכער די פאַרשטויבטע שווערדן, באַקוקט אַ ווייַלע אויזערס גרוי-באַדעקטן שאַרבן אַפן פאַרויכערטן פאָנעם, וואָס זעט אויס וויִ שוים איִבער אַ קאָכיִקן טאָפּ, זייַנע אויסגעקערטע אויגן און פיִבערדיִקע הענט, וויִ באַ אַ כוילע-נויפל.

— מאַרש פון וועג! האָבן זיי מיִט פיִס אָפגעשאַרט די אַלטע ביינער איִן רינשטאָק אַרייַן.

אויזער האָט מיִטן ריִנשטאָק-וואַסער געשטיִלט די היִץ פון פאָנעם. אנדזשיי איז צוגע-קומען מיִט אַ צעשפיִליִעט האַרץ· מיִט אַ פרעמדער היִטל אַפן קאָפּ.

— קוק נאָר,—האָט ער אָנגעטייַטלט אַף דער מאַכנע אָוועקמאַרשיִרטן יונגוואַרג, באַ-גלייט דורך שפיִגלדיִקן געווער·—די יונגע מאָגנס פיִרט מען פאַרשטאָפן מיִט פאַרטיִקן ברויט און פאַר אונדז, אַלטע, האָבן זיי איִבערגעלאָזט די שטיינער צו גריִזשען, איִן זייער מאַמע אַרייַן!

.3

איִנדרויסן איִז נאָך געלעגן טוי איִבער דעכער און אויזער האָט זיִך שוין ארומגעדרייט לעם פאַבריִק — יוזשעקן אויסגעקוקט. יוזשעקן מוז ער איִצט באַגעגענען, ניִט אַף קריִגן זיִך מיִט איִם, נאָר וויִ אַן אַלטן באַקאַנטן וועגן אַן אָרט צו אַרבעטן. אָהאָ, דער יוזשיִק מיט די כניִפעלעך קאָן אַלץ פויעלן באַם איִנזשעניער! איִנעם קעלער ליגט דאָס ווייַבל עטל מיִט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ, ער איִז אויִך פון בעט ניִשט אַראָפּ שוין אַ פאָר טעג, זיִנט מ׳האָט איִם צעהאַרגעט באַם טומל אַפן גאַס, דאָס מעזיִניִקל פויעט אַרום אַפן אָרט, ווו די שפייַז-שאַפקע איִז געשטאַנען און וויינט, מאָנט: „טאַטע, ווו איִז די שאַפקע, כ׳וויל עסן...״ נו. איִז אַראָפּ אַלע טייַנעס — יוזשעקן דאַרף מען זען.

און אַז יוזשיִק איִז צוגעקומען פאַרלייגט די הענט אָפהיִנטן, האָט ער אַ פריילעכן, ״שאָלעם-אַלייכעם״ דערלאַנגט מיִט אַ בייַסיִקן שמייכל:

— נו, כאַווער אויזער, דו ביזט געקומען דעם ערשטן נומער אופהענגען איִן שוויי-צאַרניע?

— דאָס פייַנסטו זיך אויס צו זייַן שטענדיִק דער ערשטער, — האָט אויזער געפאָכעט אַ האַנט, — דערווייַל אַרבעט איך ניִשט איִן פאַבריִק און געקומען ביִן איִך צו דיִר, מע-נוּוול איינער, קום אַביִסל, ס׳איִז נאָך גענוג פריִ, ט׳מען שמועסן...

— אַ שנאַפּס ט׳זײַן? גיי איִך!—האָט יוזשיִק גײַוועדיק פֿאַרזשמורעט זײַנע כיינעוודיִקע אויגן.

— דו טריִנקסט דאָך ניִשט!

מ׳האָט זיִך אָנגעשפּאַרט אָן ראָג פלויט פֿון צוויי גאסן צונויפֿגעקניִפּטע, זייער צוויִליִנגשאָטן האָט איידעס געזאָגט, אַז כוץ זיי ביידן איז דאָ קיינער ניִשטאָ. אויזער האָט זײַנע טרייסלדיִקע פֿיִנגער יוזשיִקן צו דיִ אויגן אונטערגעטראָגן:

— אָט האָסטו זיי, דערקענסט?!

— איִך דערקען ניִשט דײַנע פֿיִנגער, — האָט יוזשיִק ארויסגעפּלאָסן, וויִ אַ שטיִק גיִפּט פֿון מויל, — זיי זײַנען הײַנט געוואַשענע, ריינע, וויִ באַם ראָוו, ניִשטאָ קײַן סימען פֿון שלאָסערשן פּעטס...

— שווײַג, האָט אויזער איִבערגעשריִען — דו געדענקסט נאָך גוט אַמאָליִקע יאָרן, ווען מ׳האָט ביידע צוזאַמען געפּויזעט גלײַך מיִט די שפּיִנען איִבער פֿאַרוואָקסענע טראַנסמיסיעס פֿון שפּיִנוועבס, האָבן מיִר איִן יענע צײַטן געטײַנעט איין זאַך, אַז מ׳דאַרף וועבן נעצן, וויִ דער שפּיִן, צו פֿאַנגען בײַכיקע כעוורע-לײַט, אַזוי וויִ פֿליגן, איצט זײַנען שוין בא אונדז דיִ קעפּ גרוי, וויִ מיִט פּיִלענעס פֿון אונטערן פֿייל באשאָטן, און אונדזערע לערן-ייִנגלעך קערעווען גאָר אַנדערש מיִטן הענטל פֿון שרויב-שטאַנג: רעכטס אָדער לינקס — צוויי מײַלער אַף איין בײַסן, — זײַנען מיִר צוליִב דעם טאָקע געוואָרן באַזונדערע מענטשן און שווער איִז אויסקומען צוזאַמען, אַזוי וויִ מ׳וואָלט אונדז אַוועקגעשטעלט לעם אַ וואַקלדיִקן שטאָב-אײַזן צו פֿײַלן פֿון ביידע עקן! גוט, אַז כ׳וועל אָפּיִלע צעשפּאַלטן דײַן שאָרבן, ט׳מען סײַ-וויִ-סײַ ניִט קענען איִבעראַרבעטן דײַן מויעך, ער זאָל פּונקט דאָס אייגענע פאַרשטיין, וואָס מײַנער, אָבער לייקענען ס׳טו דאָך קיינמאָל ניִשט דעם ווייטיק פֿון פֿיִנגער געוויִנטע צו אַרבעט, ווען זיי אַרבעטן ניִשט, נו, טאָ בעט איִך דיִך, ווי אַן אַלטן באַקאָנטן, זאָלסטו מיִר מאַכן אַן אָרט באַם שרויב-שטאַנג..

— האָ-האָ!—האָט יוזשיק פֿאַריִסן דעם קאָפּ וויִ אַ צעפּודעטער פֿערד — איִך זאָל דיִר שטעלן בא מײַן שרויב-שטאַנג און דו וועסט מיִר נאָכדעם שיִקן טפּיִלעס זאָגן? ניין, דאָס גייט ניִט כאַוועך... מיט אַזעלכע וועגן ס׳טו פֿיִרן אַ ווײַב איִן בעט ארײַן. — פֿאַרקערעוועט דעם שאָטן צו דער שווייצאַרניע, און אויזערס האַנט איִז איִבער זײַן האַלדז געלעגן.

— שטיי בעהיימע! דער שרויב-שטאַנג בלײַבט פֿאַר דיִר, דײַן צונג וויִל איִך אויך נישט אַרויסשלעפּן אַף דער זײַט און אַ האַנט פֿאַר אַוועקגאַנג מעגסטו ארײַנשטעקן! געזעגנט זיך שטום, ניִשטאָ מער קײַן ווערטער פֿאַר צוויי באַזונדערע הערצער, ווען איינע שטראָמט פֿול-בלוטיִק פֿון אַרבעט און גדולע, און דיִ צווייטע — פֿליסט פּאַוואָליִנקע, אָן מוט, איִן ענגשאָפּט, וויִ אַ שמוציקער ריִנשטאָק...

ער האָט צוגעשפּאַנט צום פּלומפּ, וואָס שטייט איִנמיטן גאַס, פֿאַרשטאָפּט דעם מויל מיִטן קראַן, געשווענקט מיט קוואַל-וואַסער דיִ ליידיִקע קיִשקעס.

„האַ, איִן קאָנטאָר מאַכן זיי פֿאַר אַ מעשוגענעם, פּאָליִצײַ טרעט אונטער די פּיִס, און יוזשיִק בײַסט גלײַך פֿאַרן גאָרגל, ווי אַ וואָלף אַ פֿערד; איִן אַלדע שוואַרץ יאָר״.

דיִ באָרוועסע ווײַבער. וועלכע האָבן זיִך געײַלט מיִט ליידיִקע עמער נאָך וואַסער — קעדיי צוגרייטן עפּעס געקעכץ דיִ מאנען, איידער זיי גייען איִן פֿאַבריִק — האָבן ניִשט געקענט צוקוקן, וואָס אויזער שפּיִלט זיִך מיִט קראַן איִן מויל, וויִ א קינד מיִט אַ סאָסקע, באַטראַכט זײַנע פֿאַרבלוטיִקטע אויגן פֿון אַ שיִקער, און איינע האָט אים דרייסט פֿאַרן האַנט אַ שלעפּ געטאָן:

— טרעט אָפּ פֿון פּלומפּ, אַלטער שיקער, טריִנקסט וויִ אַ מאלפּע, ליִגסט גאַנצענע נעכט אַפּן ברוק און נאָכדעם קומסטו דאָ דיִ פּאָסקוסטווע פֿון מויל אויסראַמען? ווײַבער שטעכט איִן דיִ פּלייצעס דאָס שיִקרעס׳ ניִשט איינמאָל געקראָגן קלעפּ פֿון שיִקערן מאַן׳

שלעפנדיִק איִם פֿוּן ברוּק איִן שטוּב אַריַין, האָבן זייערע מיַילער געשאָטן, אַזוי ווי דיִ אַווײַרעס באַם ספּאָוועדז, געשאָטן נעמען פֿוּן שענקלעך-באַלעבאַטיִם — אוּן אויזער האָט זיִך אדוּרכגעשיַיערט צוויִשן זיי, אַזוי ווי אַ דערשראָקענער האָז צוויִשן קוּסטעס:

— א, ניִט געדאַכט זאָלט איִר ווערן, שעדיִשע מיַילער!

לעם שוויַיצאַרניִע איִז פוּסט, דער פֿאַבריִק-קוימען פֿלעקט דעם קלאָרן היִמל מיט שוּרעס רויך, אַזוי ויִ ער וואָלט געשריִבן אָ פֿריִשע בלעטל פֿוּנעם טאָג-בוּך, אַרבעטער פֿיס פֿאַרשוויִנדן מיִטן וויִנט פֿוּן טיִר.

— האַ, ביִשטאָ קיַין אוילעם, אוּן ווּ איז עס אַנדזשיי?

פֿוּן ניִדעריִקע כאַטעס קריִכן אַרויס צעקנייטשטע פּעניִמער, איַינגעהויקערטע פּלייצעס. באַגעגענען איינער דעם צווייטן מיִט אַ ברייטן „גוּט-מאָרגן" מיט איינער אוּן דערזעלבער פֿראַגע:

— גייען מיִר צוזאַמען?

מ׳גייט איִן וועג, מיִט אַרבעטלאָזע קאַרטעס איִן בוּזעם, — אַף דיִ ליִפּן טריִקענען זיִך שוּפּן פֿוּן מאָגערן הערינג, איִן דיִ אויגן בלאָנדזשעט דער אוּמרוּ פֿוּן אויסגעכאָלעמטע נעכט. איִן ווּהיִן ציִט דער פֿרימאָרגן? אָט דאָרט, צוּ דער שטאָט-געביַידע פֿאַרכאַפּן אַן אָרט איִן דער לאַנגער ריי, וואָס וואַקסט פֿוּן טאָג-צוּ-טאָג נאָך אָ געשטעמפּלטער נעדאָווע... טיַינעס פֿעלן ניִשט: „וואָס טויגן מיר אַלע קוּנצן, אַז דער ראַטוּש האָט אָנגעוואָרן דיִ פּליוּדערן, וויִ אָ פֿאַרדאָסטער פֿאַבריִקאַנטל, אוּן רעדוּציִרט" — הויבט אָן איינער. מ׳שמוּעסט פֿוּן אַרבעט אוּן רעדוּקציע, אָהאָ דיִ רעדוּקציע... דער כאַלעף אַפֿן האַלדז, די קייט אַף דיִ הענט, אוּן וואָס טוּט מען? כאָטש נעם אַף זיִך אָפּליידיִקן אַ שטיק ברוּק אוּן אַראָפּטריַיבן דיִ פֿעטע היִנטנס פֿוּן ראַטוּשעס בענקלעך...

אויזער איִז נאָכגעגאַנגען שטיל, מיִט אַראָפּגעלאָזענע אויגן צוּ דיִ פֿאַריִסענע שיִך-שפּיִצן, געשפּאַנט איִבערן מיִטן ברוּק, אַזוי ויִ אַ ניִקאָלאַיעווער סאָלדאַט, ביִז ס׳איִז אויסגעוואַקסן די לאַנגע מענטשן-קייט. אַרבעטער שטייען איִן שוּרע, איִן רעדלעך, שאָטנס ביַיטן גיִך דיִ ערטער, אַזוי ויִ אַן אָנגעזאַמלטע מאַכנע וואָראָנעס, דער אויסגעוויַיסטער אַרוּם רוישט, ויִ אַ מויער-קאָפּ, אוּן אַנדזשיי טוּמלט צוויִשן אוילעם, אַז דער ראַטוּש הייסט זיִך האַלטן מיִט דער אַרבעטלאָזער קאַרטע, ויִ אַ קסיאָנדז מיִטן טיִליִם. אַנדזשיי האָט איִם באַגעגנט פֿריילעך, מיט דער פֿרייד פֿוּן אַ האַרציקן גוּט-בּרוּדער, אוּפֿגעהויבן דעם היִטל-דאַשעק פֿוּן נאָז, באַוויזן דיִ פֿאַרטריִקנטע וווּנד, ווי אָ געגדזן-גריִבענע אַפֿן שטערן — דער פֿאַרבליִבענער צייכן פֿוּנעם טוּמל אַפֿן גאַס, באַ וועלכן מ׳איז צוזאַמען געווען — אוּן לאַנג געדריִקט דעם „שאָלעם-אָלייכעם":

— דיַין האַנט איִז דאָך קאַלט ויִ געפֿרוירן לײם.

— קיַין יוּנגערמאַנטשיִק ביִן איך שוין ניִשט! — האָט זיִך אויזער פֿאַרענטפֿערט, באַקוּקט דעם אָנגעזאַמלטן אוילעם, ויִ אַף אַ שיינער לעוויַיע אוּן אויסגעטרייסלט אָ האַנט:

— אָבער וואָס איִז דאָס היַינט פֿאַר אַ יאָנטעוו?

— פֿרעג ניִט, בּרוּדער... — האָבן באַ אַנדזשייען דיִ שפּיִץ-וואָנצעס אויסגעוויִקלט קריַיזן איִבער דיִ באַקן, אָנגעטיַיטלט אַף אַ פּעקל מענטשן מיִט איַינגעהויקערטע רוּקנס: אָט האָסטוּ דעם ראַטוּשעס קעסט-קינדער... מיִט אַ פֿלעשל ס׳טוּ שוין אָזאַ איינעם ניט פֿאַרשלעפּערן. אוּן לאַנג קיַין אָפּגעשיילטע הויט פֿוּן אויסגערוּטע דלאָניעס קענען זיי ניִשט — אַרבעט מאָנט מען!

באַ איִם האָבן געפֿיִנטלט צוויי בלויע אויגן, קלאָרע ויִ געבלויטע וועש, ניִשט פֿאַר-צויגענע פֿוּן שיקרעס, נאָר טריִפֿנדיִקע פֿוּן אָגמעס-נעפֿעש. אָט וויַיזט זיִך דוּרכן פֿענצטער אָ פֿאַרבּרוּינטער שאַרבן, ויִ אַ געברענטער ציִגל, אַ געפֿאַלבעוועטע האַלדז, ויִ אַ געזימס, ווערטער כאָרכלען פֿוּנויבן אַראָפּ, אַז אַרבעט ליִגט צוּגעגרייט איִן כעזשבן, אוּן אוילעם ענטפֿערט אָפּ מיִטאַמאָל, פֿוּן אַלע עקן: „דעם כעזשבן זאָל אוּנדזער דעלעגאַציע באַרעכענען!"

— א ד-ע-ל-ע-ג-אַ-צ-י-ע !—טומלט אַנדזשיי און אוילעם כאַזוערט איבער הויך אין הימל אַריַין.

דורכן פענצטער ווינטעוועט זיך אַן אויסגעפּאַשעטע האַנט ווי א פולע זאַנג:

— אָרדענונג! נאָר געדולד.. די פלאַנען וועלן פאַרטיק ווערן...

— די פלאַנען ליגן אַף פאָליצעס פאַר מיַין!—רייסט איבער דער אוילעם.

אַ גערודער, פון פענצטער פליען שטרענגע פאַרזאָגן: „דעם פלאַץ אָפרייניקן!“ אוילעמס צאָרן ברענט אין די אויגן, אַרבעטער-נעקאָמע קנאַקט אויס מוסקולן. דער טעלעפאָן קלינגט, טריט פויקן, טירן רודערן, און יונגע קוילעס האַמערן דעם אַרום:

— אונדזער קאָנטראָל!

— אַרבעט, אַרבעט!

אַ מיש-מאַש פון געשרייען, פאָליציישע פויסטן ווילדעוועט, זייערע נאָזלעכער שמיַיסן מיט הייסע שטראָמען, ווי באָד-שפריצערס, גלאַנציקן געווער ניקלט די זון, רויטע צורעס שווימען אין שמוציקן שווייס, ווי ציבעלע שאָלעכץ אין פאַמאַיעס, און ליפּן שוימען, ווי געקאָכטע וורשטלעך:

— ליידיקט אָפּ — מאַרש פונדאַנען!

אוילעם רירט זיך פון אָרט נישט — קעפּ איבער קעפּ, ווי קוסטעס שוועמלעך, אָנגע-צונדענע אויגן באַלייַכטן דאָס פינצטערניש פון שטויב. צעעפּענען מיַילער אָנגעווירענע ציין, טיַינען: „אָט איז שוין נישטאָ מיט וואָס ברויט צו קיַיען, אַף וואַסער אַליין האָט די פאַבריק געגעבן פאַרדינען און איצט האַלט מען זיך מיט דער רויטער קאַרטע, ווי אַ קאָשערע מיידל מיט בסולים?“ אַ ריידעריַי פון שלעסער, האָצקענדיקע ריַיטער וויגן דעם שיַין פאַר אויגן, שפּאַלטן די זון מיט בליצן פון בלויזע שווערדן. סאָפּנדיקע פערד טרעטן סטעזשקעס צווישן איַינגעהויקערטע, טרוקענע גופים, אַזוי ווי דורך סטעפּ-גראָזן געמאַרשירט, — אויסרופן שלינגען דעם אַרום פון באַזונדערע זיַיטן:

— אָנאַזיַיס, כאַווערים, אַ דעלעגאַציע איז שוין אויבן!

— מ׳נארט איַיך — אַ שפּיצל פון סאָנים!

אַ מעהומע, שויבן טרעשטשען, הענט מיט פיס געפלאָכטן, קעפּ און ביַיכער געזונקען, פעטליעס האָר אַרום שטיין געוויקלט. אויזערס קערפּער פיבערט, די אויגן זיַינען אויסגע-קערט — רויט-צעגליטע רייפלעך, ווי ראָד-שינעס באַם קאָוען, די אָרעמס צעשפּרייט ווי אַ קרייץ איבערן אוילעם:

— פאַרשפּילט נישט! אַף דלאָניעס ט׳קיַין פאַרטיקער ברויט ניט וואַקסן!

פּערעץ מאַרקיש.

# סאָרצ׳יס אָפּשטאַם.*)

## 5־טער קאַפּיטל.

פֿון דאָרף „ניט געדרײַגעט“ מיט פֿעלדער ווי דלאָניס,
פֿון פֿעלד „ניט געדרײַגעט“ פֿאַרזייטן מיט יאָך;
ציט זיך אַ וועג צו די אַלטע קאָלאָניעס,
וואָס בליִען און וויאַנען שוין צענדליקער יאָר.

ציט זיך אַ וועג איבער נאַקעטע פּלאַכן,
ציט זיך אַ וועג איבער אומעט און ווײַט;
שטיל איז דער וועג און די ווײַט איז דאָרט וואַכיק
— יאָרן באַגראָבן אין וועג און פֿאַרטײַעט...

באַ זײַט רוען בערגלעך באַ זײַט שלאָפֿן קוואָרים,
און ס׳היט דאָרט אַ ווינט זייער סטעפּישן רו;
פּויערים אַלטע—פֿון אָרעמער אָרעם
און פּאַרטיזאַנער פֿון שלאַכט און פֿון רום.

שפּרייט זיך דער וועג און סע שפּרייט זיך דער אומעט,
ער שפּרייט זיך, דער אומעט, פֿאַרטרויט און געטרײַ;
און דורך אָט דעם וועג איז אַ מיידל געקומען
— אַ קאָמסאָמאָלקע אין יישעוו אַרײַן.

פֿון דאָרף „ניט געדרײַגעט“ מיט פֿעלדער ווי דלאָניס.
פֿון פעלד „ניט גערדײַגעט“ פֿאַרזייטן מיט יאָך
ציט זיך אַ וועג צו די אַלטג קאָלאָניעס
וואָס בליִען און וויאנען שוין צענדליקער יאָר.

עס האָבן געלעבט דאָרטן פּויערים-ייִדן,
דעמבענע ייִדן, ווי ווינטן אין סטעפּ;
— האָט עפּעס באַזאָרגט דען? האָט עפּעס פֿאַרהיט דען —
די ווינטיקע שטאַרקע די דעמבענע קעפּ?

ג׳וועזן זײַנען יאָרן, ווי נאַכלע—געפּאַסיקט
יערעלעך—יאָרן פֿון אויס און פֿון אײַן:—
זיבן—אין כיידער, דרײַצן—געפּאַסטעכט,
פֿינף און צוואַנציק—דעם קייסער געטרײַ.

און נאָכדעם—די ערד און דאָס פֿעלד און די פּלאַכן,
און נאָכדעם—באַם אַקער מיט גרויענקע קעפּ.
און נאָכדעם—געביטן די יאָרן אָף פּאַכעד׳
און נאָכדעם—מיט ביינער פֿאַרזייעט דעם סטעפּ.

*) פֿון דער פּאָעמע „ניט גערדײַגעט“.

מיט שווייס מ'האט געאַקערט. מיט שווייס מ'האָט געזייט דאָרט
מיט פערד און מיט בעהיימעס באַגלייך זיך געגערט;
עס האָבן די טאַטעס און ס'האָבן די זיידעס
דאָרט יאָרן געזעלנערט פאַר יעדן שפּאַן ערד...

און קינדער געבאָרן אַף העפקער פון פעלדער,
און קינדער געכאָוועט פאַר סטעפּ און פאַר שווערד;
און דוירעס נאָך דוירעס און וועמען ס'געפעלט דאָ—
איז—קום און פאַרלאַנג דאָ, איז—קום און באַגער!

און ווען—צו דער כופּע און ווען—צום בייסאָלמען,
איז האָט מען געטראָגן, איז האָט מען געפירט;
נאָר סאָרצי ז'דיי ייִנגסטע, די ייִנגסטע פון אַלע,
איז האָט זי אַף פעלדער געפּיטערט דאָס פּי.

אַ בייטש און אַ טאָרבע, אַ ליד פאַר די לעמער,
אַ ליייוונטן העמד אַ פאַרלאָזטס ביז דער ערד;
און גרויע צוויי אויגן און שוואַרצע צוויי ברעמען,
און וואָס דאַרף מען דען אַף די פעלדער נאָך מער?

איז ווער איז איר טאַטע? אַ טאַטע! גיי טרעף אים,
זיי זיינען דאָ אַלע ווי איינער און גלייך;
באָרוועס די פּיס און די העמדער—צעעפנט
ב'פון צווישן די בערד אַזאַ שמייכל זיך לייכט.

ס'רופן דאָרט פויערים אַלע זי:-טאָכטער!
ס'זאָגן דאָרט פויערים אַלע איר:—דו
סאָרצעניו, סאָרצעניו, כאַפּ נאָר אָט דאָרטן,
סאָרצעניו, כאַפּ דאָרט אַ קוק אַף דער קו!

איז האָט מען געמערט זיך, געבאָרן באַ ייִדן,
איז האָט מען געפּאָרט זיך מיט ערד אין געטראַנק;
— ווערסנע—געזייעט, זומער—געשניטן
אָסיען—אין שייער געפירט מיט געזאַנג!

און זיס זיינען רעגנס, און ליב זיינען ווינטן,
און דאָ אינעם האָרץ איז אַ פּאשע צעגרינט;
נו איז אין לאַנגן געקאָוועטן ווינטער
האָט מען געבאָרן די טעכטער און זין.

זיינען די זין אַף מילכאָמע געגאַנגען,
וואָקסיקע זין ביז די דעכער די הויך;
זיינען קאָלאָניעס מיט טרויער באַהאַנגען
זיינען די פעלדער פאַרצויגן מיט רויך.

ס'קומען קיין בריוו פון די זין שוין ניט אָן מער.
ס'קומען קיין גרוסן... מע ווייסט שוין אַליין..
אין שטיבלעך—געוויין, און אין שטיבלעך—געיאָמער
— סאָסנענעס אונדזערע, ווינד איז און וויי!...

העפּקער די פֿעלדער און העפּקער דאָס דאָרף איז,
העפּקער דער טאָג און די נאַכט איז אין פּאַכעד..
לויפֿן די ווינטן אין סטעפּ אַרום באָרוועס,
— באָרוועסע ווינטן אין שוואַרצע פּאַפּאַכעס.

און דאָרף ווערט געווירע און זקיינים פֿאַרלאָטען
די אַלטינקע אויגן מיט שטיקלעך הימל;
עס טרייסלען די בערד ניקאָלײַווער סאָלדאַטן:
— אויס ניקאָלײַקע,—צעטראָגן זיך שטימען.

— „צו פֿינעף און צוואַנציק”—דערמאָנען זיי - פֿעסטע,
יאָרן, ווי זילבערנע קאַרבן—פֿאַרקײַקלט,—
פּונקט ווי אַן אַלטן אַזאַ גמילעסכעסער,
וואָס פֿירערים האָבן פֿאַרטרויט ניקאָלײַקען!

ס'פֿעלן די דעמבענע זין אין די דערפֿער
ס'פֿעלן די „פֿינעף און צוואַנציקערס”.—קלאָרע...
עמעץ אַף וועגן דאָרט פֿאָרט און פֿאַרקערוועט,
פֿאָרט מען דאָרט איבער אַ ישעוו מיט יאָרן...

איז שוין דער פּאַכעד געוואָקסן אַף פֿעלדער
זיצט שוין דער טויט דאָ אַף דעכלעך פֿאַרקלערט...
ס'האָבן זיך באַנדעס צעהוליעט צעוועלטיקט,
עס האָבן צעפּאָכעט צעהירזשעט זיך פֿערד...

עס האָבן אַף דניעפּ זיך געריסן די בריקן,
און וועגן געהאַקט, מ'האָט געהאַקט זיי, ווי הענט;
געגאַן איז מאַכנאָ און געגאַן איז דעניקין,
און דער האָט געצונדן, און דער האָט געברענט...

שליסן זיך איבער די וועגן מיט וועגן,
— ווו מע וועט קומען,—איז קומען אַף גרייטס;
ס'האָבן די דערפֿער געברענט שוין אין געגנט,
ס'האָט שוין דאָס קאָרן געברענט און דאָס ווייץ.

ס'זײַנען שוין דערפֿער געלאָפֿן צו דערפֿער
און אַלע ווי טשערדעס פֿאַרטריבן אין שרעק;
און מע גייט און מע ווייסט ניט—אַהין צי אַהער
און סע שלײַפֿט ווי אַ שווערד זיך דער איינציקער וועג...

אין גאַס שטייט אַ וויגל. ס'פֿאַרגייט זיך אַ זויג-קינד,
אַ מאַמע לויפֿט אַן מיט אַ קינד מיט אַן אַנדערס;
עס טריפֿט איר פֿון בלוטיק—דערשראָקענע אויגן—
...קלאָר-ווײַסע ציגעלעך... ראָזשינקעס... מאַנדלען...

— וואָס פֿאַר אַ ראָזשינקעס? וועלכע מאַנדלען?
— אַוועלכע קלאָר-ווײַסע ציגעלעך? שטיי נאַר!...
מע האָט אַפֿן וועג ערשט געהאַרגעט איר מאַן דאָ
און בלײַבט באַ דעם וויגעלע שטיין אָרט פֿאַרשטיינערט...

אין וועג איז דער טויט און די היים איז קיין היים ניט,
און לינקס—זיינען ראצכים און רעכט—איז א באנדע;
פון אומעטום יאגט מען און אומעטום—איימע,
— וואס פאר א פינצטערע ראזשינקעס... מאנדלען?...

איז מען געקומען צוגיין אין קאלאניעס,
איז מען געקומען מיט שווערד און מיט האק;
— ווער ס'האט א הויט נאך א לעצטע-טו אן עס,
און זיך צעוועגן מיט שטוב און מיט זאק!

און ס'טוקן זיך אויגן און אטעמער טייען,
און ס'גיבן זיך יארן ווי דעמבעס א בראך;
— מאמעס מיט קינדער און קינדער מיט שרייען
פארזאמלט מ'האט אלע פון דא און פון דארט...

רייטער אף סטעפעס און סטעפעס—צעבלייערט,
און פיקעס צו הימל—קאפויר מיט די יאר;
און צו דעם גרעסטן דעם דארפישן שייער
אדורכגעפירט האט מען די יידן פון דארף.

— נו איילט זיך! א סכאד! שוין א קאפ אף א קאפ איז.
און אלע זיך איילן, און קיינער זיך ווערט...
שוין אלע פארטריבן איניינעם אין שאפע,
ארומגעקרויזט האבן זיי רייטער אף פערד.

— אזוי, ווו זיינען לאפעטעס? ווו זיינען קאסעס?
עס גיט זיך די שאפע אין שוידער א ריר...
און ס'האבן די ראצכים מיט גאז זי באגאסן
און אונטערגעצונדן פון זייטן פון פיר...

האט שאפע א פלי געטאן פלאמיק אין פייער,
האט שאפע א טאג מיט א נאכט דארט געברענט;
נ'אף לעצטן געווארג און געשריי און געהיילן
זיך האבן א בראך געטאן פלאקערדיק ווענט.

נאר איינער געפעלט האט. ווער? סארצילעס טאטע!
די פויערים-שכיינים אים האבן פארהיט:
זיי האבן פאר מערדער געטיינעט, געטייטלט:
— ס'איז פונקט ווי אן אייגענער... גארניט קיין ייד...

עס האבן אים ליב געהאט גויים פון יישעוו
זיי האבן אים שטענדיק געשמייכלט מיט טרייסט:
— דיך ט'מען ניט ד'רהארגענען קיינמאל ניט, זישע,
ביזט ניט קיין זשיד,— א יאווריי ביזט, פארשטייסט?

דארפישע פערד אונטער שטאטישע זאטלען,
פירט מען די פערד און מע קוילעט דאס פי;
נאך מיט א פלאקער... דער לעצטינקער אטעם
טראגט זיך ארום פון פאוויט צו פאחיט.

סטעפּעס—צופֿוסנס און סטעפּעס—צוקאָפּנס
אָפּגעמאָנט האָבן די ברויסן געטריי—
אינמיטן דעם דאָרף—פֿון דער הילצערנער שאָפּע
— אַ באַרג מיט פֿאַרברענטע מיט שטיוול און בליי,

מיט דאַשיקעס גלאַנציק—לאַקירטע און טריבע,
מיט קאַנטן פֿון אַלט—ניקאָלייעווער סאָלדאַטן;
מיט פּושקעס פֿון טאַבאַק און ביינער פֿון ציבעק
און ספּאָדניצעס—איבערגענייט און געלאַטעט...

נ'ווען זישע ז'אַרויס און געווירע געוואָרן,
אַז שטיל איז דער יישעוו... בלויז רויכעלעך—שלאַנגיק, —
האָט זישע אַ שטריק אַף אַ קראָקווע פֿאַרוואָרפֿן
אַ שלייף אָפּן האַלדז און ער האָט זיך געהאַנגען.

און דעמלט איז סאָרצי אַוועק מיט די פֿעלדער,
— אַ שיקסל אַ קליינס אַף אומענדלעכער ווייט;
און קינדערשע יאָרן פֿאַרביי זיינען שנעל דאָרט
פֿאַרגאַנגען, פֿאַרווישט און פֿאַרמעקט און—פֿאַרביי...

די שטאָט און אַ קינדער-הויז. ראַש און געוויכער,
אַ טאַטע—דער לערער. אַ מאַמע—דאָס לאַנד;
איז האָט זי דערלעבט זיך אַ רויטינקע טיכל
אַף אָפּגעברענט—ברוינעם אַף סטעפּישן האַלדז.

און ס'שטעלן זיך יאָרן פֿאַר איר, ווי די טרעפּ אויס,
און אופֿניין אַף זיי גייט אוף סאָרצי מיט גליי;
און צוריק האָט זיך אומגעקערט סאָרצי אַף סטעפּעס
— אַ יונגע אַזאַ קאָמסאָמאָלקע—צעבליט.

און ווו ס'איז אַ וועג נאָר פֿאַר סאָרצין איז—שטייגן,
און ווו ס'איז אַ וועג נאָר איז בענקשאַפֿט אַזאַ;
איז סאָרצי געקומען אין דאָרף „ניט געדייגעט״
איז סאָרצי געקומען צוריק—ניט נעזאָמט.

דער אומעט איז אַלק, נאָך אַף וועגן צעשפּרייט דאָ,
און ווו ס'איז אַ וועג נאָר איז בענקשאַפֿט אַזאַ;
און בערגלעך באַם וועג איז פֿון זייטן פֿוןביידע:
דאָ—איז אַ זיידע און דאָ—פּאַרטיזאַן...

פֿון דאָרף „ניט געדייגעט״ מיט פֿעלדער ווי דלאָניס,
פֿון פֿעלד „ניט געדייגעט״ פֿאַרזייטן מיט יאָך,
ציט זיך אַ וועג צו די אַלטע קאָלאָניעס,
וואָס בליען און וויאַנען שוין צענדליקער יאָר.

שפּרייט זיך דער וועג און סע שפּרייט זיך דער אומעט,
ער שפּרייט זיך דער אומעט פֿאַרטרויט און געטריי;
און דורך אָט דעם וועג איז אַ מיידל געקומען
— אַ קאָמסאָמאָלקע אין יישעוו אַריין...

מ. קולבאַק.

# זעלמעניאַנער.

(פֿאָרזעצונג).

3.

## דער גרויסער טומל.

אינדערפֿרי איז אַנטשטאַנען דער גרויסער טומל. דער רעבזעהויף האָט אויסגעזען, ווי אַ מוראַשניק, מע איז געלאָפֿן אין הוילע כאַדאַקעס אַדורכן פֿראָסט פֿון איין שטוב אין דער אַנדערער. עס זײַנען פֿאָרגעקומען אומעטום שטייענדיקע יישעוואַהאַדאַסן.

— סטײַטש, ס'איז אָפּגעטאָן געוואָרן אַ נעוואָלע אין רעב זעלמעלעס הויף!

— אָן כופּע וועקדושן!

— סטײַטש, סטײַטש, בײַ אונדז זאָל עס גאָר טרעפֿן!

די אַלטע זעלמעניאַנער זײַנען אַרומגעגאַנגען מיט אַרויסגערוקטע בערד, געקרעכטשעט און געמאַכט מיט די פּלייצעס. די שילועס האָבן אַרויסגעקוקט פֿון אונטער די דאַשקעס, געשמעקט די אָנגעלאָדענע שטימונג. און פֿעטער יודע איז גאָר געווען אויסער זיך, אַ סימען—ער איז געשטאַנען אין מיטן שטוב און געקײַט דאָס בערדל. אין צווייטן צימער איז געלעגן כײַעלע רויט פֿון שאַנדע, און ער, דער פֿעטער, האָט געבלאָזן אין הובל, געאַרבעט מיט היץ און אַלץ אַרײַנגעטײַנעט צו דער ברעט, אז מען זאָל הערן אַף יענער זײַט וואַנט:

— ציג, וואָס ליפּסטו? וואָס שטעכט דיר אַזוי דער האָבער?

דערצו איז פֿעטער יודע געווען אַ מאָדנער מענטש. ער איז געווען אַ פֿילאָסאָף און אַן אַלמען. מיטאַמאָל האָט ער אַוועקגעלייגט דעם הובל אָפֿן וואַרשטאַט, געבליבן שטיין אַ היפּשע ווײַלע מיט דעם רו.זעדיקן פּאָנעם צו דער וועלט. ער האָט געטראַכט: — פֿאַראַנען אַ קאַבאָלע פֿון רעב זעלמעלען, אַז אַ כאַסענע זאָל מען פּראַוען מיט קלעזמער.

דאָס פֿידעלע איז געהאַנגען אָפֿן וואַנט, האָט ער זי אַראָפּגענומען, צוגעגאַנגען צום הילצערנעם ווענטל, ווו ס'איז פֿונעם צווייטן זײַט געלעגן כײַעלע דעם פֿעטער יודעס, און אָנגעהויבן מאַכן האַכאָנעס. ער האָט פֿאַרקאַשערט דאָס גלאַנציקע בערדל, צוגעשלאָסן די אויגן און גענומען שפּילן.

דאָס האָט, קלוימערשט, געדאַרפֿט באַדײַטן: אַז קלעזמער שפּילן אַף כײַעלעס כאַסענע.

פֿון אָנהויב איז טאַקע דער ניגן געגאַנגען, פּונקט ווי בײַ אַ קלעזמער צו באַדעקנס, נאָר ס'האָט זיך שוין פֿון אים אויך געהערט אַ טויטער רויעך, פֿון אַ געזאַנג אַף אַ בעסוילעם. עס האָט געצופּט באַם האַרצן. דערנאָך האָט ער אָבער גענומען שפּילן אַן „אייל מאָלע ראַכמים“, אַ ניגן וועגן דעם, וואָס די מומע העסיע איז אַוועק פֿאַר דער צײַט פֿון דער וועלט און ניט זויכע געווען צו זײַן בײַ דער טאָכטער צו דער כופּע. טרערן האָבן זיך געגאָסן פֿון זײַנע אויגן, די נאַסע וויעס האָבן געפּינטלט אַף די שפּאַקולן-גלעזלעך, און ער האָט שוין ניט געזען פֿאַר זיך גאָרנישט, בלויז צוגעהערט זיך צו דער פֿינצטערער היסלאַוועס, וואָס קומט אויף איגנעווייניק; ער האָט זיך צוגעהערט צום געזאַנג וועגן דעם ניט שיינעם טויט פֿון דער מומע העסיע.

דערנאָך האָט ער אויך געשפּילט וועגן דער הון.

און ווער ווייס, ווי לאַנג פּעטער יודע וואָלט דאָרטן געשטאַנען בּאַם הילצערנעם וועגטל, ווען פּלוצלונג דערהערט זיך ניט אַ שטילער כליפּען פון יענער זייט, אַ פאַרשטיק־טער געוויין, וואָס איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן, און מע האָט געפילט, ווי כײַעלע וואַרפט זיך אַפן קישן און ווערט פאַרגאַנגען פון טרערן.

דער פּעטער האָט געכאַפּט ס׳קענדל וואַסער און איז אַרײַן אַהין. כײַעלע האָט געיאָ־מערט. זי האָט זיך אויפגעהויבן אַ פאַרכאַלעשטע, אַ זופּ געטאָן און צוריק אַנידערגעפאַלן אַפן קישן. האָט זי פּעטער יודע אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ, אַלס צייכן, אַז ער איז צו־פרידן פון דער קאַלעס טרערן און אַרויס שטילערהייט צום וואַרשטאַט.

ער האָט זיך געשטעלט צוריק צו דער אַרבעט מיט דער האַק און מיט דעם הובל, געמײַסטרעוועט שווײַגנדיק אַ גאַנצן טאָג, און שוין. דאַכט זיך, לאַכלוטן אויפגעהערט טראַכטן וועגן דעם אומגעראָטענעם שידעך. ערשט אינאָווענט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אָנשטאָט דעם אַלמער, וואָס ער האָט אינדערפרי פאַרטראַכט, האָט זיך באַקומען אינאָוונט אַ בענקל, אַ פּראָסטער בענקל.

---

באַ בערען איז אַף מאָרגן געווען אַ רו־טאָג.

פונוואַנען, פרעגט זיך, ווייס מען, אַז באַ בערען איז געווען אַ רו־טאָג? פאַראַנען אַזאַ סימען: אויב בערע טוט אויס די שטיוול, איז עס אַ באַווײַז, אַז ער רוט. דעמלט ווערט ער טאַקע אַ שטאַרק רויקער מענטש. ער דרייט זיך אַרום איבער דער שטוב אַ באָרוועס־ער, אין די גרויסע הויזן־גאַליַצע, און נאַשט פון די טעפלעך; כאַפּט באַ דער מומע מאַל־קעלען אַ לאַטקע פון דער סקאָווערעדע, טונקט זי אין עפּעס אָפּ און וואַרפט עס גלײַך אַרײַן דורכן מויל אין בויך אַרײַן. צײַטונגען לייענט ער שטייענדיקערהייט. דערנאָך זעצט ער זיך אַוועק אַפן טאַפּטשאַן, די פיס אונטער זיך, און נעמט סטרויען דאָס באַלאַלײַקעלע.

בערע פאַרמאָגט אין זיך אַ פּאָר האַמעטנע לידער, וואָס ער האָט געבראַכט פון די פראָנטן; זיי ליגן אין אים ווי אין אַ קעלער, נאָר עס טרעפט, אַז ער זינגט זיי אַרויס אויכעט. ער האָט צום זינגען אַ שווערע בויך־שטים, און בײַם ער פאַרזינגט זיך, קריכן באַ אים אַרויס די אויגן אַפן שטערן פון מעסיקעס.

ער זינגט אַביסל מאָדנע.

מע דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז בערע פאַרטוט זיך אין די לידער און פאַרגעסט אָן דעם וואָכיזדיקן לעבן. עס טרעפט, אַז ער האַקט פּלוצלונג איבער דעם טיפּן, היספּײַלעס־דיקן געזאַנג און טוט אַ זאָג:

— מאַמע, אין צעראַבקאָפּ גיט מען הײַנט פוטער!

און דערנאָך זינגט ער ווײַטער מיט נאָך מער היסלאַוועס, פאַרכלינעט זיך און דאָס אָרעמע באַלאַלײַקעלע פײַפט צו.

אָ, אַ לויב צו דעם זעלמעניאַנישן נוסעך אין דער וועלט־געשיכטע!

---

בערע זיצט שוין היפּשע עטלעכע שאָ אַפן טאַפּשאַן, די באָרוועסע פיס אונטער זיך, און שפּילט. דאָס באַדײַט, אַז דער כאָסן איז זיך מעסאַמייעך אין די שיווע יעמיי האַמיש־טע. דאָס העמדל איז אָפּגעשפּיליעט, די ליפּן אָנגעבלאָזן, און די דעמבענע שטים גייט פון בויך:

אז איך בין געפאָרן קײַן ראָסטאָוו אַפן דאָן,
האָב איך מיטגענומען אַ לאַבּן ברויט;
אַז איך בין געפאָרן קײַן ראָסטאָוו אַפן דאָן,
האָב איך די בורזשויען געמאַכט דעם טויט.

און אין הויף איז מען אַרומגעגאַנגען און געזאָגט:

— ווײַבער דאַרפֿן זיי האָבן, די שילועס?—קאַדאָכעס דאַרפֿן זיי האָבן.

— ווי קומען זיי, די כאַמערוקעס, צו ווײַבער?

און דער פֿעטער יודע איז אַרײַן צו כײַעלען אין קאַמער:

וואָס ליגסטו?—האָט ער געזאָגט,—דער מאַן זיצט דאָך דאָרטן אין דער מעסיבע פֿון ראַבאָנים און שיט פֿון זיך מיט שטיקער טוירע.

דעמלט האָט זיך בערע אָנגעזונגען, ווי אַ פּויק, און איז אַוועק. ער האָט אַפֿילע ניט געפֿונען פֿאַר נויטיק צו פֿאַרוואַרפֿן אַ וואָרט, אַז ער האָט כאַסענע געהאַט.

---

שפּעט אײַנאָוונט, נאָך הייסע יִשעווהאַדאַעסן, האָט זיך די מומע מאַלקעלע געלאָזן צו בערען אין דער מילִיציִע אַרײַן. עס איז באַוווּסט, אַז די מומע מאַלקעלע האָט פֿון טאָמיד שיינע אײַנפֿאַלן אין זיך, און איצטער איז עס אויך איר אויפֿטו געווען גיין פֿאַרבעטן בערען אַף לעקעך און בראַנפֿן.

— אויב מען איז ניט קיין יידן, איז מען דאָך אָבער שטיקלעך מענטשן, וואָס—ניט?

זי איז דורכגעגאַנגען קאַלטע, טונקעלע קאָרידאָרן, ביז זי האָט ניט אויסגעפֿונען דעם ציִמער זײַנעם. דאָרטן, צווישן פֿאַנאַנדערגערוקטע טישן, איז דער כאָסן געשטאַנען אַ רויטער, אַ פֿאַרסאָפּעטער, און געוואַשן די דילן.

די מומע מאַלקעלע האָט זיך טיף פֿאַרשעמט:

— ווי פּאַסט עס פֿאַר דיר?—האָט זי זיך צעבייזערט,—מע קען דאָך וועמען בעטן?

בערע האָט מיטן איילנבויגן אָפּגעווישט די וואָנצן און געענטפֿערט, אַז ער וועט, ניש-קאָשע—טרעפֿן אַליין די כאָכמע. ער האָט אַוועקגעשטעלט די באַרשט און אויפֿגענומען די מאַמען מיט זעלמעניאַנישער האַרציקײַט.

די מומע מאַלקעלע האָט זיך צוגעזעצט גאַנץ ברייטלעך, ניטאָ זיך וואָס צו אײַלן, האָט עפּעס אַזוי זיך גענומען אַ פֿעדער פֿון טיש, אַ פּרווו געטאָן אָפּן נאָגל און געפֿרעגט:

— בערע, די פּען רײַסט ניט?

— ניין. נו, און וואָס הערט זיך באַ אײַך?

— ווייסט דאָך,—האָט זי געענטפֿערט,—מע לערנט, אַביסל יידיש, אַביסל רוסיש...

אַזוי האָט מען גערעדט אַרום און אַרום.

און מען דאַרף ניט מיינען, אַז די מומע מאַלקעלע האָט פֿאַרגעסן אין יענעם אָוונט נאָך וואָס זי איז געקומען. זי האָט ניט פֿאַרגעסן. אַ מענטש דאַרף קענען בלויז צוגיין צו אַ מענטשן, און ניט אומזיסט האָט מען געשיקט אין דער שליכעס די קלוגע מומע מאַל-קעלע, כאָטש פֿעטער יודע האָט זיך נאָך באַטאָג שטאַרק געריסן, און ווי ער האָט באַטאָג פֿאַרזיכערט, וועט ער אים דאָרטן, דעם שיינעם איידעם זײַנעם, צערײַבן אַף אַש. די מומע מאַלקעלע האָט שוין דאַווקע גאָרניט פֿאַרגעסן; זי האָט אַפֿילע אויך באַוויזן אַרויסצוזאָגן די האַשאָרע, אַז דאָס פֿאַרשרײַבן זיך אין זאַגס האָט עפּעס אין זיך ניט קיין האַפֿט. דאָס איז עפּעס ניט צום האַרצן.

בערע האָט צוגעשמייכלט.

דעמלט אָ האָט זי אים פֿאַרבעטן אַף לעקעך און בראַנפֿן. און די מומע מאַלקעלע האָט צוגעגעבן:

— פֿאַרשטייט זיך אָן צערעמאָניעס, וואָרען?—מע איז דאָך אויך עפּעס שטיקלעך הײַנ-טיקע קאָמסאָמאָלן...

---

אין הויף האָט מען זיך גענומען גרייטן צו אַ שטילער כאַסענע.

רויכן זײַנען געשטאַנען איבער די קוימענס, קיטקעס—אויסגעפֿלאָכטן אַף די טישן, ווי אין אַמאָליקע יאָרן. די מומע גיטע ווייס דעם סאָד פֿון אַ באַזונדער סאָרט האָניק-טויגל,

וואָס מיט זיי האָבן זיך געכייעט אירע ווייטע, בלויע ראָבאָנים. רויכעס פון צימערונג און זאַפראַן האָבן זיך געטראָגן איבערן הויף.

בלויז פעטער יודע האָט נאָך עפּעס געקוקט רוגזעדיק, אָבער אויך אָן בייז. ער האָט געהאַט עפּעס אַ מין בעגעד פון זאַמד-קאָליר מיט א ברוינעם סאַמעטענעם קראַגעלע, ווי אַ שטיקל רימען,—דאָס האָט ער איצטער געטריסלט איבערן פּראָסט.

מע דאַרף נאָך אָבער צוגיין אַ קוקט טאָן צו דעם פעטער זישע אין פענצטער אַריין: אויב עס באַווייזט זיך אין פענצטער אַ פירקאַנטיקע באָרד, איבער איר ליגט אַ האַנט, וואָס האַלט זי פעסט צו, און מיט אַ קעמל ווערט זי, די דיראָזיקע באָרד, געקאַמט פון אונטן אַרויף,—איז עס אַ באַווייז, אַז עס וועלן זיין גרויסע סימכעס אין הויף.

יאָ, די באָרד איז דאָ!

צאַלקע האָט געבראַכט אַ פלעשל וויין. אַלזאָ, אין רעבזועהויף טוט זיך מייסים. פעטער איטשע גייט אַרום פון באַגינען, ווי די שטילקייט אין אַ מענטשלעכער געשטאַלט, ווי אַ טויב, טוט בלויז האָרכן, וואָס מען רעדט, דערביי וויל ער אויסמיידן די מומע מאַלקעלעס בליקן.

פאַרוואָס?

פעטער איטשע האָט אַ טעווע צו נעמען אַ קאָפּ אַף די דאָזיקע סימכעס, און דערנאָך גייט ער זיך קושן מיט ווייבער. מע האַלט, אַז דאָס שטאַמט פון זיין ניטאַיבערגע-שפּיצטקייט.

עס האָט זיך אַרויסגערוקט דער טאָג, פאַרגאַנגען אָן אַ שקיע. באַ פעטער יודען אין שטוב האָט מען אַנגעצונדן דעם גרויסן אייזערנעם לאַקירטן לאָמפּ, וואָס הענגט אַראָפּ, ווי אַ גאַנצע מאַשין. אין שטוב איז געווען גריילעך ציכטיק. עס האָט געשמעקט מיט פרישער סאָסנאָווער ברעט. בלויז אין פירהויז האָבן זיך נאָך געטראָגן גערוכן פון די אַמאָליקע פאַר-זעצטע געגנדז, אין פירהויז האָט נאָך אָפּגעגעבן די שמוכט.

פעטער יודעס בערדל האָט געגלאַנצט פונעם קאַלטן וואַסער. אין זיין אַלטפרענקישן שטייפן בעגעד איז ער געווען ענלעך צו אַ דאָרפישן גאַלעכל, וואָס האָט דאָ אַהער פאַר-בלאָנדזשעט צו די זעלמעניאַנער. שפּעטער צו האָט מען געבראַכט צופירן די באָבע באַ-סיען אין די מאַלבושים פון אַ פאַרצייטיקער קיניגן. עס האָט פון איר אַראָפּגעלויכטן אַ פּאָלערינקעלע פון שוואַרצע פּאַטשערקעס מיט טויזנטער טונקעלע קאָלירן. אַפן קאָפּ האָט זי געהאַט אַ גאַנצן בלומענגערטנדל. פעטער איטשע האָט זיך אַריינגערוקט אַן ארום-געצוואָגענער, די באָרד אַביסל אַרומגעכאַפּט מיט א שערעלע. דערנאָך האָבן זיך אַריינ-געלאָזן פעטער זישע און מומע גיטע. פעטער פאַליע איז, פאַרשטייט זיך, ניט געקומען, וויַל מען האָט אים יינגלווייז באַליידיקט. שפּעטער פון אַלעמען איז אריין צאַלקע פעטער יודעס שלימאַזל, אַ געבילדעטער, שטענדיק פאַרקוקט אין די ביכלעך. ער איז דער, וואָס פון די נייע געלערנטע, אַז איינער רעדט אַרויס אַ וואָרט, שפּרינגט ער גלייך אויף אַ פאַר-כידעשטער:

— ווי? וואָס האָט איר געזאָגט?

און באַלד פאַרשרייבט ער דאָס אין אַ ביכעלע. דעריקער האָט ער צו טאָן מיט דער באָבען, וואָס עס איז אויך ניט דער שטייגער פון יונגע לייט. נאָך אַ מידע האָט ער: ער נעמט זיך פון צייט צו צייט דאָס לעבן, נאָר דאָס געהערט שוין ניט צום איניען.

מען האָט זיך אויסגעזעצט באַם טיש מיט דער זעלמעניאַנישער רויקייט און גענומען ווארטן אַפן כאָסן.

---

ווי נאָר בערע האָט זיך באַוויזן אַפן שוועל, איז די מעכושאָנים באַפאַלן אַ גרויסע שטילקייט, ניט ווי אַף אַ כאַסענע. מען האָט אַפילע געכאַפּט קוקן מיט אַ ציטער אין די וויען. די יאָנטעוודיקע געזעלשאַפט האָט אויסגעזען שטאַרק כאָשוד, און דעריבער האָט בערע אַ זאָג געטאָן באַלד אַפן אָרט.

— ווי עס לאָזט זיך מערקן, לויט פֿאַרשיידענע סימאָנים, קלייבט מען זיך דאָ פּראוּוען די שיינע כאַסענע?—און געקוקט האָט ער אַף דער אויסגעפּוצטער כיילע, וואָס איז גע-זעסן אַף אַ קישן סאַמע אויבנאָן, העכער פֿון אַלעמען,—יאָ, צי ניט?

— וואָדען?—האָט פֿעטער יורע געענטפֿערט בייז,—אַ קנאַפּע סימכע, וואָס?

פֿעטער יורע האָט געענטפֿעגט מיט אַ שטאָך, ווייל ער קען ניט האַווירן מיט מענטשן. דעמלט האָס בערע אַרויסגענומען ציַיטונגען צום לייענען. אַזוי אַרום האָבן זיך די זעל-מעניאַנער גענומען אָנשטויסן, אַז די כאַסענע וועט שוין אַראָפּ ניט אינגאַנצן בעשאָלעם. בלויז דער צעהיצטער פֿעטער איטשע, מיט דעם בענדעלע אונטערגעבונדן דעם קאָלנער, איז נאָך געזעסן גרייט צו נעמען אַ קאָפּ. פּלוצלונג האָט ער באַקומען אַ ווייַבערשן קניפּ אין די קני: די מומע מאַלקעלע האָט עס אים אונטערן טיש געלאָזט וויסן פֿון איר פֿאַר-צווייפֿלונג, האָט ער זיך אויך גענומען אַרומקוקן מיט כשאַד.

אַז בערע האָט איבערגעלייענט די ציַיטונגען, האָט ער אַרויסגעלאָזן צווישן די ליפּן דעם באַוווּסטן הירזשע און גענומען קוקן צום לאָמפּ, ווי ס'איז שוין באַקאַנט זיַין שטיי-גער אין אַזוינע פֿאַלן. ווי מע מיינט, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט ארויסשוויַיגן די כאַסענע.

דאָס איז ניט קיין גרויסער אוּפֿטו, מע דאַרף עס אָבער אויך קענען. בערע האָט די זאַך לעפּיערעך דורכגעפֿירט אַף אַזאַ מין אויפֿן:

ער איז געזעסן רויק, ווי עס זיצט אַמאָל איינער אַף אַ וואָקזאַל און וואַרט, אַז זיַין צוג זאָל שוין ענדלעך אָנקומען; געקוקט אַפֿן לאָמפּ, און דערביַי אַרויסגעשוויגן שוויַיג-שטיינער אַזוינע, וואָס האָבן זיך געלייגט אַף די נעשאָמעס פון די מעכוטאָנים, ווי וואָליק. נאָך אַ צען מינוט שוויַיגנס איז אַלעמען פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן.

דער מענטש איז געזעסן און געמאַזיקט מענטשן, געקוקט און קאַלט געשניטן אַף רעכטס און אַף לינקס, ווי אַ פּראָסט.

דער ערשטער, וואָס האָט ניט אויסגעהאַלטן, איז געווען פֿעטער יודע. ער האָט זיך אַ בויג געטאָן איבערן שטול און זיַינע שוואַרצע, שאַרפֿע אויגעלעך זיַינען ארויסגעקראָכן איבער די שפּאַקולן:

— עפּשער וועסטו אַמאָל ארויסריידן אַ וואָרט, שיינער איידעם מיַינער?

צו הילף איז אים געקומען דער בלייך-געוואָרענער פֿעטער איטשע.

— ברענג אַרויס אַ וואָרט, זאָג איך צו דיר, בולעך, וואָרעם ט'איז דיַין סימכע, דיַין כאַסענע!

— און וואָס האָט מען דיר דאָ אַזוי ג'טאָן?—האָט זיך גענומען בעטן די מומע מאַלקעלע.

דעמלט האָט בערע פּאַמעלעך געענטפֿערט:

— הערט מיר אוף צו דולן אַ קאָפּ, וואָרעם איך זיץ און טראַכט וועגן עפּעס אַנדערש.

— טאָ לאָמיר אויך וויסן וועגן וואָס, אַשטייגער, אַ מענטש טראַכט?—האָט פֿעטער יורע גיט אָפּגעלאָזן.

— דאָס זיץ איך און איך טראַכט,—האָט בערע געזאָגט,—ווי אַזוי מע קען דאָ עלעקטריפֿיצירן דעם הויף.

די זעלמעניאַנער האָבן זיך אַרומגעקוקט. די זעלמעניאַנער האָבן ניט געוווּסט פֿון קיינע בייזע כאַלוימעס. דאַכט זיך, אַז וועגן הויף איז ניטאָ וואָס צו טראַכטן, און אויב מען זאָל שוין צוגעבן, אַז דער רעבזעהויף לאָזט זיך יע ארומטראַכטן, איז איצט אויך ניט די צייַט אַף דעם. דאָס האָט אים טאַקע פֿעטער יורע אופֿגעקלערט, און אים דערביַי שוין דער-לאַנגט אַפֿן איידעלן אויפֿן, ווייַל ער איז ניט געווען פֿון די מענטשן, וואָס קענען פֿאַר-שוויַיגן אַ זאַך.

בערע האָט זיך אופֿגעהויבן, געבעטן כייעלען זי זאָל זיך אָנטאָן, און כאָסן קאַלע איז אַוועק.

די שאַנדע איז געווען גרויס. עס זײַנען געזעסן די מעכוטאָנים אַרום טיש מיט לאַנגע פּענימער און געקוקט אַפּן טישטעך. פּלוצלונג איז אין פּעטער יודען אַרײַן אַ טירעף. ער האָט געכאַפּט די פּלאַש ווײַן און אַ זעץ געטאָן אָן דרערד. ער האָט זיך אָנגענומען פאַרן איגענעם בערדל און עס געוואָלט אַרויסרײַסן פונעם פּאַרזיי־שעטעך.

אין שטוב איז געוואָרן אַ שטיקל מעהומע. לײַט האָבן זיך גענומען רוקן צום טיר, בלויז פּעטער זישע איז געשטאַנען רויק, פּול אָנגעגאָסן מיט שמייכל, וואָס האָט אַזש געשפּריצט פון אנטער די ווין, און ער האָט געצויגן אַ האָר פון באָרד:

— לײַטישע קינדער!..

האָט זיך פּעטער יודע אַ צי געטאָן צו אים, ווי אַ שרויף, און גענומען וואַרפן מיט אַ פינגער:

— וואַרט, זישקע, דו האָסט נאָך ניט געפּאָקט און געמאָולט, באַ דיר זײַנען נאָך אויך פאַראַן טעכטער!..

אַף דעם האָט פּעטער זישע געענטפערט קאַלט און גרינטלעך, האַגאַם ס׳איז באַ אים בלייך געוואָרן די נאָז:

— טאָ זאָל מען טאַקע וויסן, — האָט ער געזאָגט, — אַז זישע דעם זייגערמאַכערס טעכטער וועלן דאַפקע יע כאַסענע האָבן קעדאַס מוישע וועיסראָעל.

נעבן אים איז שוין געשטאַנען די מומע גיטע און געהאַלטן פאַר אַן אַרבל: פּעטער זישע איז געווען אַ ייִד אַ כאָלוש. ווײַבאַלד ער האָט אָנגעהויבן ריידן האָט ער שוין אָבער גערעדט ווײַטער און געייצעט, אַז בעסער זאָל שוין דער ברודער זײַנער זאָרגן פאַר דער אייגענער טאָכטער, כײַקען, זי זאָל, נעבעך, ניט פאַרגעסן ריידן אין דער געזעלשאַפט פו איר טײַערער „מעצאָצע“.

אָבער פאַרוואָס איז באַ פּעטער זישען בלייך געוואָרן די נאָז?

4

## דער פּעטער זישע און די מומע גיטע.

פּעטער זישע איז אַרײַן צו זיך אין שטוב אַ שווײַגנדיקער. ס׳איז שוין געווען שטאַרק שפּעט. אַרורך די קורצע, בלויע פענצטערלעך זײַנען אַרײַנגעפאַלן זילבערנע דרעטלעך פון די שטערן. ער האָט פאַנאַנדערגעעפנט די טירן אין צווייטן צימער אַרײַן.

דאָרטן האָט געשמינקט אַ קורניקל. טאָנקע פּעטער זישעס איז געלעגן אין בעט, געקײַט אַ שטיק ברויט און געלערנט עפּעס פון אַ דיקן בוך.

לאַנג איז געשטאַנען פּעטער זישע אין דער האַלב־פינצטערניש, געגלעט די באָרד און ניט געוווּסט ווי אָנצוהויבן.

— איז וואָס זאָגסטו, גיטע?

און ער האָט זיך אַ קער געטאָן צו דער מומען, וואָס איז טאָמיד געשטאַנען נעבן אים

— אַוואַדע איז זי ניט קײַן מענטש, — האָט די מומע געענטפערט, — סע שטייט דאָך אַ הייסער הליאַק אין אויוון.

פּעטער זישע האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— ווי לאַנג איז דער שיר צו קאָמסאָמאָלעווען? — אָט דאָס פרעג איך.

טאָנקע האָט זיך דעמלט אויסגעקירעוועט געלאַסן צום פּעטער

— דו מיינסט עס מיסטאָמע מיך, ניין?

— און אַז דיך, איז וואָס?

— איז דיר עפּשער באַקאַנט, טאַטע, — האָט זי זיך אופגעהויבן מיט די נאַקעטע אָרעמס פון זעלמעניאַנישן ברוין, — אַז דעם 25־טן אָקטיאַבער 1917 יאָר איז אַף אַ זעקס־טער טייל פון דער וועלט פאָרגעקומען די ערשטע גרויסע פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע?

— נו?

— נו, איז אַט דאָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן,—זי האָט אַ שמייכל געטאָן אינעווייניק און זיך ווידער גענומען צום בוך.

פּעטער זישע האָט זיך אַוועקגעשטעלט קעגנִיבער דער מומען:

— גיטע, דו הערסט? בערעלע אונדזער איטשקעס איז דאָך געוואָרן דער מאַכער...

— און דו וואָלסט בעסער געוואָלט, ניקאָלײַקעלע זאָל זײַן דער מאַכער? — האָט טאַנקע האַסטיק אַ פרעג געטאָן.

— איז וואָס? פאַר ניקאָלײַקעלען, נאַרעלע, מיינסטו האָט זיך יידן געלעבט שלעכט?

טאַנקע האָט פּלוצלונג אַ שפּײַ געטאָן, די שטיק ברויט אַ וואָרף געטאָן אָן דרערד פאַרלאָשן דעם לאָמפּ, אומגעקערט זיך צום וואַנט, און זיך אַריבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע אריבערן קאָפּ.

עס איז געוואָרן פינצטער און שטיל, טויב-שטיל צווישן די לאַנגזאַמע, פאַרשיידענע קלעפּ פון דעם פעטער זישעס אַלע זייגערס, וואָס האָבן אַראָפּגעקלאַפּט אין צווייטן צימער פון די ווענט, ווי אַ גראָבער רעגן. עס איז געוואָרן פינצטער ביז טיף אַהינטער די אויגן.

— קיבוד אַוו, האַ? — האָט פעטער זישע ארויסגערעדט פון בויך.

נאָכדעם איז טאַטע-מאַמע ארומגעקראָכן און געטאַפּט איבערן שטוב, איבערגעשריען זיך מיט מאַטע, וואַסערדיקע שטימען, און דאַכט זיך, אַז פעטער זישע האָט דעמלט שאַרף פאַרורטיילט די הײַנטיקע אָרדענונג.

---

וואָס איז עס פאַר אַ ייד דערדאָזיקער זישע דער זייגערמאָכער?

קוירעמקאָל איז ער אַ ייד אַ כאָלוש. באַלד נאָך דער כאַפּענע האָט פעטער זישע פּראָקלאַמירט זײַן כולשעס פאַר דער וועלט און אַלע האָבן עס אָנגענומען. עס קומט אים אויס צו כייען מיט אַ ייכל, מיט אַ ציטרין. פון זײַן זייגערמאַכערײַ, זאָגנדיק דעם עמעס האָט מען קיינמאָל גאָרניש. די מומע גיטע דאַרף נאָך דערצו פאַרקויפן פאָדעם איבער די קאָאָפּעראַציון. אייגנטלעך, איז זי, די מומע גיטע, די גרויסע כאַלאַנעס, לײַדט אַף אַ היפּש ביסל קראַנקהײַטן, וואָס צוויי פון זיי, ווייס מען, האָט זי באַקומען בעירושע פון אירע ראַבאַנים און פיר האָט זי אַליין אויסגעכאָוועט מיט די אייגענע קויכעס דאָקטוירים האָבן אַזעלע אַנימלכן פאַרזיכערט, אַז זי וועט אינגיכן מאַכן אַ שטאַרב, איז זי דעריבער אָנגעהיט, און אַז זי קומט אַרויס פון אַ קראַנק, פאַרשרײַבט זי גלײַך די כויוועס, טאָמער טרעפט זיך דער אומגליק אונטערוועגנס, זאָל מען וויסן נאָכער באַ וועמען צו מאָנען פאַר פאָרעם.

און וואָס איז עס פאַר אַ יידענע די מומע גיטע?

זי איז אַ הויכע, אַ דאַרע, אַ ביינערדיקע, אַ פאַרשפּילעטע ביזן האַלדז. צײַטנווײַז טוט זי אַ רייד מיט אַ מאַנסביל'שן קאָל. אַ שווײַגערן איז זי אויך, ווי די וועלמעניאַנער, נאָר איר שווײַגן איז שוין עפּעס אַנדערש — אַ זײַרענער, מיט אַביסל טרויער, מיט אַביסל טביילעס פון טאַלייסים. בערע, לעמאָשל, האַרגעט דאָך מענטשן מיט זײַן שווײַגן, נאָר אַז די מומע גיטע זעצט זיך אַמאָל אַזוי אַהעק דורכשווײַגן זיך אַף עטלעכע שאָ, איז עס אַ געזאַנג, אַ פידלשפּיל.

---

נאָך האַלבער נאַכט האָט פעטער זישע אויפגעהויבן דעם פאַרשלאָפענעם, פירקאַנטיקן קאָפּ פון קישן און גענומען וועקן די ווײַב:

— סאָרקע איז שוין דאָ? מען פרעגט דאָך באַ דיר, סאָרקע איז שוין דאָ?

געמיינט האָט ער די עלטערע טאָכטער, סאָניע דעם פעטער זישעס, וואָס אַרבעט אין פאָלקאָמפין.

---

5

# פּעטער פאליִע.

דער פּעטער פאליִע גייט מיִט אַן אייגענעם, אָפּגעשיידטן, האָרעפּאַשנעם וועג איִן לעבן.

ער שוויַיגט דריַי מאָל: איין מאָל, וויַיל ער האָט ניִט וואָס צו זאָגן, אַ צווייטן מאָל וויַיל ער האָלט פֿון קיינעם ניִט איִן הויף, אַ דריטן מאָל, וויַיל מען האָט איִם קליינערהייט באַליידיִקט.

מיט 35 יאָר צוריִק איִז ער אַלט געווען סאַכאַקל 10 יאָר. דעמלט האָט מען איִבער איִם אָפּגעטאָן אַ גאַזלעוויסטווע—מען האָט איִם נעמלעך געשמיִסן, שיִר ניִט פֿאַרשמיִסן אָף טויט.

רעב זעלמעלע האָט נאָך דעמלט געהאַנדלט מיט קעלבלעך; ערשט דאָ ניִט לאַנג געהאַט געקומען פֿון „טיף ראַשיי". די קיִנדער (זישקע, יודקע, איִטשקע דער באָק) זיַינען אַרומגעגאַנגען איִבער דיִ הויפֿן קליַיבן ביינער, און איִם, דעם פּעטער פאליִען האָט מען ניִט מיִטגענומען.

— מיִט אָט דעם לאמעדודע,—האָבן דיִ קיִנדער געזאָגט—גייען מיִר ניט. ער איִז ניִט מאַולדיִק!

האָט דער פּעטער פּאליִע דעמלט געטראַכט שטיִלערהייט בייזע פּלענער, ווי צו איבעראַשן דיִ שטוב, אַרומגעגאַנגען שוויַיגנדיִק איִבער דיִ הויפֿן, געניִשטערט איִן די מיִסטקאַסטנס—קיַין עמעסע ביינער האָבן זיִך ניִט געמאַכט, און ער האָט זיִך אָפּגעשיידט אַליין מיִט זיַינע פֿיִנצטערע געדאַנקען.

בעכיין, האָט זיִך פּעטער פאליִע נאָך ייִנגלוויַיז אַרויסגעוויִזן פֿאַר אַן אָפּגעשיידטער נאַטור.

אַמאָל, פֿאַרנאַכט, איִז ער זיִך געגאַנגען באָדן. באַם סאַמע טייך איִן אַ גרוב, איִז געלעגן אַן אָפּגעשונדענער פֿערד. פּעטער פאליִע האָט זיִך אָפּגעשטעלט, אַריַינגעקוקט איִן דער שטיִלער פֿיִנצטערניִש פֿון אופֿגעשניִטענעם בויך, באַטראַכט די פֿאַריִסענע פּיִס, און מיטאַמאָל האָט איִם אַ זעץ געטאָן אַ שרעקלעכער געדאַנק:

— פֿון אָט דעם פֿערד מיִט ביינער קען מען ניִסאשער ווערן!

ער האָט זיִך קיִמאַט וויינענדיִק געלאָזן אַהיים נאָך אַ זעקל.

דריַי טעג האָט ער געהאָרעוועט, געשלעפּט צוּפֿן פלייצע שטיִקער פֿערד און געשטאָכט באַם טאַטן היִנטערן אויוון.

רעב זעלמעלע איִז גראָר געווען איִן דאָרף, צוריִק געקומען איִז ער ערשט באַגיִנען, און שוין באַם איִבערטרעטן דיִ שוועל האָט ער זיך גענומען וויִשן די נאָז:

— סאָרע-באסיִע, טע טראָגט באַ דיר איִן שטוב!

באַם אָנבייַסן האָט ער שוין אַ זאָג געטאָן קלערער און בייזער:

— סאָרע-באַסיִע, דאָ טראָגט עפּעס מיִט געפייגערטן פֿערד.

דיִ באָבע האָט צעעפֿנט דיִ פֿענצטער, אַרויסגעגאָסן ס׳צעבעול, אַריַינגעקוקט איִן קאָטוך, אונטער דיִ בעטן—ניִטאָ גאָרניִשט.

און דעמלט איִז גוראָר עפּעס אַ ייִד דורכגעגאַנגען דיִ גאַס, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אַריַינגעשריִען איִן שטוב אַריַין:

— רעב שאָכן, מאַכט צו די פֿענצטער, מאַכמעס איר פֿאַראַווערט אַ וועלט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איִז געווען אַ גוזמע, אָבער מע דערציילט, אַז רעב זעלמעלע איִז דענסטמאָל געוואָרן אַיישלעהאָוע, כאָטש ער איִז דאַפֿקע געווען אַ מענטש אַ געלאַסענער. ער האָט זיִך אָנגענומען פֿאַר דער קליִאַפּע, ווי ער וואָלט קלוימערשט זיִך גופֿע געקליִבן אַרויסוואַרפֿן פֿון שטוּב, און גענומען שריַיען:

— די רעגע זאָל מיר דאָ ווערן ריינער די לופֿט!

די באָבע האָט זיך געכאַפּט צום וויִעכעטש, גענומען גיסן און ווישן און די קינדער האָבן זיך אַ נעם געטאָן שנײַצן די נעזלעך, קאַמען די קעפּלעך, די לופֿט האָט שוין טאַקע געהאַלטן באַם ווערן ריינער, אָבער דאָ האָט פּעטער איטשע (איטשקע דער באָק) גענומען שרײַען פֿון ערגעצוווּ:

— טאַטע, אָט איז ער!

— ווער?

— דער גאַנצענער פּערד!

דער פּעטער איטשע האָט אַרויסגעשלעפּט אַן אַקסל אַ שוואַרצגעוואָרענעם הינטערשטן געלענק פֿון אַ פּערד. עס האָט זיך געקערט כווישעך. רעב זעלמעלע האָט דעמלט גענומען שליידערן פֿון איבערן וואַנט כאַלאָקיס פּעגירע, ווי אין אַ יאַטקע, און געוואָיעט ניט מיט אַ מענטשלעכן קאָל:

— אוי, איכ'ל קאַטעווען די הויט!

— אוי, איכ'ל ניט איבערלאָזן אַ ביין אַף ביין.

באַלד האָט מען בישטיקע פֿאַרגראָבן דעם פּערד אַהינטערן שטאַל.

דער פֿאַרליימיקטער רעב זעלמעלע מיט דעם צעשויבערט בערדל איז אַרײַן אין שטוב, צו שוויַיגנדיק צום בעזים, אויסגעקליבן אַ פּאָר האַרטע ריטער, און ווי ער וואָלט געגאַנגען טאָן עפּעס אַ היליקע אַוווירע, האָט ער ניט געאײַלט אַרומגעשטעלט די אַלע פֿאַרבלאָטיקטע באָנימלעך אַרום זיך און געפֿרעגט:

— זאָגט מיר, ווער פֿון אײַך, באָנים מאַשביסים, דאַרף זיך דאָ איצטער לייגן אַפֿן בענקל?

פּעטער פּאַליע איז אַ־ויס מיט אַ פֿינצטערן פּאָנעם און אָפּגעזאָגט:

— טאַטע, איך דאַרף זין' דאָ איצטער לייגן אַפֿן בענקל.

טייקעף האָט די באָבע באַסיע געכאַפּט די פֿאַטשײלע און אַרויסגעהעשעט אין דרויסן. אין שטוב איז געוואָרן פֿײערלעך שטיל. פּעטער זישע און פּעטער יודע האָבן אָנגענומען דעם „לאַמעדווּרע" פֿאַר די הענט, פּעטער איטשע—פֿאַר די פֿיס, און די שמײַסעריי האָט זיך אָנגעהויבן גאַנץ געלאַסן, נאָכדעם אָבער אַלץ הייסער און הייסער.

פּעטער פאַליע איז געלעגן, ווי אַ קלעצל, רויק, שטיל, אַ זיפֿץ ניט געטאָן.

פּלוצלונג האָט ער זיך אָבער אַ ריס געטאָן צו רעב זעלמעלעס קני, אַרײַנגעביסן זיך אין איר, ווי אין אַ טייג, און שוין ניט אָפּגעלאָזן, ביז דער מויל איז באַ אים ניט פֿאַרלאָפֿן מיט בלוט.

דער פּעטער פאַליע איז דעמלט אַנטלאָפֿן.

היפּשע וואָכן האָט ער זיך נאָכדעם אַרומגעדרייט אין די שכיינעסדיקע סאָפּוומערדיקע גערטענער, געשלאָפֿן הינטער די פּלענקענער, און פּעטער איטשע פּלעגט אים דאָרטן ברענגען בעסאָד שטיקער ברויט פֿון דער באָבע באַסיען.

רעב זעלמעלע האָט געלייגט הייסע טיכער צום פֿוס, געשוויגן און שטאַרק אַרײַנגעטראַכט. רעב זעלמעלע האָט דעמלט געטראַכט וועגן דעם, אַז דער פּערד איז עפּשער אַ העכערער סאָרט ווונק צו אַ טאַטן, וואָס מען דאַרף טאָן צו זײַן קינד.

אַמאָל, פֿאַרנאַכטלעך שוין, האָט ער אַוועקגעשיקט דעם קליגסטן זון זײַנעם, דעם פּעטער זישען, ער זאָל מעדיע זײַן פֿאַר דעם העפּקער-יונג, אַז דעם טאַטנס צאָרן האָט זיך געשטילט און אַז ער קען זיך שוין צוריקקערן אַהיים.

פאַליע איז צוריק געקומען.

קוידעמקאָל האָט ער אַרויסגעשטעלט די פֿאָדערונג, מע זאָל אים אָפּגעבן גאָר דאָס עסנוואַרג, וואָס עס קומט אים פֿאַר די עטלעכע וואָכן. מע איז אים אַנטקעגן געקומען. אַלע האָבן גענומען טראָגן צום טיש. מע האָט דערלאַנגט ברויט, אָנגעשטעלט פֿולע שיס-

לען, און פֿעטער פאליִע האָט באַשײַנפּערלעך דערוויזן, וואָס ער קאָן. בײס ער האָט שוין געהאַלטן באַם לעצטן שיסל, האָט זיִך רעב זעלמעלע צו איִם געקערט מיט טיִפֿער פֿאָטעריִשער ליבע:

— גיי, מײַן קינד, שלאָפֿן, מאַכמעס באַגיִנען פֿיר איִך דיך אָפּ צו מענדען אין דער גאַרבערײַ.

אַזוי אַרום איִז פֿעטער פאליִע געוואָרן אַ גאַרבער. דער ערשטער גאַרבער אין רעב זעלמעלעס מיִשפּאָכע.

ער האָט זיִך נאָך מער אָפּגעשיידט פֿון אַלעמען. איִן אַ קורצער צײַט אַרום האָט ער שוין געהאַט ברוינלעכע נעגל, ווי שטיקלעך קופּער. גערעדט האָט ער שוין מיִט קיינעם ניִט.

עפּעס אין אַ הייליִקן פרײַטיִק צונאַכטס האָט ער זיך אַרײַנגעכאַפּט אין אַ גאָר-קיִך און אויסגעטרונקען אַ פֿלאַש בראָנפֿן. מע האָט איִם געבראַכט אַהיים קיִמאַט אַ געשטאָרבענעם, פֿאַרקויטיִקט און שיִקער, ווי לאָט. ביִסלעכוויַיז האָט ער זיִך אויך אויסגעלערנט מאַכן דעם טרונק, און איִן דער גאַרבערײַ איִז ער געוואָרן — מײַסטער פֿון שקאליִק. פֿעטער פאליִע האָט געהאַט די מײַלע, וואָס ער פֿלעגט טרינקען שווײַגנדיִק, שטיִלערהייט, ערגעץ איִן אַ וויִנקל-שענק.

יענע צײַטן האָט זיך גראָד פֿאַרשפּרייט אַ פֿאַלשער קלאַנג, אַז אויך פויערים קלײַבן זיך אָנטאָן שטיִוול. די גאַרבער וועלן מאַכן שטיִקער גאָלד. פֿעטער פאליִע האָט זיִך רערפֿרייט, וואָס ער וועט כאָטש מיִט עפּעס קענען אָפּטאָן די פֿאַמיִליע זײַנע, נאָר אַפֿיִלע דעמלט, שטייענדיִק איִן טונקעלן צאַפּ ביִז די קני איִן רויען קאָרע, פֿלעגט איִם אומגעריִכט באַפֿאַלן אַ זלידנער געדאַנק:

— ער האָט דאָך מיִך געקענט מאַכן פֿאַר אַ שנײַדער, און אויב דאָס איז אַן אָפּקומעניִש פֿאַרן פֿערד, האָב איִך דאָך געמעגט זײַן אַ שוסטער אויכעט?

רעב זעלמעלע איִז געשטאָרבן.

מע קען ניִט זאָגן, אַז דער טויט זײַנער האָט שטאַרק צערודערט די זעלמעניִאַנער, לאָזן אָבעו' אַ טרער האָט זיך געפּאַסט לעכאָלאַדייעס, איז דאַפֿקע פֿעטער פֿאליִע דעמלט אַרומגעגאַנגען איִבערן הויף, די הענט אַף היִנטער, געגענעצט און אַלץ געטײַנעט צו מענטשן.

— מען וועס איִם שוין אַמאָל אַרויספֿיִרן, צי ניִט?

נאָכמער:

איִן דער וואָך פֿון שיִווע האָט ער פֿון ערגעצווו געבראַכט אַ היים אַ קליינע, שוואַרצע טרויעריִקע ווײַבל. בלויז פֿאַר דער באָבען האָט ער דערקלערט, אַז פאליִע מעג זיִך שוין דערלויבן האָבן אַ ווײַב און אַז וואַרטן איִז ניטאָ וואָס.

די טרויעריקע ווײַבל איִז, אַגעוו, אַפֿן שטעל קיינעם ניט געפֿעלן געוואָרן. מען האָט אויסגעפֿונען, אַז זי איז אַן אומצוכט. די ווײַבל האָט זיִך שטאַרק פֿאַרשוואָרן, אַז ניִט; ס'האָט ניט געהאָלפֿן — די זעלמעניִאַנער זײַנען מענטשן מיט פֿעסטע כאַראַקטערן.

אינגיִכן האָט זיך אָבער געעפֿנט איִר מוטער-טראַכט; זי האָט ברייט אַוועקגעקיִנדלט, פֿאַרנומען זיך אַף גרויס, און מען האָט זי צוליִב דעם אַליין אַרײַנגענומען איִן דער מיִשפּאָכע.

איִרע קיִנדער האָבן געהאַט די פֿאָרם פֿון קירבעסן — קורצע אופֿגעלאָפֿענע, מיט אָנגעגאָסענע קעפּ, כוץ איינער — מאָטעלע דער שוואַרצער, וואָס האָט געטראָגן דעם אָנבליִק פֿון פֿעטער פאליִען. דעריִבער פֿלעגט ער איִם טאַקע פֿאַרנאַכט, ווען אַלע טאַטעס צעזעצן זיִך אַף די פריזבעס מיִט די קיִנדער אַף די הענט, אויך נעמען אַפֿן שויס און שנעלן איִן נאָז פֿון ליִבשאַפֿט וועגן. איִרע קיִנדער (דער ווײַבלס) האָבן באַם וואַקסן אַרויסגעוויִזן נאָך

אַ מאָדנע אומפֿאַרשטענדלעכע אייגענשאַפֿט, נעמלעך—דאָס ערשטע וואָרט, וואָס זיי פֿלעגן אַרויסברענגען פֿון מויל און גאַנץ דײַטלעך, איז געווען ניט טאַטע, ניט מאַמע, נאָר עפּעס אַ וואָרט אַ גאַנץ זײַטיקן.

— „נאָך“.

האָט מען זיי געגעבן אָן אַ מויצקע ברויט מיט אַן אוגערקע, צי אַ רעטעכל, צי אַ טעלערל שטשאַוויע, פֿלעגן זיי אופֿעסן און שרײַען:

— נאָך!

געווען באַ איר אַ קינד, כאָניע, וואָס האָט אַפֿילע איינמאָל געשריִען נאָך, נאָכדעם ווי ער האָט אופֿגעגעסן אַ שטיק זייף. פֿאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אים ניט געגעבן.

---

אין 1914 איז פֿעטער פאליע אַלט געווען דרײַסיק יאָר.

ער איז אַוועק אָף דער מילכאָמע וויינענדיק, אַף מאָרגן האָט מען שוין ניט געוווּסט וווּ זײַן געביין איז הינגעקומען.

די קליינע, טרויעריקע ווײַבל איז דעמלט אַרויס אַפֿן רעבזעהויף מיט אַלע אירע קינדער און, גייענדיק פֿון טיר צו טיר, האָט זי אים זייער שיין באַקלאָגט, אַפֿילע מיט אַ ניגן. דערנאָך איז זי אַוועק צום ראָוו האַלטן זיך אַן אייצע, צי זי מעג, הייסט עס פֿאַר אירע יעסוימים אַריינעמען אין שטוב אַ נײַעם שפּײַזער.

דער גרעסטער צאַר׳ מיינט מען, איז טאַקע געווען אַף דער ווײַבל.

אין פֿינף יאָר אַרום איז פֿעטער פאליע אומגעריכט צוריקגעקומען פֿון עסטרײַך, באַלד אַפֿן שוועל האָט ער פֿאַרטרויט פֿאַר זײַן ווײַבל, אַז ער האָט געגעסן זשאַבעס, און אַז מער האָט ער ניט וואָס צו דערציילן. דאס ווײַבל האָט זיך אויך ניט שטאַרק נאָכגעפֿרעגט.

דרײַ טעג איז ער געזעסן אין שטוב פֿאַרשפּאַרט מיט דער טרויעריקער ווײַב, געכײַעט דאָס האַרץ מיט האַרטע, טונקעלע בלינעס, וואָס זי פֿלעגט אים אויסקערן גלײַך אַפֿן טיש און ער האָט אַזוי ביסלעכווײַז אופֿגעשטעלט די רויִנירטע קויכעס.

---

דער פֿעטער פֿאליע האָט זיך געשטעלט צוריק אַרבעטן אין דער אַמאָליקער גאַרבערײַ איצטער האָט זי שוין ניט געהערט צו מענדע דעם גאַרבער, נאָר צו עמיצן אַן אַנדערן, וואָס מען האָט אים עפּעס אי יע געזען׳ אי ניט געזען.

פֿאַר דער צײַט, וואָס ער האָט געראַמט די שטאַלן באַ ערגעץ אַ געשטופּלטער דײַטשקע אין טיראָלי איז דאָ פֿאָרגעקומען אַ רעוואָליוציע (אָ, ווען פֿעטער פאליע קען דערגיין דעם עמעסן טײַטש פֿון וואָרט!) און דער אַרבעטער-קלאַס (ווען מען גיט עס אים צו פֿאַרשטיין, אַלעמײַ מען רעדט אַרויס אָט די צווייִ ווערטער צוזאַמען!) האָט פֿאַרכאַפּט די מאַכט. די בורזשואַזיע (דאָס אייגענע, וואָס גווירים) שטעלט אַרויס אַ העפּטיקן ווידערשטאַנד (דאַפּ-קע יידישע ווערטער אָבער קלעפּן זיך שטאַרק צו דער צונג). מאָדנע קומט אָבער אויס, וואָס די [illegible] שטאַמט פֿון דאָניען און פֿון יענעם דאָרן גויישקן שפּיגל-פֿאַלשער, די ביידע, וואָס האָבן געהאַט אַ טעווע רוקן אַלעמען אין די קעשענעס שירהאַמײַלעסלעך, פֿאַר וועלכע מען פֿאַרזעצט אין קוטשעמענט.

ער, פֿאָליע, האָט זיך קיינמאָל ניט געמישט. ער האָט זיי אינדרערד. איצטער איז שוין אָבער טשיקאַווע צו וויסן, וואָס דערפֿון וועט אַרויסקומען:

— דער אַרבעטער-קלאַס איז דיר ניט מענדע!

און פֿעטער פֿאָליע האָט זיך דערווײַל גענומען צוריק צו דער אַכילע.

---

אַנומלטן איז צו זיי אַפֿן זאַוואָד געקומען עפּעס אַ וויכטיקער כאַוועד אָפּנעמען אַ קעסל וואָס האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין הויף פֿון זאַוואָד, פֿאַר אַן אַנדער פֿאַבריק. די גאַר-בערײַ האָט זיך דאַפּקע אײַנגעשטעלט פֿאַר דעמראָזיקן קעסל, ניט געוואָלט אָפּגעבן

בעשומויפן, און דער קרומער טראכים פון נאָווינקי, אַן אַלטער אַרבעטער, האָט דעמלט אַ געשריי געטאָן:

— וורויאָש! מיר זײַנען דער באַלעבאָס פון לאַנד!

ער האָט אָנגעוויזן אַף זיך און אַף דעם פאַרגלייוערטן פעטער פּאַליען נעבן אים.

דער פעטער איז געוואָרן מעוווהעל, בייסמײַסע האָט ער זיך געוואָלט אַרויסדרייען פון גאַנצענעם איניען:

— ניע, טאָוואַרישטש, יאַ ניע כאַזיאַין, אָ, ניע!—האָט ער געטײַנעט.

נאָכדעם איז ער אָבער געגאַנגען אַהיים פאַמעלעך, פּוסטריט, מיט אַ שמייכל אַפן גראָבן וואָנץ און באַ אים אין קאָפּ האָט זיך עפּעס געקאַלופּעט, ווי אַ ווערעמל אין אַ גריבל.

דעמלט האָט ער זיך אין שטוב ניט געכאַפּט באַלד צום עסן, ווי געוויינטלעך, ער איז אַרומגעגאַנגען איבער די דרײַ טונקעלע צימערלעך, געריבן זיך די בערשטלדיקע מאָרדע, און נאָכער האָט ער זיך פלוצלונג אַ ווענד געטאָן צו דער ווײַב:

— גיי אַראָפּ אין הויף,—האָט ער געזאָגט,—און גיב איבער, אַז פּאָליע איז שוין געוואָרן אַ באָלשעוויק.

די טרויעריקע יידענע האָט געשוויגן, ווי אַלעמאָל, און איז אַראָפּ געהאָרכזאַם אויספילן די שליכעס פון מאַן.

פעטער פאליע איז געבליבן וואַרטן באַם טיר. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָט ער דערפילט אַ גײַסטיקע אומרויקײַט, עפּעס אַ מין איידעלע שיקרעס, וואָס שלאָגט ניט פון מאָגן, נאָר פון האַרצן.

דאָס ווײַבל (מע רופט זי כיענע אָדער העניע—פאַרהערט איר נאָמען) האָט עס געמאַכט אונטן בעקיצער, אַרײַן אַהער אַהין, אַבי אָפּגעזאָגט, און אַז זי איז שפּעטער אַרופגעקומען, האָט ער זי באַלד אַף די טרעפּ באַגעגנט:

— נו, וואָס?

— דערציילט,—האָט זי געזאָגט.

— און וואָס זשע האָבן זיי געענטפערט?

— זיי האָבן געלאַכט,—האָט זי געזאָגט טרויעריק.

פעטער פאליע האָט אַ זיפץ געטאָן, שטיל און פאַרזאָרגט אַרײַן צוריק אין שטוב און איז שוואַרץ געוואָרן ווי קויל.

זופנדיק נאָכדעם פון דער גרויסער שיסל, האָט ער געטראַכט, אַז מיט זעלמעניאַנער טאָר מען ניט האָבן קײַן מאַגעזומאָסע, און דעריקער דאַרף מען זיך אַרײַנעמען אין זינען אַז די שפּעטערדיקע יונגע ווערים זײַנען נאָך ערגער פון דעם אַלטן דאָר.

ער האָט פײַנט געהאַט די זעלמעניאַנער אין וואָרצל.

(פאָרזעצונג קומט).

ש. ראָסין.

# אין פרילינג-נעפל.

הײַנט—
אַ טאָג אַזאַ אויסערגעווײנלעכער
אַזאַ אויסערגעווײנלעכער טאָג
אינעם פרילינג.
עס לײַכט הײַנט די זון אזאַ יונגע און פריילעכע
און וואָלקנדלעך
ווײַסע
מיט בלויקײַטן שפּילן.

ציט עס פון שטוב זיך אין פעלדער,
אין אָפענע,
יאָגט עס,
און טראָגט זיך,
און יאָגט עס דיך אָנעט;
מיטאַמאָל וואַכן אוף
פאַרדראָסן פאַרשלאָפענע,
יאָגן
און יאָגן,
און וועקן,
און מאָנען!

פעלדערישעברייטן און נעפלען פאַרשלייערטע,—
עס זינגען שוין שוואַלבן,
עס גרינען שוין בוימער.
און דיר איז וואָס באַנג,
און ס'איז עפעס דיר טרויעריק,
און ס'ווילט זיך דיר וויינען.

און ס'ווילט זיך דיר לאָזן אין ווײַטן,
וואָס רויכלען זיך;
שפּאַנען,
און שפּאַנען,
א'ן ערגעץ ניט קומען,
ביז ס'וועט ניט פאַרבלײַבן ביז לעצטן
קײַן זייכער

פֿון גרונטלאָזן ווײ,
פֿון שפּורלאָזן אומעט.

ביז ס'וועט ניט פֿאַרבלײַבן קיין צייכן,
קײַן סימען,
קײַן שפּור, און קיין זייכער
פֿון יענע פֿאַרגאַנגענע,
פרוכטלאָזע צײַטן,
און די וועסט זיך טראָגן
אין ליכטיקע ווײַטן—
א דורכזיכטיק לײַכטער,
ווי וואָלקנדלעך ווײַסע
אין הימל, וואָס שווימען.

מ. יאַקיִר.

# מינסק.

...שטייסטו דאָ געוועגדעט
א שוימער בא די ראנדן.

מינסק מײַן שטילער, מינסק מײַן בלאָנדער,
האָסט אַליין זיך דאָן דערקענט דאָ.
איצט בא טויערן, באַ ווענט דאָ,
איך א יונגער
שטיי איך, זע איך און דערמאָן זיך:
הייסע וועלדער, הייסע שײַטערס...

— אופשטאַנדן און רײַטער —
רויטע קאַוואַלעריע!

פון דער ברייטער גאַס ביז בלאָטע-גאַס,
פערעספער, קאָמאַרויקער,
מ'איז אַרויס אַנטקעגן:

— אונדזערע!
— די רויטע!

וויפל האָבן יונגען יונגינקע, צעברויזטע,
קאָפ געלייגט, געפאַלן...
קאָפ מײַנעם אַנטבלויז איך,
האַרץ מײַנע צעפראַל איך...

---

באַרג פון שטאָט—דער אויבנאָן.
שאָטנט אַ בולוואַרל.
הויך אַנטקעגן רויט זיך פאָן —
„ראַטפאָלקאָמיסאַרן".

געשטיינט אַמאָל לעם בענק, עך דאָ
אַ קייסער אַ באַוואָסטער,
איצטער שטייט און דענקמאָלט דאָ
לעקערט—הערשקע-שוסטער.

ווי די טײַכלעך פון אַ טײַך,
ווי פון עמעצנס אַ מעסער,
דאָ, פונדאַנען, קרום און גלײַך
שנײַדן גאַסן זיך און געסלעך.

טינט פון נאַכט און מילך פון טאָג
מעסט דאָ הויכער זייגער;
אין זײַן טויקן פאַרטאָג
האָט זיך מינסק צעלייגט דאָ.

ה. מײַזל.

# אײַזן - מויער.

## נאָוועלע.

### I.

די בריגאַדע איז אָנגעפֿאָרן אַף דרײַ צעוואַלגערטע באַלעגאָלישע שליטנס, אָנגעפּאָרן מיטן שטאָטישן שליאַך, שאַרנדיק זיך מיט די פֿאַרפֿראָסטיקטע אָנגעבראַקניעטע גליטשערס אַן די צעפּוּלווערטע ווענט פֿון די שאַבעסדיקע פּריזבעס.

פֿאָרויס איז אַרײַנגעפֿאַרן אין שטעטל דער קאָמיוג מיט זײַן צעפֿלאַטערטן פּלאַקאַט— „קאָלעקטיוויזירונג - דער נאָענסטער וועג צום סאָציאַליזם". איינער פֿון די יאַטן, אַ באָכער מיט אַ פֿאַרשפּיצטן פּאָנעם, ווי דער צייכן פֿון „קים", האָט זיך געריסן אַף די אָנגעצויגענע יקשקעס פֿון אַ פֿאַרקילטער הייזעריקער האַרמאָשקע, און די איבעריקע האָבן אויסגעכריפּעט עפּעס אַ נײַעם שרײַענדיקן ניגן, וואָס איז געבליבן הענגען אַף די פֿאַרגליווערטע טעלע-גראַף-דראָטן, ווי אַ ווײַסע פֿאַרוואָגלטע טויב, און דערנאָך אַראָפּגעריסן זיך און אָנגעהויבן שלאָגן זיך מיט ווײַסע פֿאַרבלוטיקטע פֿליגלען אָן שיוון אָניווקס פֿון די פֿאַרקאָוועטע פֿענצטער.

רעב זאַוול,—דער אַמאָליקער וואַלר-סויכער און איצטיקער אָגאָראָדניק און פֿיש-הענדלער,—איז ארויס אָפֿן גאַניק און באַגלייט די כאַליאַסטרע מיט אַ ביטלדיקן שמייכל אין דער בריטער באָרד, נאָר הינטער אַרום אין די פֿאַלדן פֿון זײַנע שטעכיקע אויגעלעך האָט זיך אַ צעהאַוועטער פֿײַערל צעברענט, ווי מע וואָלט אים אָנגעזאָגט, אַז עמיצער האָט אַרויסגעריסן די פֿאַליעס פֿון זײַנע סאַזשלקעס און די אויסגעכאָוועטע יאָזן און שלײַען זײַנען זיך צעשוומען אין אַלע זײַטן.

אין צווייטן שליטן האָט זאַוול איבערגעציילט דרײַ פֿאַרשעווערטע פֿאַרשוינען מיט פֿאַרויכערטע קנייטשן אַף די פֿאַרפֿרוירענע פּענעמער—אַפּאָנעם אַרבעטער. לעבן זיי איז געזעסן עפּעס א פֿערטער מיט אַ געלבן לעדערנעם מאַנטל, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען פֿון אונטערן גרויסן פֿאַנאַנדערגעשפּיליעטן פּעלץ. ווער איז דערדאָזיקער פֿאַרשוין איז שווער געווען צו טרעפֿן. גיכער פֿון אַלץ אַ שמענדריק, אָן אַקטיאָרשטשיק, אַ טענצער, וואָס קוליעט זיך אַף בילעטן אין פֿײַערלעשער-שטאַל.

אין דריטן שליטן זײַנען געזעסן נאָר צוויי נעפֿאַשעס—אַן „ער" און אַ „זי". ער— אַ גלאַט-אָפּגעראַזירטער יונגערמאַנטשיק מיט אַ צורע. ווי אַ פֿאַרוואַלגערטער בויגן פּאַפּיר אין שטויב פֿון א ביוראָקראַטישן טישקעסטל—און זי—אַ זשוואַווע נעקייווע, אָנגעטאָן אין א גרינגן מאַנטעלע אַף אָרעמאַנסקע פֿיי. אַף די, אַרומגעשוירענע שוואַרצע הערלעך מיט די ווײַסע פֿראָסטיקע לאָקן באַ די שלייפֿן, אַ מאנסבילשע היטל, פֿאַרוקט אַף דער פּאַטיליצע. זי האָט זיך ווײַט אַראָפּגעשאַרט פֿון הויכן שטרויענעם געזעס און האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די שפּיץ פֿינגער אין פֿורמאַנס פֿאַרשטאָפּטן גאַרטל. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אָט פֿליט זי אַוועק אינדערלופֿטן צוזאַמען מיט די פֿאַרכליניעטע קלאַנגען פֿון דער הייזעריקער האַרמאָשקע.

די שליטנס האָבן זיך אײנציקווײז צעקושט מיט רעב זאַוולס גאַנעק און פֿאַרקירט, װעט גלײַך אין כאַזער-גאַס, װי ס׳װײַזט אויס, צום רײַקאָם.

רעב זאַוול איז אַ װײַלע נאָך געבליבן שטײן, פֿאַרטראַכט געקוקט אַף די פּרישע, נאָר װאָס אַראָפּגעפֿאַלענע שטרויעלעך, אָפֿן אײַנגעפּרעסטן דינעם שניי און פּאַװאָליע אַרײַן צוריק אין דער שאַבעסדיקער שטוב, עטלעכע מאָל זיך דורכגעגאַנגען איבערן גרויסן צימער, אָפּגעשטעלט זיך בײַם הענגער און אַראָפּגענומען דעם פּוטער.

אײגנטלעך זײַנען אים דיראָזיקע „סמאַראָװאָזניקעס” מיט די לידלעך געלעגן אין דער לינקער פּײע, נאָר פֿונדעסטװעגן שאַדט ניט אַרױס אין גאַס און געװאָר װערן, װאָס איז עס פֿאַר אַ כעװרע „כװיי, די װלאַסט איז דאָך פֿאָרט זײערע”.

און די גאַס איז אַ גאַס װי אין אַלע טעג: פֿאַרמאַכטע הױפֿן מיט אײַנגעפֿאַלענע פּלױטן, מעיושעװדיקע צײַגן מיט אױסגעלײדיקטע פֿאַרלאָזענע אײַטער און גליקלעכע שװאַנגערע אױגן, אָפּגעקאָרמעטע כאַזײרים מיט זאַטע ראָזע שנוקן, אַרומגעפֿרױרענע ברונימער מיט גליטשיקע צעװיגטע שטאַנגען, צעקרימטע, פֿאַרװײעטע פּריזבעס אונטער שװאַרצע מאָרעשכױרעדיקע פֿענצטערלעך. מער ניט בײַ דער געבײַרע פֿון רײַקאָם אַ כאָפּטע קונדײסים מיט פֿאַרבאַקטע ליכטלעך, װאָס האָבן ניט װאָס צו טאָן און װאַרטן נאָר אױס אַף אַ כאַסענע עפּעס, קעדײ צו קלײַבן זיך אין רעדלעך.

דער אָגאָראָדניק האָט זיך אַרײַנגעשלײַכט אין אױלעם, װי אַן אָפּגעקאָרמעטער, פּוזאַטער העכט אין דער צעשפּרײטער נעץ: פֿאַרזיכטיק מיט אַ זײַט, אָנגעשטעלט אַ פּאָר רױטע אױגן באַשמעקנדיק די טשיקאַװע, קײנמאָל ניט געזעענע קעסטלדיקע גראָזן און בלײַבט שטעקן ניט אַהין און ניט אַהער.

— װאָס האָט איר דאָ ניט געזען?—האָט זיך דער אָגאָראָדניק געשטופּט צװישן אױלעם,—אַ גאַס קען מען דאָך איבער אײַך ניט דורכגײן.

און דערעכאַגעװ כאַפּן אונטער די אָנגעשפּיצטע אױערן אָפּגעפֿליקטע פֿראַזן פֿון אַרומיקן געמורמל:

— מע װעט אַלעמען פֿאַרשרײַבן, גאַנץ שטעטל פֿאַרשרײַבן.

— די נעפּלײַט אַ מאַקע.

— אָפּן בעסוילעם זײ אַן אָרט.

די לעצטע װערטער האָט אױסגעשפּיגן פֿון אונטער דער גרױסער פּאַטשײלע הינדע אַלמאָנע, אױסגעשפּיגן מיט אַ קיװן רעב זאַװלען גלײַך אין פּאָנים אַרײַן, און אין אירע קראַנקע אַרומגעליאַמעטע אױגעלעך האָט זיך אָנגעצונדן אַ בײזער, ניטבאַהאַלטענער געלעכטערל. דער אָגאָראָדניק האָט נידעריק אַראָפּגערוקט זײַן ראַבאָנישע קוטשמע אַריבערן שטערן און אין הארצן בײַ אים, װי פֿאַרגליװערטע טראָפּנס אַף די נעצן אין סטאַדאָלע, בלעזלען זיך שטעכיקע גאַליקע װערטלעך: זי אױך, די קאַבצנטע, קנאַפּ מײַן ברױט געפֿרעסן.

און אין דער צעעפֿנטער, צעפּאַרעטער טיר דער שרײַענדיקער לאָזונג „קאָלעקטיװיזירונג—דער נאָענטסטער װעג צום סאָציאַליזם”.

שטױסט זיך דער מילנער צװישן אױלעם און אײלט אַף צוריק, װי דער דערשראָקענער העכט, װען ער דערשפּירט, אַז די טשיקאַװע גראָזן זײַנען גאָר קײן גראָזן ניט, אַז דאָ דראָט אים אַ געפֿאַר, װאָס מ׳קאָן עס נאָך אַף קלאָר ניט אָנרופֿן מיט אַ באַשטימטן נאָמען, נאָר דאָך איז עס שרעקלעך און אומפֿאַרמײַדלעך, װי די אױסגעפֿלאָכטענע קעסטלעך אינעם מוטנעם צעבליטשעטן װאַסער.

II.

און בײסמײַסע נעמט אוף מירקין,—דער נײַער סעקרעטאַר פֿון רײַקאָם,—די אָנגעקומענע געסט.

— אײַזן-מויער,—כאַזערט ער איבער זײַן באַליבט ווערטל, ווען ער איז שטאַרק אויפגעלייגט,—איצט וועלן מיר אַן אַרבעט טאָן, ס'וועט זײַן אײַזן-מויער.

אין קליינעם קעסטלדיקן קאַבינעט איז ענג. כעווורע האָבן שוין היפּש אָנגעטאָפּטשעט מיט זייערע פאַרשנייטע וואָליקעס. דער פאָרשטייער פון ערד-אָפּטייל מיטן גלאַטן אָפּגעוועלקטן פּאָנים וואַרעמט זיך בײַ דעם קאַכלנעם אויוון, און אונטער זײַנע פיס האָט זיך צעשוווּמען אַ שוואַרץ ברודיק טײַכל, ווי אימיצער וואָלט דאָ אויסגעקערט אַ גרויסע פלאַש מיט טינט. ער קוקט שווײַגנדיק און טעמפּ אַף דער אָפּגעקראָכענער סטעליע, אַף די צעאַפּנטע טישקעסטלעך פון מירקינס שרײַבטיש און ס'דאַכט זיך, ער צייכנט אין ראַיען די אָפּגעטאָקטע פונקטן פון דער רעזאָליוציע וועגן דער פאָרשטייענדיקער אַרבעט.

דאָס מיידל מיט די אַרומגעשוירענע הערלעך האָט זיך צוגעזעצט לעבן טיש און הערט ניט אויף צוגלעקלען מיט איר זאַפּטיקער זינגעוודיקער שטים. אַ בויגעוודיקע, אַ רירעוודיקע, זעט זי אויס, ווי אַ לעבעדיקע שטיק פײַער און, קוקנריק אַף איר, שפירט דער סעקרעטאַר, אַז אַלץ וועט ווירקלעך זײַן אײַזן-מויער.

לינקס, פון דער צווייטער זײַט האָט זיך צוגעזעצט דער באָכער מיטן לעדערנעם מאַנטל. אין האַנט בײַ אים אַ גילדערנע פעדער, וואָס הערט ניט אויף צו פּורסקען מיט בלויע טראָפּנס איבערן פאַרפלעקטן טיש:

— וויפל ווירטשאַפטן האָט איר שוין קאָלעקטיוויזירט?

ער רעדט און זשמורעט מיט איין אויגל, ווי אַ קעלבל בײַם מע דרייט עס פאַרן עק. אַן אַלטער פּרעסע-טוער מיט אַ פלינקער סענטימענטאַלער פּען האָט ער שוין פאַרטיק אינעם געדאַנק בײַ זיך די ערשטע קאָרעספּאָנדענץ פון שלאַכטפעלד, צום אָנהויב, פאַרשטייט זיך, אַביסל פּאָעזיע, דער ווינטערדיקער פּייזאַזש, די קאַלטע זון, די פאַרשנייטע שטיבלעך, דערנאָך ציפער, וואָס מער ציפער באַפּעפערט מיטן אָרעמען קליינשטעטלדיקן שטייגער. און אָט דידאָזיקע ציפער מוז מען וואָס גיכער אַרויסבאַקומען בײַם סעקרעטאַר פון ראַיקאָם, קעדיי נאָך הײַנט, מיט דער ערשטער פּאָטשט, אָפּשיקן דעם ערשטן בריוו אין רעדאַקציע.

קערט זיך מירקין אָפּ פון אײַנגעשפּאַרטן זשורנאַליסט, וואָס האָט שוין פאַרשפּריצט מיט זײַן צעשרויפטער פּען דעם גאַנצן טיש, קערט זיך אָפּ, ווי פון אַ בײַסנדיקער פליג, וואָס הערט ניט אויף צו זשומען אין אויער מיט אַ שטעכיקן גיפטיקן געקלאַנג, נאָר דער באָכער האַלט אים פעסט פאַרן לאַץ און לאָזט אים ניט רוען.

— וויפל?

— גייט אין ריק, וועט מען אײַך אַלץ זאָגן.

די גאָלדענע פעדער האָט אויפגעהערט צו רעגענען מיט אירע בלויע טראָפּנס און מירקין קאָן שוין איבעראַנײַס שמועסן מיט די כאַווײרים.

אין טיר רוקט זיך אַרײַן דער שטעטלדיקער אַקטיוו: דער פאָרזיצער פון גאַצראַט מיט אַ גראָב-בײַכיקן פּאָרטפעל, דער סעקרעטאַר פון קעמערל מיט אַ פּאַפּקע אָקאָרשט איבערגעשריבענע פּראָטאָקאָלן, אַ פּאָר קוסטאַרעס, אַ לערער פון דער זיבניאָריקער שול, וואָס קלײַבט זיך דערלאַנגען אַ מעלדונג אין פּאַרטיי, נאָר ס'פעלט אים אַן אונטערשריפט און סטאַם נײַגעריקע, וועלכע האָבן ליב צו שפּאַרן זיך דאָרטן, ווו ס'איז ענג.

טומלט זיך אין ראַיקאָם, ווי ערעוו אַ כאַסענע, ווען עס פאָרן שוין אָן די מעכוטאָנים און ס'איז נאָך גאָרנישט ניט גרייט צו אויפנעמען די געסט. איינער שרײַט איבער דעם צווייטן, יעדערער האָוועט און שמײַעט און אַלע שטייען אַף איין אָרט.

— וואָס הערט זיך עפּעס אין מינסק? פרעגט דער לערער בײַם אָרומגעשוירן מיידל—שוין פאַרטיק די נײַע געבײַרע פון אוניווערסיטעט?

— אַ מוידאָע דאַרף מען אָנשרײַבן,—ווײַסט אים איבער די רייד דער פאָרזיצער פון גאַצראַט,—טייקעף אָנשרײַבן אַ מוידאָע.

— און אַ וואַנטצײַטונג אַרויסלאָזן, אַ ספּעציעלע וואַנטצײַטונג,—רעקאָמענדירט אַ היציקער וואַנטקאָר.

און מירקין, ווי אַ קאָמאַנדיר פֿאַרן שלאַכט, באַטראַכט מיט אַ געלאַסענעם שמייכל זײַנע באַהעלפֿער און שליסט פּאַוואָליע צו זײַנע טישקעסטלעך.

— שוויצט ניט, יאַטן, ס'וועט אַלץ זײַן אײַזן-מויער. פֿריער פֿון אַלץ דאַרף מען אָנקאָרמענען דעם אוילעם, כ'האָב נאָך אויך גאָרנישט ניט איבערגעביסן, קומט אין קיך אַרײַן. און אַלע איניינעם האבן זיך אַ לאָז געטאָן דורכן טיר.

III.

שפּעט אין אָוונט, ווען דאָס שטעטל האָט שוין געשמאַק געדרימלט אונטער די ווײַסע-קאָלדרעס אַף די סטריכעס, נאָך דעם לאַנגן אומעט לעבעדיקן פּאָרטראָג פֿונעם ערד-אָפּטייל, נאָכן דערעסענעם ספּעקטאַקל מיט די פֿאַלשע בערד און פּאַריקן, וואָס ווילן זיך בעשומויפֿן ניט האַלטן און פֿאַלן אַראָפּ אין מיטן דער פֿאָרשטעלונג — זײַנען די ברי-גאַדע-מיטגלידער געזעסן בײַ מירקינען אין שטוב און געאמפּערט זיך איבער דער אינסטרוקציע פֿון קרײַזקאָמיטעט.

דער ערד-אָפּטייל האָט זיך אַלץ געסטאַרעט דערווײַזן, אַז די אינסטרוקציע דאַרף גאָר אַנדערש פֿאַרטײַטשט ווערן, ווי עס פֿאַרשטייען זי די אָרטיקע טוער און דעריקער די כאַווערטע מאַניע—דאָס זשוואַווע מיידל מיט די אַרומגעשוירענע לאָקן.

— איך פֿאַרשטייט,—האָט ער געטײַנעט,—די העכערע אָרגאַנען קאָנען אַלץ ניט אַרײַנלייגן אין מויל, ס'זײַנען פֿאַראַן באַהאַלטענע קאָוואָנעס.

— וואָסערע קאַוואָנעס?—האָט זיך מאַניע געערגערט,—איך האָב געלייענט סטאַלינס לעצטן אַרטיקל, כ'האָב געהערט צענדליקער באַריכטן אַף די שטאָטישע פּאַרטיי-פֿאַרזאַמלונגען און קיינער פֿאַרמעסט זיך ניט אַף די שטעטלדיקע ציגן.

און פֿון דרויסן דורך די געדיכטע וועלדער אַף די שויבן האָט אַרײַנגעקוקט אַ פּראָסטיקע נאַכט. אַף די פֿאַרווייעטע צעגריבעטע גערטנער, וואָס מ'האָט הײַנט אַף דער אַלגעמיינער שטעטלדיקער פֿאַרזאַמלונג אײַנשטימיק באַשלאָסן צו קאָלעקטיוויזירן, האָבן זיך בייזע היִנט צעוויעט. אין זייער אומעטיקן צעסקריעטן געביל האָט זיך געשפּירט דער ווייטיק פֿונעם אָנגעגריפֿענעם סוינע: מירקין האָט זיך דערמאָנט אַפֿן גיפֿטיקן געלעכטערל, מיט וועלכן ס'האָט אַף אים די גאַנצע צײַט פֿון דער פֿאַרזאַמלונג געקוקט דער אָגאָראָדניק, אַף די אַראָפּגעלאָזענע האָריקע קוטשמעס פֿון די באַלעגופֿים, וואָס האָבן זיך פֿאַרטײַעט באַם טיר, אַקוראַט ווי די וועלף, אַף די פֿאַרשלאָפֿענע אויסגעמאַטערטע פּענימער פֿון די איבעריקע פֿאַרזאמלטע, וואָס האָבן, קאָנטיק, קײַן וואָרט ניט פֿאַרשטאַנען אין „ערד-אָפּטיילס" ציפֿערן און גורנע ציטאַטן, פֿון וועלכע ס'האָט אַף אים, אַף מירקינען אַליין, געשלאָגן מיט דומפּיקן רייעך פֿון אַ ביוראָקראַטישן צירקוליאַר.

— גאָרנישט, ס'איז אײַזן-מויער,—האָט מירקין בא זיך געטראַכט, זאָלן קריצן מיט די ציין די באַלעגופֿים, זאָלן נודיען די ביוראָקראַטן—מירן אַלץ איבערקומען, אײַזן-מויער.

און דאָס שטעטל איז אַוועק כאָדאָראַם. פֿון הויף צו הויף, פֿון שטוב צו שטוב האָבן יוכטאָווע שטיוול און שיך נײַע שטעגן און וועגן אויסגעטראָטן. יידן און יידענעס שושקען זיך בײַ די וואַרעמע הרובעס און לעזשאַנקעס.

— וואָס וועט עס זײַן?

— אַ קאָלכאָז מאַכט מען פֿון גאַנצן שטעטל.

— מיט טראַקטערן.

— אוי טאַטעלעך, קרוינעלעך!

אין די קאַבצאָנעסדיקע אָנאָמענדיקע גאָסן, אין די שטיבער און פּאַריין-ביכלעך, אָן פּאַטענטן האָט זיך דורכגעטראָגן אין מיטן ווינטער אַ וואַרעמער זוניקער ווינטל, אופֿגערייעט

און צעשאַרט די דאַלעסדיקע הורבעס שנײ און אַף די אויסגעפֿינצטערטע צורעס האָט זיך אַ האָפֿענונג צעשטראַלט.

הינדע די אַלמאָנע וואַרעמט אירע אויסגעמאַטערטע גלידער אַף דעם צעבראָכענעם לעבלעכן אויוון און שטעלט זיך שוין פֿאָר, ווי אַזוי, מירצעשעם, נאָך פּייסעך, אַז מ׳וועט אָנהויבן אַרבעטן אין קאָלעכאָז, וועט זי אויסקויפֿן אירע שמאַטעס באַם אָגאָראָדניק און אָנהויבן לעבן מיט מענטשן צוגלײַך.

יענטע די טעפּערקע פֿלעכט מיט צעשטאָכענע פֿינגער דעם פֿאַרזשאַווערטן דראָט, דרייט און ציט צונויף די ריפּן פֿון דער גאַבעטעס צעשפּאָלטענער דארליע און טראַכט, אַז אויב עס זאָל טאַקע זײַן אַזוי, ווי מע זאָגט, וועט מען דאַרפֿן פֿאַרדראָטעווען די אייגענע קיילים. זי וועט נאָך אויך קאָכן וואַרמעס, ווי באַ לײַטן.

און סימכע דער באַלעגאָלע באַרשט און קעמט זיין בלינדן פֿערד. אַ פֿאַדלע איז אַ ביזאָיען צו פֿירן אין קאָלכאָז אַריין.

נאָר אין בעסמעדרעש האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ פֿינצטערע מאָרעשכוירע, אויסגעשפּרייט זיך פֿון דער בימע ביזן ראָווס שטענדער.

— וואָס זאָגט איר, רעבעניו, אַף דער גזיירע?

— אַ גזאַר מין האַשאָמאַים.

— עט, ס׳איז וועדט אַ שמעק טאַבעק, ס׳וועט ניט אויסהאַלטן.

— אָבער מיט די גערטנער און אָזערעס איז ביטער...

נאָכן דאַוונען צעגייט מען זיך יעדערער באַזונדער, יעדערער מיט זײַן וועג צו זײַנע דײַגעס און זאָרגן.

באַ דער סטאַדאָלע מיט די האָלאָבליעס צום פּאַרקאַן שטייט אַן אויסגעשפּאַנטער שליטן. עס שמעקט מיט פֿוילע פֿיש און מיסט.

— ס׳איז לעטון דער סלאָבאָדער, — שטויסט זיך רעב זאַוול אָן נאָכן שיוון פערדל און נאָך דער רויטער דוהע,—פֿיש געבראַכט מיסטאָמע.

רעב זאַוול ווייס, אַז איצט זיצט לעטון באַם גרויסן טיש אין פֿאָדערשטוב, שנײַדט גרויסע לוסטעס ברויט און עסט מיט קליינע געטריקנטע פלאָטקעס פֿון דער אייגענער סאַזשלקע, ער בײַסט די פלאָטקעס פֿון רוקן, איבערלאָזנדיק ניטגעריטערהייט דיביינדלעך און אָפֿן טיש וואַלגערט זיך אַ גאַנצער באַרג מיט „סקעליעטן“.

— דאָברי וועטשער,—זאָגט זאַוול, אַריינגייענדיק אין שטוב.

— וועטשער דאָברי,—ענטפֿערט לעטון.

באַם גרויסן אויוון פּלוידערט שוין דער סאַמאָוואָר. זאַוול קוקט אַריין אין די צעגליטע קוילן און גייט פּאַוואָליע אונטער צום פֿויער.

— מ׳האָט דיך נאָך ניט קאָלעקטיוויזירט?

— פּאקול שטאָ זשיוויעם.

לעטון האָט פֿאָרזיכטיק צענויפֿגעשאַרט די ברעקלעך פֿון טיש און מיט אַ פֿרומען געניצל אַרײַנגעשאָטן זיי אין מויל.

די דינסט האָט אַרויסגעטראָגן פֿון שפּיזאַרניע די גלעזער מיטן צוקער און פּאַטשנדיק מיט די צעפּלעצלטע באָרוועסע פֿיס, פֿאַרשוווּנדן אין דער הינטער-שטוב.

באַם געגרייטן פֿאַנאַנדערגענומענעם טיש איז שוין געזעסן דעם אָגאָראָדניקס גאַנצע מישפּאָכע. די ווײַב, אַן עלטערע יידענע מיט דינע בייזע ליפּעלעך און אַ לאַנגער פֿאַרקרימטער נאָז, וואָס האָט זיך נאָך מער פֿאַרקרימט, ווען זי האָט באַמערקט דעם אוירעך, וועלכן זאַוול האָט געבראַכט צום טיי. לעבן איר איז געזעסן די סטודענטן דווירל, וואָס איז געקומען אַף עטלעכע טעג אַהיים, קעדיי צו באַזאָרגן זיך מיט אַ פּאַפּירל, אַז איר טאַטע איז ווירקלעך אַ גערטנער, אַ פויער, ווי דאָס פֿאָדערט זיך לויט די סאָוועטישע געזעצן. אַנטקעגן האָבן זיך ברייט צעלייגט אין די שטולן די באָנים, דרײַ געזונטע ברייטפּלייציקע

באָכערים. זיי זײַנען שוין ניט אַזוי אײדל געפּאַטשקעט. ווי די געבוילבעטע שוועסטער. זייערע ווזן זײַנען די אָזערעס און סאַזשלקעס, די פּראָפֿעסאָרן — לעטונס כפּעדקע און מיקיטקע. מיט ווענען זיי מאַכן אַ קערטל, אַ קויסע פון עמעסן דײנעם פּערוואַטש.

די שטוב-מײדל האָט אַרײַנגעטראָגן דעם גראָב-בײַכיקן סאַמאָוואַר און די אַלטע האָט מיט אַ ברויגעזער מינע אָנגעהויבן אָנגיסן דעם „טײ".

לעטון האָט געטרונקען מיט טאָם און מיט קאַוואָנע, הילכיק געכליאָבעט איין טעצל נאָכן צווייטן, צוהאַלטנדיק מיטן האַנט די גרויסע גאַלאַכישע באָרד, זאַוול האָט פאַרטראַכט געקלאַפּט מיטן זילבענעם לעפעלע אָן די ברעגעס פונעם געשלײפֿטן גלאָז און עפּעס גע-זוכט מיט די מאָרעשכוירעדיקע בליקן אין דער געדיכטער פּאַרע, וואָס האָט זיך געהויבן פון סאַמאָוואַר צו דער סטעליע.

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס בא אײַך אין דאָרף?

— שלעכט,— האָט זיך לעטון אָפּגערופֿן,—זייער שלעכט.

— וויפל ערד האָסטו?—האָט זיך דווירל פאַרינטערעסירט.

— דרײַסיק דעסיאַטין, אַכוץ ליאַדעס און לאָנקעס.

— אָהאָ ביזט דאָך טאַקע אַ קולאַק.

— ס'איז דאָך דעם זונס אויך,—האָט זיך לעטון גענומען פאַרענטפערן,—אָט האָט ער כאָסענע, צעטײלן מיר זיך.

און לעטון הויבט זיך אָן באַקלאָגן אַף זײַן שווערן פויערישן לעבן: קײַן מענטשן לאָזט מען איצט ניט האַלטן, אַלץ קימאַט אַליין, מיט די אייגענע קויכעס, און צום סאָף נעמט מען נאָך אַלץ צו.

— אַ נאַלאָג אָרופגעלייגט, אַז ס'איז גאָרניִשט געבליבן. ס'וועט אַפילע ניט זײַן מיט וואָס צו פאַרזייען די פעלדער.

— זאָגט מיט אים אָניינו,—מאַכט זאַוועליכע צום סאַמאָוואַר,—רייך ווי קורעך, אַף אונדז בעזאָגט געוואָרן.

נאָר ווי לעטון פאַרשטייט ניט, אַזוי זאָל אים ניט שאַטן. ער רוקט נעענטער צו זײַן שטול צו דווירלען, ווישט אָפּ דעם שווייס פון שטערן און שנאָרכעט מיטן נאָז.

— אָט, דו ביזט דאָך אַן אָבראַזאָוועטע, גיב אַן אייצע.

נעפעלט עס דער אָבראַזאָוועטער באַרישניע, וואָס אַזעלכע כאָשעווע, בערדיקע באַלע-גופים ווענדן זיך צו איר נאָך אַן אייצע און זי בראָקט אַריין אָן קײַן שום בייזער קאַוואָנע, אָט פונקט ווי זי וואָלט געענטפערט אַף אַן עקזאַמען פון פּאָליטגראַמאָטע.

— מ'דאַרף אַרײַנשרײַבן אין צייטונג.

— אין צײַטונג זאָגסטו?—קײַט לעטון די ווערטער. ווי אַײַזערגע טשוועקעס, דאַליעבוך ס'איז אַ פּלאַן, ביזט דאָך עפּעס באַ אונדז אַ שרײַבערקע, נעם און שרײַב...

— נאָך וואָס ווערסטו אויפטאָן? — בייזערט זיך זאַוול,—ווילסט לויפן פון נערוועזיטעט?!

נאָר דווירל איז שוין אַרײַן אין דער ראָליע פון אַ ראַבקאָרקע, ס'ווילט זיך איר אויס-פײַנען פאַר די היימישע, באַווײַזן, וואָס זי קאָן און זי מאַכט ניט קײַן לאַנגע שיעס און ברענגט צוטראָגן איר גראָבע סטודענטישע העפט. ווו צוזאַמען מיט מאַרקס פאָרמולעס ווענן מערוועמט האַלט זי איר אַרכיוו מיט די בילדער פון די באַליבטע קינאָ-אַקטיאָרן און איר קאָרעספּאָנדענץ צום שוואַרצכענעווודיקן קאָמיסאַר, וועלכן מע האָט ערשט אויס-גערייניקט פון פּאַרטיי

— אַ גרויסע זאַך, אָט שוין קאַטעווע איך עס אָן.

אין קורצן זיקאָרן שווינדן פאַרבײַ די ראַבקאָרישע בריוו, וואָס זי האָט ווען צופעליק אויסגעלייענט אין אַ צײַטונג, און זי הויבט אָן.

„אין אונדזער ראַיאָן, זינט ס'איז אָנגעקומען דער נייער סעקרעטאַר מירקין, האָט זיך אָנגעמערקט אַ רעכטער אָפּנויג מיט אַלע לינקע קנייטשן"...

זי פֿאַרטראַכט זיך אַווײַלע און טוט אַ ביס דעם בלײַפֿעדער.

— קנייטשן... הם. אין וואָס דריקן זיי זיך אויס?

„...אָט, דעהײַנע, האָט מען באַשטײַערט אַן אָרעמען פויער לעטונען, ניט איבערגעלאָזן אים אַפילע אַפֿן פֿאַרזיי און די קולאַקעס באַשטײַערט מען גאָרניט"...

לעטון און זאַוול זײַנען דערווײַל אַרויס אין שפּײַכלער אָפּוועגן די פּיש. ס'האָט געשמעקט מיטן פוילן רייעך פון פֿאַרלעגערטע אייער. פֿון בלאָטיקע שלײַען, וואָס האבן אָרויסגע-קוקט מיט זייערע רויטע פֿאַרלאָפֿענע אויגן פֿון די אָנגעשטאָפּטע ביז גאָר זעק.

פֿון ווײַטן פֿון דער פֿײַערלעשער-קאָמאַנדע, ווו ס'דאַרף באַלד פֿאָרקומען די שטעטל-דיקע פֿאַרזאַמלונג וועגן דער קאָלעקטיוויזאַציע, ציט זיך שוין אַ באַאַלאַכסנדיקער שײַן, אַ פֿאַרשארפּטער, ווי אַ שפּיז, גלײַך צום שפּײַכלער.

רעב זאַוול האָט אויסגעשפּיגן און אַ ברום געטאָן אין דער ברייטער באָרד אַרײַן.

— און עפּשער איז דווירל טאַקע גערעכט, פֿאַרוואָס ניט אָנשרײַבן אין בלאָט?

.IV

גאַנץ שטעטל איז שוין פֿאַרשריבן אין קאָלכאָז: קוסטאַרעס, אַרבעטער, פֿורמאַנעס, סטאַם אָרעמע לײַט.

וועגן די קוסטאַרעס איז אַפּילע פֿאָרגעקומען אַ קליינער סיכסעך צווישן מירקינען און דעם ערד-אָפּטייל. יענער האָט דורכויס געוואָלט, אַז מע זאָל פֿאַנאַנדערלאָזן די צוויי אַר-טעלן, וואָס עקזיסטירן אין שטעטל.

— איצט איז שוין די גאַנצע „יידן-פֿראַגע" פֿאַרענטפערט, — האָט ער געטײַנעט,— אַלע אומבאַשעפּטיקטע ווערן אײַנגעשלאָסן אין קאָלעקטיוו און די קליינע פּראָדוקציע-אונטערנעמונגען האָבן קײַן שום צוועק ניט.

קוים אײַנגעבעטן זיך, אַז מע זאָל זיי לאָזן ביזן פֿאַרזיי.

פּערוואָמײַסקי דער זשורנאַליסט מיטן לעדערנעם מאַנטל און גילדערנער פֿעדער איז שוין לאַנג אין רעדאַקציע, נאָר זײַנע קנאַקעריקע מעליצעדיקע קאָרעספּאָנדענציעס דרוקן זיך נאָך אַדהאַיעם.

ס'איז שוין באַ אים הונדערטפּראָצענטיקער סאָציאַליזם אין סטארינקע, טראַקטערן— קאָלאָנעס, קאָמבײַנען, געזועלשאַפֿטלעכע קיכן, פֿאַרגעזועלשאַפֿטלעכע הינער און הענער. אַ לעבעדיקע וועלט!

דער קאַלטער אָנשנייִקער ווינטער הויבט דערווײַל אָן צו גויסעסן. אף די פֿעלדער ווײַזן זיך שוין שוואַרצע פליעכעס. דאָס אײַז אין די טײַכן ווערט דורכזיכטבאַר און דין, ווי גלאָז.

און נאָרן קומט מירקינען אויס טאָג און נאַכט. ער קריכט ניט אַרויס פֿון זײַן אויסגעריבענעם פעלצל, ער אײַלט פֿון איין עק ראַיאָן אין צווייטן. אַ נעס, ער האָט גוטע באַהעלפער—די בריגאַדירן, יאַטן, אײַזן-מויער און דעריקער מאַנקע, זי איז גאָר אַ ווילע יאַטשיכע, אַ יאַטשיכע אַ ברען, זי ווערט קיינמאָל ניט מיד. אָט איז ער נעכטן געווען מיט איר אין כאַטליע, און הײַנט פֿאָרן זיי שוין אין פערעוואָז.

פֿונווײַטנס זעט זיך שוין לעטונס ווייספע, אַרומגערינגלט פֿון אַלע זײַטן מיט בלאָטעס און וועלדער—די עמעסע בעריִשע הייל...

און מירקין האָט זיך פלוצים דערמאָנט, אַז אין צײַטונג איז הײַנט געווען עפּעס אַ מאָדנע קאָרעספּאָנדענץ — מע באַשולדיקט אים אין רעכטן אָפּנויג און טאַקע אָט בע-נויגייע דעמדראָזיקן באַלעגוף. ער האָט אים געקריוודעט. און ווידער אַמאָל ציט ער אַרויס דעם בלאַט פֿון קעשענע און לייענט די אומגעלומפּערטע זילזולים און קוועטשט מיט די פּלייצעס.

— כוויי, נאַרישקײַטן, נאָר ענטפֿערן וועט מען דאַרפֿן.

און ער באַשליסט פֿאַרקירעווען צו לעטונען, זען אַלץ מיט די אייגענע אויגן, דערקוי-דיקן זיך אָפּן אָרט.

אַרום באַרג שפּרינגט ער אַראָפּ פֿון שליטן און האַלט זיך אָן אָן פּאָלוקישעק. פֿון ער-געץ זיינען אַרויסגעשפּרונגען צוויי גרויסע הינט. איינער אַ קודלאַטער, אַ שוואַרצער, דער צווייטער אַ לאַנגער, מיט אַ שפּיציקן וועלפישן קאָפּ. די הינט עפֿענען ברייט פֿאַנאַנ-דער זייערע ברייטע געמבעס און פֿאַרכליניען זיך מיט אַ היסטערישן געביל.

דער שליטן גייט שוין באַרג אַראָפּ, צו אַ רויטן פּריצישן טויער, צווישן צוויי רייען הויכע ברייטצווייַגיקע בעריאָזעס.

דער שליטן גליטשט זיך צו צו אַ הויכן גאַנעק, די טיר איז ברייט פֿאַנאַנדערגעעפֿנט, און פונקט אַנטקעגן אין פֿאָרהויז, אַקוראַט, ווי אַף א הוידעלקע וויגט זיך אַ געשאכטענע קאַלב, וויגט זיך מיטן אָפּגעשונדענעם קאָפּ צו דער ערד, מיטן צונג צווישן די צעשטשי-רעטע פֿאַרבלוטיקטע ציינער.

— גוט מאָרגן באַלעבאָס,—זאָגט מירקין אופהויבנדיק זיך אָפּן גאַניק.

לעטון האָט רוגזעדיק אופגעהויבן זײַן באָרד אַנטקעגן די ניטגעבעטענע געסט און מיט אימפּעט אָנגעהויבן ווישן די דלאָניעס אָן דער פֿאַרשמאָלצענער ראָגאָזשע, מיט וועל-כער ער איז אַרומגעגאַרטלט.

— זדראַוו, זדראַוו,—האָט ער מיט מאַטערניש אויסגעזייט צווישן די צעזאַמענגע-פּרעסטע ליפּן און די קליינע אויגעלעך זיינע זיינען זיך צעלאָפֿן ווי בײַ אַ מויז, ווען מע כאַפּט עס אָן פֿאַרן עקל.

מירקין און מאַניע האָבן זיך צוגעזעצט אָפּן גאַניק, באַטראַכטנדיק לעטונס אײַנקומע-ניש. גרויסע אײַנגעפֿונדעוועטע שטאַלן און שייערס, פֿעטע אָפּגעקאָרמעטע בעהיימעס און אָקסן, אַ בריטשקע, אַ פּאָר אַקערס און אַ גאַנצע כאַליאַסטרע כאַזיירים, וואָס האָט זיך ברייטלעך צעלייגט אין דער פֿריליגנדיקער בלאָטע און געוואַרעמט אָפּן זון.

— און וויפֿל האָט ער שוין פֿאַרקויפֿט און אופֿגעפרעסן?—האָט מאַנקע זיך אָפּגערופֿן, אויסגלײַכנדיק די ביינער.

— אַבי דו פֿאַרשטייסט.

— קוקסט עפּשער, וואָס איך האָב אַ קעלבל געקוילעט,—פּרוּווט זיך לעטון אָפּציען די אופֿמערקזאַמקייט פֿון די ניטגעבעטענע געסט אַף עפּעס אַנדערש,—זי איז געווען שון גאָר אַ פייגער, מאָרגן וואָלט זי אלציינס אויסגעצויגן די פּיסלעך. אַ נאָש בראָט אַ פויער פֿאַרגינט זיך ניט קיין געזונטן שטיקל פֿלייש, ער עסט שטענדיק פּאַדלע. וואָס קיינער וויל עס אין מויל ניט נעמען.

לעטון רעדט גיך-גיך, קלאָגט זיך אַף זײַן ביטערן גוירל: טאָמיד אַף די בלאָטעס, אין נעץ און אין קעלט. ערד איז עס דען? ס'האָט מער ניט אַ נאָמען פֿון ערד. אַ לײַטישער פויער האָט 10 דעסיאַטין, נאָר דערפֿאַר עפּעס רעכטס און דאָס, זײַ אונדז גאָט מויכל פֿאַר די זינד.

שוין אַרויספֿאָרנדיק פֿון טויער האָט ער מאַנקען דערלאַנגט די צײַטונג מיט דווירלס קאָרעספּאָנדענץ.

זי האָט זיך הויך און הילכיק פֿאַנאַנדערגעלאַכט.

V.

דווירל האָט זיך אַליין ניט געריכט, אַז איר שרײַבעכץ וועט אָנגענומען ווערן ערגעץ אין די רעדאַקציעס, און מיטאַמאָל, גאָר אומגעריכט, האָט מען דאָס אָפּגעדרוקט מיט קליינע אויסגעטאָקטע אויסיעס אין בלאַט. און זי איז מיט מאַזל געוואָרן אַ גאַנצע שרײַבערן.

און אַזוי האָט געדויערט אַ גאַנצע וואָך קימאַט, ביז אין צייטונג איז דערשינען אַ האַקכאָשע מיט א באַמערקונג פֿון דער רעדאַקציע, אַז די אַרבקאָרישע נאָטיץ וועגן די פֿאַ־קריפּלונגען אין סטאַרינקע איז ניט געשטויגן און ניט געפלויגן.

לעכאַטכילע האָט עס איר אַ זעץ געטאָן אין מויעך, אין האַרצן: גוער ווייס מיט וואָס זי וועט דאָ אָפּשפּילן, נאָר זי האָט זיך באַלד באַרויקט.

און צווישן אונדז גערעדט האָט זי ווייטער געפּרוווט איר פּען, נאָר דאָס מאָל ניט געלונגען.

די געלעגנהייט דערצו איז געווען פאָלגנדיקער פאַקט:

אין א שיינעם מיטוואָך צו נאַכט, ווען דאָס שטעטל איז שוין געשמאַק געשלאָפן, האָט זיך מיטן סלאָבאָדער וועג פאַרבלוקאַייעט אַ פאַרבלאָנדזשעטער וואָגן אָן פּאַסאזשירן. די לייצעס האָבן זיך געשלעפּט איבער דער בלאָטע און דער פערד איז געגאַנגען וווהין ער האָט אַליין געוואָלט. פינצטער, אין גאַס איז קיין נעפעש ניט געווען. גייט זיך אַזוי דער פערד איבערן מאַרק און פון פאָלוקישעק טריפן רויטע טראָפּנס, טריפן און לייגן זיך אַף די אויסגעשייערטע שטיינער פון ברוק.

קיינער האָט עס אָבער בייסמייסע ניט באַמערקט, ווייל עס איז געווען פינצטער, אַפילע אין לייענשטיבל און אין דער מיליציע איז שוין קיין פייער ניט געווען. און פון אינוועניק פון פאָלוקישעק הערט זיך אַ פאַרשטיקטער קרעכץ:

— אוי!

אַ נעס—יוינע דער זייגערמאַכער האָט געמוזט האָבן אין מיטן נאַכט אין אַפּטייק. לויפט ער אַזוי איבערן פלאַץ און שטויסט זיך אָן אָן אַ האָלאָבליע. יוינע האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָפּגעגעבן אַ ברייטן שאָלעם אַלייכעם דעם טאַטן פון יענער וועלט און געוואָלט אָנזידלען דעם שיינעם פּאַסאזשיר, וואָס פאָרט יענער אַפן קאָפּ, ערשט ס'איז ניטאָ וועמען צו זידלען, אַ פוסטער וואָגן. אַהער-אַהין, ער האָט דערהערט דעם פאַרשטיקטן, ביטערן „אוי“!, געכאַפּט זיך,—אַן אומגליק, אַ בראָך, ס'איז דאָך דער סעקרעטאַר, כאַווער מירקין.

אַ גוואַלד, אַ געשריי איבערן שטעטל, מע שרייט, מע גוואַלדעוועט, מע לויפט, מע ווייס ניט איינע פון די אַנדערע.

— וואָס איז, עס ברענט?

— אַ גנייווע?

— ערגער, מירקינען געהאַרגעט.

און דידאָזיקע מאַנקע, מיטן פאָרזיצער פון נאַצראַט, מיטן גאַנצן אַקטיוו זיינען שוין באַם וואָגן. מירקינען טראָגט מען אַף נאָסילקעס און אַלע אַרום אים צעטרייטלטע, צעפודיעטע.

— וואָס איז מיט דיר געשען?

— ווער האָט עס דיך אַזוי צעמיימעסט?

— ווו?

און דער פאַרוווּנדערטער, קוים ער זשיפּעט, די אויגן זיינען נאָך אים צוגעמאַכט, אַף די ליפּן שוים און ער שטאַמלט.

— גאָרניִשט, גאָרניִשט, כאַפּט ניט קיין היספּיילעס... די קולאַקעס... נאָר איר אַרבעט, ס'זאָל זיין... אייזן מויער...

אָט וועגן דעמדאָזיקן פאַקט האָט עס דווירל אָנגעשריבן אַ גרויסע קאָרעספּאָנדענץ, ניט קיין קאָרעספּאָנדענץ, נאָר אַ ראָמאַן. מען האָט עס אָבער ניט געדרוקט, נאָר דריי שורעס אַרויסגענומען, געכאַסמעט „טאַס“ און צעשיקט איבערן גאַנצן סאָיוז—אַ פלאַגיאַט!

— ...אין סטאַרינקע האָבן באַלעגופים שווער פאַרוווּנדעט דעם סעקרעטאַר פון רייקאָם.

---

 פ. מוליער.

# אונטערערד.

דִי דירע. געשטאנען אִיז זִי אִין עק שטאָט. אִין זוניקע טעג האָבן האלב-נאַקעטע קִינדערלעך אין זאַמד זִיך אִין מִיטן גאס געשפִּילט. נאָך זומערדיקע רעגנס האָבן זיי דִי עמדרלעך אַף די קעפּעלעך גענומען און זיך אין לויפֿנדיקן רעגן-וואַסער געפּאַליושקעט. אִין וואָלקנדִיקע טעג האָבן זיי פֿון הײַזלעך דורך דִי שויבן ארויסגעקוקט. און דִי גאַס אִיז נאָך מער א פאַריינזאַמטע, אַ פֿאַרווײנטע געשטאַנען.

אִין אָט דער פֿאַרכאָלעמטער גאַס, אִין א שמאָלן הויף אַף א בוידעם-שטִיבל האָב אִיך געהאט אַ בעט. אַהִין האָבן געפֿירט דרײַ גאַנצע טרעפּלעך. דִי אִיבערִיקע זײַנען אלע געווען צעבראָכן.

מיר זִיצן אזוי אִין צִימער און גרייטן צוּ דעם שרִיפֿט. אפֿן ברִיק לִיגן קופּעס צעשני-טענע און נִיט קײַן צעשנִיטענע בויגנס פּאַפּיר. דער טעקסט אִיז שוין פֿאַרטִיק געווען.

— כעוורע, דער באַלעבאָס גייט! רופֿט פלוצלונג אויס קאַרל.

— דווירע, דער באַלעבאָס גייט!

— זע, ער גייט דאָך טאַקע,—שרײַ איך אויס, דערזעענדִיק דורכן פֿענצטער דעם יאַפּאָניעק. וואָס טוט מען אִיצט?

לאַנג צוּ טראַכטן אִיז קײַן צײַט נִיט געווען. מִיר באַשלִיסן: אִיך זאָל ארויסגיין און פֿאַרשלִיסן דִי טִיר פֿון אויסווייניק. אליין זאָל אִיך זִיך אויסבאַהאלטן מִיטן שלִיסל. ער וועט זען, אז עס אִיז פֿאַרשלאָסן און וועט דעם שלִיסל נִיט האָבן, וועט ער ערגעץ אוועקגיין. פֿאַר דער צײַט וועט קאַרל אלץ אופֿראַמען, און ווען כ׳וועל צורִיק קומען מִיטן שלִיסל, וועט ווִידער זײַן „ריין” אִין צִימער.

כ׳בִין דורכן פארקאַן אִין צוויטן הויף ארײַן. מִיט זִיך דעם שלִיסל גענומען. ער האָט מִיך פֿונוויַיטנס באַמערקט. געזען, אַז דער שלִיסל אִיז ניטאָ, אִיז ער מִיך נאָכגעלאָפֿן און געכאַפּט

— דווירע, דעם שלִיסל גִיב!—האָט ער אָנגעהויבן צוּ שרײַען.

— וואָס פֿאַר א שלִיסל?

— דעם שלִיסל פֿון שטוּב גִיב אַהער!—שרייט ער און טרייסלט מִיך, ווי א לולעוו.

— כ׳האָב נישט דעם שליסל, כ׳ווייס נִיט ווו ער אִיז.

— דווירע, דעם שלִיסל, זאָג אִיך דִיר, גִיב!

זײַן פּאָנִים אִיז געוואָרן רויט ווי זשאַר.

— כ׳האָב נִיט דעם שלִיסל, וואָס האָט אִיר זִיך אײַנגעטשעפּעט אין מִיר? כ׳האָב אִים אליין אויך געזוכט.

— נוּ באַלד וועסטו שוין ווִיסן.

ער האָט מִיר פֿאַרן האנט אַף דִי צעבראָכענע טרעפּ ארופֿגעשלעפּט. דעם שלאָס אופֿגעהאַקט און דִי טִיר געעפֿנט. ווען ער האָט די טִיר געעפֿנט און דערזען צוויי יונגע געזונטע מאַנסבִילן זִיצן פֿאַרשלאָסענערהייט, האָט זִיך נאָך מער דִי בעסטִיע אין אִים צעשפילט.

אִין צִימער אִיז שוין געווען „ריין”, אִין בעט אונטערן קאָלדרע זײַנען נאָר הורבעס געווען. קארל מִיטן צווייטן האָבן זיך באַלד אָפּגעטראָגן.

— איצט פֿאַרשטיי איך שוין מיט וואָ דו פֿאַרנעמסט זיך... ארויס פֿון מײַן שטוב!

— שאַט, שרײַט ניט. איך גיי.

— ב לי-אר! בּ-ל-יאַ-ד! ס'האָבן זיך באַ אים פויסטן פֿאַרבײַלט. ער האָט זיך א וואָרף געטאָן צו מיר שלאָגן. כ'האָב געכאַפּט אַ הילצערנע טאַבורעטקע. וואָס איז אין דעם מאָמענט לעבן מיר געשטאַנען און זיך גענומען פֿאַרטיידיקן.

דער מארט איז שוין אוועק. דער אפרעל איז שוין אויך אפילע א דערוואָקסענער געשטאַנען. קוים מיט צאָרעס האָבן מיר איצט א דירע פֿאַר דער דרוקערײַ געקראָגן. געאַרבעט האָבן מיר טאָג און נאַכט. צום ערשטן מײַ מוז דאָס אַלץ פּאַרטיק ווערן.

ווען בלעטלעך זײַנען צום ערשטן מײַ פֿאַרטיק געוואָרן, האָט מען אייגן לײַב מיט זיי פֿאַרוויקלט און אין שטעטלעך און דערפֿער פֿאַר אייגענע א מאַטאָנע אף יאָנטעוו געפֿירט. יעדערער פֿון אונדז האָט אַן אַנדער ריאָן גענומען. איך האָב גענומען דעם ריאָן „ב“. ווען איך בין אפֿן וואָקזאַל געקומען, האָט זיך שוין געהערט דער דריטער קלונג. דער באַן האָט שוין באַלד געדאַרפֿט אָפּגיין. אַפֿן וואָקזאַל האָט איינער אַף מיר געוואַרט מיט א בילעט אין האַנט. אָן ווערטער האָב איך פֿון זײַן האַנט דעם בילעט צוגענומען, שנעל ארויס אַפֿן פּעראָן און גלײַך ארײַן אין וואַגאָן.

כ'בין נאָר אָפּגעפֿאָרן די ערשטע סטאַנציע. כ'זע דורכן פֿענצטער, דער יאַפּאָניעק שפּאַצירט זיך אַרום און קוקט דורך די פֿענצטער אין די וואַגאָנעס אַרײַן.

ער פֿאָרט מיר נאָך—גיב איך אַ טראַכט. וואָס זאָל איך טאָן? איך באַשליס פֿאָרן מײַן וועג, פֿאָרן ווײַטער. די וואַגאָנעס זײַנען געפּאַקטע. אין וואַגאָן רעדט מען נאָר וועגן איין זאַך: צו זײַנען טאַקע די באָלשעוויקעס אזוי שטאַרק? מע רעדט וועגן דער מילכאָמע פֿון די ווײַספּאָליאַקן מיט די באָלשעוויקעס.

דער באַן שטעלט זיך אָפּ. מע גייט ארויס פֿון די וואַגאָנעס. עס שטעלט זיך אויס אַ לאַנגער עק אַף ארײַנגיין אין וואָקזאַל.

— וואָס? מע באַזוכט?

— יאָ, מע זוכט!

— דאָס איז שוין פֿאַר מיר גאָר ניט קיין אייסעק—גיב איך א טראַכט. כ'האָב זיך דערמאָנט, אַז ס'איז פֿאַראַן א הינטערשטער וועג. כ'האָב זיך אַ קער געטאָן און ווײַט אַוועק מיט דער ליניע גלײַך. מיר איז גוט באַקאַנט געווען דער געגנט, האָב איך אויסגעמיטן דעם וואָקזאַל און געקומען אין שטאָט.

ס'איז שוין טיפֿע נאַכט. די נאַכט האַלט שוין באַם סאַמע ברעג. גיין אין א גאַסטהויז איבערנעכטיקן איז זייער געפֿערלעך. דאָרטן זײַנען אַלע נאַכט „אָביסקעס“. איך באַשליס גיין אַף דער אָנגעוויזענער דירע, אין ארבעטער-קוואַרטאַל. איך גיי דורך די צענטראַלע גאַסן. זיי ליגן אין טיפֿן שלאָף. דערפֿאַר איז אָבער „פֿריילעך“ אין די ארבעטער-קוואַרטאַלן, ווו אַ הויף, דאָרטן אַן „אָביסקע“. איך מײַד אויס די גאַס. כ'וויל אָבער פֿאָרט קומען צו דעם אָנגעוויזענעם אָרט. קײַן אַנדער אדרעס האָב איך ניט, און דאָרטן איז „פֿריילעך“.

איך פֿאַרשטעק זיך אין אַ ווינקל-גאַס, וויל וויסן, צי וועט מע עמעצן ארויספֿירן. וועמען וועט מען אַרעסטירן? איך שטיי אָפּ א ווײַלע און זע, אַז ס'איז ניט פֿאַר מיר איצט קײַן אייסעק. מע דאַרף זיך איצט מיט קײַן פֿייער ניט שפּילן. איך טראָג זיך פֿאָרזיכטיק אָפּ, אָבער וווהין גייט מען? אַלע גאַסן זײַנען באַלעגערט. די גאַס איז געלעגן נאָענט פֿון ביישוילעם. פֿאָרזיכטיק, פֿאָרזיכטיק שאַר איך זיך אוועק צום ביישוילעם.

---

די זון האָט שוין א היפּשן שטיק וועג אדורכגעמאַכט, ווען כ'האָב זיך אַפֿן ביישוילעם פֿון שלאָף אופֿגעכאַפּט. איך הויב זיך אוף און איך וויל נעמען גיין. ערשט מײַנע קאַמפּ'עסן הויבן אָן צו ריידן ווערטער. זיי ווילן מיר ניט ליגן אַפֿן לײַב, זיי לאָזן זיך מיר

אײַנגאַנצן אַראָפּ. כ׳האָב זײ אָבער באַלד אַבּיסעלע אַ הויב געטאָן. גוטינקע זײַנען זײ בא מיר געװען. באַלד האָבן זײ זיך װידער צו מײַן לײַב צוגעדריקט.

כ׳האָב זיך געלאָזן גײן זוכן אײגענע, װעמען דאָס פּעקל איבּערגעבּן. גײ איך אזױ, מיטאַמאָל דערפיל איך עפּעס אַ לײַכטע האַנט אף מײן אַקסל. איך הער:

— דװוירע, װי קומסטו איצט אַהער?

איך דרײ אױס דעם קאָפּ—יאַנקל.

— זאָג נאָר, װאָס האָט דאָס דיר איצט אַ טראָג געטאָן אַהער?—האָט ער נאָכאַמאָל איבּערגעכאַװערט.

— כ׳װײס, מע דאַרף, קומט מען—ענטפער איך אים.

אינקורצן האָט ער מיר דערצײלט װעגן די אַרעסטן, װעלכע קומען פֿאָר פֿאַר דער לעצטער צײַט. איך פֿאַרטרױ אים, אַז איך האָב אַ פּעקל בא זיך.

— יאַנקל, גיב אַן אָרט, װו דאָס אַװעקלײגן, כ׳האָב שוין מער קײַן קױכעס ניט, דאָס צו טראָגן.

— קום צו מיר, כ׳װעל דאָס בא דיר צונעמען.

כ׳בין מיט אים געגאַנגען צו אים אַפֿן דירע. ער האָט זײַן באַלעבאָסטע גוט געװוסט. אַז אױב יענער דערצײלט ניט—דאַרף מען ניט פֿרעגן. ער האָט גענומען מײַן פּעקל און אין שטאַל דאָס אַװעקגעטראָגן, אונטערן שײַטער האָלץ געלײגט.

— דװוירע, װען פֿאָרסטו צוריק?—פֿרעגט ער בא מיר.

— הײַנט,—ענטפער איך.

— דו װעסט דאַרפֿן מיטנעמען צװײ שטעמפּלעך מיט עטלעכע בלאַנקן פֿון פּאַכפּירטן.

— װי זאָל איך דאָס פֿירן?

— אין די שיך.

— װי אזױ קומט די קאַטשקע איבער װאַסער? װי זאָל איך דאָס אײַנאָרדענען?

— בא אונדז איז פֿאַראַן אַ שוסטער, אַן אײגענער יאַט, ער װעט דיר דאָס מאַכן—זאָגט ער צו מיר.

— דאָס אַלײן איז שוין גרײט?

— דו װאַרט אוף דאָ אַ װײַלע, כ׳װעל צוגײן אין אַן אָרט זען, צי דאָס איז פֿאַרטיק. ער איז אַװעק. איך בין געבליבן באַ אים אין צימער.

— װער זײַט איר? איר זײַט עפּעס אַ קרױװע יאַנקלס?—האָט מיך זײַן באַלעבאָסטע געפֿרעגט.

— אַ קרױװע, יאָ, גאָר אַ נאָענטע קרױװע.

— טאָ װאָס זײַט איר זײַנע?

— כ׳בין זײַן קאַלע.

— טאַקע, יאַנקלס קאַלע? דו זעסט סאַראַ מעשומעד? ס׳איז געקומען זײַן קאַלע צופֿאָרן און ער זאָל נאָר עפּעס דערמאָנען.

זי האָט מיר באַלד צוגעטראָגן טײ מיט װאַרעניע, נאָר איך האָב בעסער געװאָלט עסן, אײדער טרינקען. איך האָב איר געגעבן געלט און זי האָט מיר געבראַכט עסן. איך האָב זיך אַביסל אונטערגעפּעסטיקט און װידער געקאָנט שפּאַנען. װען יאַנקל איז געקומען, האָב איך אים דערצײלט, אַז פֿאַר זײַן באַלעבאָסטע בין איך זײַן קאַלע.

— װיפֿל אַזױע כאַסאַנים, װי איך האָסטו שוין?

— זײער אַסאַך. מיר קומט זײער אָפּט אױס צו בײַטן דירעס.

מיר זײַנען אַװעק צום אײגענעם יאַט. געגאַנגען זײַנען מיר ניט צוזאַמען, עס זאָל קײַן כשאַד ניט פֿאַלן. איז יאַנקל אָף אײן טראָטואַר געגאַנגען, בין איך אַפֿן צװײטן. מע איז געקומען צום אײגענעם יאַט, ער האָט געמאַכט די אָפּעראַציע. כ׳האָב זיך מיט זײ צעזעגנט און אַװעק.

נ. ק.

# סאכאקלען פון 13-טן צוזאמענפאָר פון ק. פּ. (ב). וו.

דער 13-ער צוזאַמענפאָר ק. פּ. (ב), וו. (30 מײַ—15 יון 1930 י.), האָט געדאַרפט אונטערפירן אַ סאַכאַקל פון דער אַרבעט, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון ווײַסרוסלאנד האָט אָפּגעטאָן פאַר די אָנדערהאַלבן יאָר, וואָס זײַנען אריבער פון 12-טן ביזן 13-טן צוזאַמענפאָר ק. פּ. (ב). וו.

דער 13-טן צוזאמענפאָר ק. פּ. (ב). וו. האָט אויסגעהערט פּאָרטראָגן איבער די וויכטיקסטע פּראָבלעמען, וועלכע עס שטייען פאַר דער פאַרטיי. אַכוץ דעם פּאָליטישן באַריכט פון צ.ק. ק.פּ.(ב).וו., וועלכן עס האָט געמאכט דער סעקרעטאַר פון צ.ק. ק.פּ.(ב).וו. כ׳ געי, און דעם אָרג. באַריכט פון צ.ק. ק.פּ.(ב).וו., וועלכן עס האָט געמאַכט דער צווייטער סעקרעטאַר פון צ.ק. ק.פּ.(ב).וו. כ׳ וואַסיליעוויטש, האָט דער 13-טער צוזאַמענפאָר אויסגעהערט פּאָרטראָגן וועגן דעם, ווי עס ווערט אויסגעפילט דער 5.-יאָריקער פלאַן פון אנטוויקלען די אינדוסטריע פון וו.ס.ס.ר., וועגן דער קאָלווירטן-בויונג, וועגן די אויפגאַבן פון די פּראָפאַריינען.

## דער וווקס פון ק.פּ.(ב).וו., איר קאמף פאַר דער גענעראַלער פאַרטיי-ליניע.

די ק.פּ.(ב).וו. האָט אין קאַמף אַף צוויי פראָנטן — קעגן דעם רעכטן אָפּנויג, אַלס די הויפּט-געפאַר אין דעם געגעבענעם עטאַפּ און קעגן די „לינקע״ איבערבויגונגען,—געהאט גרויסע זיגן און איז געקומען צום 13-טן צוזאָמענפאָר אַ באָלשעוויסטיש-פאַריייניקטע, לענינישש-פאָרהאַרטעוועטע. די סאַמע בוילעסטע כאַראַקטעריסטישע און פאַרענדיקטע אנטפּלעקונג פון רעכטן אָפּנויג אין וו.ס.ס.ר. איז געווען די „פּרישטשעפּאָווטשינע״, וועלכע איז באַשטאַנען אין סיסטעמאַטיש אָנזעצן כומאָרעס. פרישטשעפּאָווטשינע—דאָס איז אַ גאַנצע סיסטעם, וועלכע האָט געהאַט אַ שטעלונג אַף אַנטוויקלען די לאַנדווירטשאַפט אַפן קאַפּיטאַליסטישן וועג. פּרישטשעפּאָוושטשינע הייסט—קעגנשטעלן זיך דער ליניע פון דער פּאַרטיי אַף קאָלעקטיוויזאַציע.

די ק.פּ.(ב).וו. האָט פאַרן פעריאָד פון 12-טן ביז 13-טן צוזאַמענפאָר געפירט אן אַנגישיידענעם קאַמף קעגן פּרישטשעפּאָוושטשינע. עס איז כאַראַקטעריסטיש צו באַמערקן, אַז דער רעכטער אָפּנויג, וועלכער האָט זיך קלערער פאַר אַלץ אַרויסגעוויזן אין פּרישטשעפּאָווס טעטיקײַט און בכלאַל אין דער פּרישטשעפּאָווטשינע, איז ענג פאַרבונדן מיטן קאָנטררעוואָליוציאָנערן ווײַסרוסישן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם, וועלכער האָט בײַ אונדז איז ווײַסרוסלאַנד באַזונדער אַנטפּלעקט זײַן קאָנטער-רעוואָליוציאָנערישקײַט אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע און אַפן קולטורעלן און ליטעראַרישן פראָנט. מיר האָבן אויך געהאַט א רעכטאָפּאָרטוניסטישע ליניע אין פאָלקאָמבילד, ווו די שטעלונג איז געווען ניט אַף פאַרגרעסערן דעם פּראָלעטאַרישן שיכט פון אונדזערע לערנאַנשטאַלטן, אין דער ערשטער ריי אַפן כעשבן

פֿון די פּראָלעטאַריִער-ווײַסרוסן, נאָר אַ שטעלונג אַף פֿאַרגרעסערן די צאָל שילער-ווײַסרוסן בּיכלאַל. אין פֿאָלקאָמבּילד איז געווען אַ ל ניע אַף דערציִען קאַדרען ווײַסרוסן אָן קיין שום סאָציאַלן אָפּקלײַב, אומאָפּהענגיִק פֿון דעם, צי אַט דערדאָזיקער ווײַסרוס איז אַן אַר-בּעטער צי ניט. די ק.פּ.(ב).וו. האָט געגעבן אַ מעכטיקן קלאַפּ דער רעכט-אָפּאָרטוניסטישער טעטיקײַט פֿון פֿאָלקאָמערד און פֿאָלקאָמבּילד. די ק.פּ.(ב).וו. האָט שאַרף אַוועקגעשטעלט די קאַדרען-פּראָבלעם.

מיר האָבן אין געבּיט פֿון ווײַסרוסיזאַציע גרויסע דערגרייכונגען. וועגן ווּקס פֿון דער בּיכער-פּראָדוקציע אַף דער ווײַסרוסישער שפּראַך ריידן פֿאָלגנדיקע ציפֿער: 8,647 טויזנט דרוק-בּויגן אין 1927-26 יאָר; 12,867 טויזנט—אין 1928-27-טן יאָר; 13,009 טויזנט—אין 1929-28 י. עס איז אויסגעוואָקסן די נעץ פֿון די צײַטונגען. עס האָט זיך פֿאַרגרעסערט זייער טיראַזש. נאָר מע דאַרף זאָגן, אַז די ווײַסרוסיזאַציע איז נאָך ניט ווי געהעריק דורכגעפֿירט. ווייניק אַכט ווערט געלייגט אַף דער אַרבּעט צווישן די נאַצמינדערהײַטן. מיר האָבן, לעמאָשל, אַזוינע ציפֿערן, וועלכע ריידן, אַז אין די אַרבּעטער-קלובּן פֿירט זיך די מאַסן-אַרבּעט אַף 73 פּר. אַף דער רוסישער שפּראַך, אַף די אונטערנעמונגען ווערט געפֿירט די מאַסן-אַרבּעט אַף דער רוסישער שפּראַך—אַף 50 פּר., אַף ווײַסרוסיש—27 פּר., אַף יידיש—2,9 פּר.

דער אַרבּעטער-קלאַס פֿון ווססר איז נאָך אַ יונגער און מיר דאַרפֿן דורכפֿירן אַ גרויסע אַרבּעט פֿאַר אַ קלאַסאָווער און אינטערנאַציאָנאַלער דערציִונג פֿון די אַרבּעטער.

ווען מיר נעמען דעם באַשטאַנד פֿון דער קפּ(ב)ו, האָבן מיר פֿאָלגנדיקן בּילד: בּיזן 1-טן יאַנוואַר 29-טן יאָר האָבן מיר געהאַט 33381 קאָמוניסטן און צום 4-טן אַפּרעל 39256. בּיזן 1-טן יאַנוואַר 1929 יאָר זײַנען אין קפּ(ב)ו געווען 39,4 פּר. אַרבּעטער פֿון וואַרשטאַט, צום 1-טן אַפּרעל 1930 יאָר—46,1 פּר. ווען מיר זאָלן נעמען אין באַטראַכט, אַז צום 13-טן צוזאַמענפֿאָר קפּ(ב)ו זײַנען געווען 3 טויזנט מעלדונגען פֿון אַרבּעטער, וועלכע זײַנען נאָך ניט באַטראַכט געוואָרן, קענען מיר זאָגן, אַז די דירעקטיוו פֿון 12-טן צוזאַמענפֿאָר קפּ(ב)ו וועגן דערפֿירן צום סאָף 1930 יאָר די ספּעציפֿישע געוויכט פֿון אַרבּעטער פֿון דער פּראָ-דוקציע אין דער קפּ(ב)ו בּיז 50 פּר., איז אויסגעפֿילט געוואָרן.

יידן-קאָמוניסטן האָבן מיר אין 1929 י. געהאַט 8400 און אַף אַפּרעל 1930 י.—9500.

צוגלײַך מיט דעם, מוזן מיר אָנווײַזן אַף דעם ווּקס פֿון דער אַקטיווקײַט פֿון דעם אַרבּעטער-קלאַס בּאַ אונדז אין ווססר, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן: ערשטנס, אין דער פֿאַנאַנדערוויקלונג פֿון דעם סאָציאַליסטישן געוועט, וועלכער האָט אַרומגעכאַפּט קימאַט דעם גאַנצן באַוווּסטזיניקן טייל פֿון אַרבּעטער-קלאַס; צווייטנס, האָט דער ווּקס פֿון דער אַקטיווּ-קײַט מיצאַד דעם אַרבּעטער-קלאַס אין ווססר געפֿונען זײַן אָפּשפּיגלונג אין צופֿלוס פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פֿאַר דעם 1929 י. זײַנען אין דער פּאַרטיי אָנגענומען געוואָרן 6459 מענטשן. צווישן זיי—5390 אַרבּעטער, לויט דער סאָציאַלער לאַגע, אָדער 83,4 פּר. צווישן דערדאָזיקער צאָל האָבן מיר 74 פּר. וואַרשטאַט-אַרבּעטער. פֿאַר דעם ערשטן פֿערטל פֿון 1930 י. האָבן מיר צוגענומען אין דער פּאַרטיי וואַרשטאַט-אַרבּעטער מער ווי אַ העלפֿט פֿון דעם, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין 1929 י.—3932 מענטשן, פֿון וועלכע אַרבּעטער לויט דער סאָציאַלער לאַגע באַטרעפֿן 89 פּר. און אַרבּעטער לויט דער איצטיקער באַשעפֿ-טיקונג 81,4 פּר. דאָס באַווײַזט, אַף וויפֿל דער אַווטאָריטעט פֿון דער פּאַרטיי איז אין פּעריאָד פֿון 12-טן בּיז 13-טן צוזאַמענפֿאָר קפּ(ב)ו אויסגעוואָקסן צווישן די בּרייטסטע אַרבּעטער-מאַסן.

דער 13-טער צוזאַמענפֿאָר האָט אונטערגעשטראָכן די שוואַכקײַט פֿון דער פּאַרטייִשער אָרגאַניזאַציע אין דאָרף און האָט געגעבן אַ גאַנצע ריי דירעקטיוון דעם צענטראַל-קאָמי-טעט וועגן אָנעמען מיטלען אַף פֿאַרפֿעסטיקן ווײַטער די דאָרפֿישע פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס און פֿאַרשטאַרקן דעם פּראָלעטאַרישן יאָדער.

דער צוזאַמענפֿאָר האָט אויך באַזונדערס אונטערגעשטראָכן די נויטיקייט איבערצובויען און מאַקסימאַל פֿאַרבעסערן די גאַנצע סיסטעם פֿון דער פּאַרטייִשער מאַסן-אַרבעט סײַ אַף די אונטערנעמונגען און סײַ אין דאָרף, באַלעבן און אַקטיוויזירן די טעטיקייט פֿון די פֿרײַוויליקע געזעלשאַפֿטן, באַזונדערס פֿון אָסאָאַוויאָכים, נידער-מיט-אַמעראַצעס, פֿאַרבאַנד פֿון קריגערישע אַפּיקאָרסים א.א.וו.

דער 13-טער צוזאַמענפֿאָר קפּ(ב)ו האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציעס האָבן געלייגט ניט גענוג אויפֿמערקזאַמקייט אַף דער אַרבעט צווישן די אַרבעטערנס און פּויערטעס. אין דער רעזאָליוציע פֿון צוזאַמענפֿאָר ווערט געזאָגט: „די אַרבעט צווישן די באַטראַטשקעס און אָרעם-מיטל-פּויערטעס שטייט אָפּ פֿון די פּאָליטישע און ווירטשאַפֿטלעכע אויפֿגאַבן, וואָס ווערן געלייזט דורך דער פּאַרטיי אין צוזאַמענהאַנג מיט דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט. האַלטנדיק פֿאַר דורכויס ניט דערלאָזבאַר די איצטיקע אַרבעט צווישן אַרבעטערנס און פּויערטעס, פֿאָדערט אויף דער צוזאַמענפֿאָר אַלע פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס צו אַן אַנטשיידענעם איבערברוך אין דאָזיקן געביט, וואָס איז איינער פֿון די וויכטיקסטע געביטן אין דער פּאַרטיי-אַרבעט".

אין דערזעלבער רעזאָליוציע ווערט אויך גערעדט וועגן דער נויטיקייט אַף ווײַטער דורכפֿירן אַן אומבאַרעכמאָנעסדיקן קאַמף מיט די פֿאַלן פֿון שטיקן די זעלבסטקריטיק און פֿאַרפֿעסטיקן די פּאַרטייִשע אָנפֿירונג מיט דער פֿאַנאַנדערוויקלונג פֿון זעלבסטקריטיק, אַנטשיידן פֿאַרבעסערן די אַרבעט פֿון אַלע אָרגאַניזאַציעס פֿון קפּ(ב)ו און פֿאַרפֿעסטיקן די שוצפֿעיקייט פֿון דער רעפּובליק, מיליטאַריזירן די אַרבעטנדיקע מאַסן, פֿאַרפֿעסטיקן די ווירקלעכע פֿאַרבינדונג פֿון די אַרבעטער-מאַסן מיט די טיילן פֿון דער רויטער אַרמיי.

וועגן קאַמף קעגן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם, וועגן דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון ווײַסרוסיזאַציע און פֿאַרשטאַרקן די אַרבעט צווישן די נאַצמינדערהײַטן, ווערט אין דער רעזאָליוציע איבערן באַריכט פֿון צק קפּ(ב)ו געזאָגט:

„פֿאָרזעצנדיק אויך אַף ווײַטער דעם אומבאַרעכמאָנעסדיקן קאַמף קעגן דעם נאַציאָנאַל-אָפּאָרטוניזם, קעגן דעם ווײַסרוסישן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם, דאַרף די קפּ(ב)ו גלײַכצײַטיק ווענדן די אויפֿמערקזאַמקייט אַפֿן קאַמף קעגן דעם גרויס-מעלוכישן, רוסישן שאָוויניזם, וועלכער איז די גרונט-שטעלונג אַפֿן וועג פֿון דעם, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל באַהערשן דעם בויונג-פּראָצעס פֿון דער נאַציאָנאַלער קולטור. די אויפֿלעבונג פֿון יידישן שאָוויניזם, די אַנטפּלעקונגען פֿון פּוילישן שאָוויניזם פֿאָדערן אויך אַ באַדײַטנדיק שטאַרקערע מאָביליזאַציע פֿון דער אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער פּאַרטיי קעגן די אַנטפּלעקונגען פֿון קאָלערליי שאָוויניזמען. דאָס פֿאַרשטאַרקן די אַרבעט איבער דער אינטערנאַציאָנאַלער דערציִונג פֿון די פּראָלעטאַרישע מאַסן, די ווײַטערדיקע אינטערנאַציאָנאַליזאַציע פֿון אונטערנעמונגען און אַנשטאַלטן, דאָס זיכערן דעם ווײַטערדיקן וווּקס פֿון קאַדרען פֿון ווײַסרוסישן פּראָלעטאַריאַט און אויך פֿון פּראָלעטאַריאַט פֿון די נאַצמינדערהײַטן, די דערציִונג פֿון פּראָלעטאַרישע קאַדרען פֿאַר דער קולטור-בויונג, די ווײַטערדיקע דערפֿאָלגרײַכע דורכפֿירונג פֿון דער ווײַסרוסיזאַציע, די בויונג פֿון דער קולטור, נאַציאָנאַלער לויט דער פֿאָרם און פּראָלעטאַרישער לויטן אינהאַלט. דער צוזאַמענפֿאָר באַטראַכט דעם צענטראַל-קאָמיטעט פֿאַרשטאַרקן די אַרבעט אַף דורכפֿירן די ווײַסרוסיזאַציע און פֿירן אַן אומבאַרעכמאָנעסדיקן קאַמף קעגן דעם ניטדערשאַצן די באַדײַטונג פֿון ווײַסרוסיזאַציע, אַלס אַ מעכטיקער מיטל פֿון פֿאַרשטאַרקן די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט".

דער 13-טער צוזאַמענפֿאָר האָט אָפּגעצייכנט אַ געוויסע אָפּשוואַכונג פֿון דער אַרבעט צווישן די נאַצמינדערהײַטן, און האָט באַאויפֿטראַגט די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס פֿאַרפֿעסטיקן די אַרבעט איבער דער קולטורעלער און ווירטשאַפֿטלעכער באַדינונג פֿון די נאַצמינדערהײַטן,

דער צוזאַמענפֿאָר האָט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן די נויטיקייט פֿאַרווירקלעכן פֿולקום די פּראָגראַם איבער דער ווירטשאַפֿטלעכער איינאָרדענונג פֿון די שטעטלעך.

## וועגן די רעכט-אָפּאָרטוניסטישע פֿעלערן אין דער יידישער אַרבעט.

אין דער אַרבעט פֿון דער געוועזענער יידביוראָ באַם צק קפּ(ב)ו זיינען געווען אַנטפּלעקונגען פֿון רעכטן אָפּנויג. דער פֿריערדיקער אָנפֿירער פֿון דער יידביוראָ—כ׳ ביילין האָט פֿאַקטיש געפֿירט אַ רעכט-אָפּאָרטוניסטישע און נאַציאָנאַל-אָפּאָרטוניסטישע ליניע. אַף דעם צוזאַמענפֿאָר איז נאָכאַמאָל פֿאַרורטיילט געוואָרן דידאָזיקע איינשטעלונג, וועלכע איז געווען אין דער אַרבעט פֿון יידביוראָ.

אַפֿן צוזאַמענפֿאָר איז א ויסגעטראָטן מיט אַ רעדע כ׳ שטיינמאַן, וועלכער האָט אָנגעפֿירט די אַרבעט אין די שטעטלעך. אין זיין אַרויסטרעטונג האָט ער זיך אַראָפּגעקייַקלט צו שאָוויניזם׳ דערצו האָט ער געוואָלט נאָך די שולד פֿון דער אַרבעט אין יידביוראָ אַרופֿוואַרפֿן אַפֿן צק קפּ(ב)ו. אָט וואָס כ׳ שטיינמאַן האָט געזאָגט:

„די יידביוראָ פֿון צק קפּ(ב)ו האָט דערלאָזן אַ ריי פֿעלערן, דער אָנפֿירער פֿון יידביוראָ האָט באַקומען אַ שטראָף. איך קלייַב זיך גאָרניט פֿאַרטיידיקן אים און, פֿאַרקערט, איך פֿאַרורטייל קאַטעגאָריש זיינע פֿעלערן. אָבער פֿאַרוואָס עפּעס, ווען די טוער פֿון יידביוראָ האָבן באַקומען אַ שטראָף, איז דער צ״ק אַרויס אַ טרוקענער? איך וועל ברענגען אַזאַ ביישפּיל: ווען אַף דעם אָדער יענעם זאַ״ואָר איז צוליבן שולד פֿון אינזשעניער די קוואַליטעט פֿון דער פּראָדוקציע אַ שלעכטע, באַקומען דער סעקרעטאַר פֿון פּאַרטקאָלעקטיוו פֿון דעמדאָזיקן זאַוואָד און די ביוראָ-מיטגלידער אַ פּאַרטיי-שטראָף”.

און ווייַטער פֿאַרגיסט כ׳ שטיינמאַן קראָקאָדיל-טרערן אַף דעם, וואָס דער צ״ק האָט קלוימערשט פֿאַרזען די לאַגע אין שטעטל, אין דער צייַט, ווען דער צ״ק האָט באַצייַטנס געגעבן געהעריקע דירעקטיוון וועגן דער ווירטשאַפֿטלעכער איינאָרדענונג פֿון די שטעטלעך; אין דער צייַט, ווען מיר האָבן גרויסע דערגרייכונגען אין געביט פֿון קאָלעקטיוויזירן און איינאָרדענען אַף ערד די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן און די אָרעמקייט פֿון שטעטל.

מע דאַרף זאָגן, אַז כ׳ ביילין, וועלכער האָט אין זיין אַרויסטרעטונג אַפֿן צוזאַמענפֿאָר אָפּגעגרענעצט זיך פֿון כ׳ שטיינמאַנס אַרויסטרעטונג, האָט דאָך ניט דייַטלעך אָפּגעשטעלט זיך אַף דער פֿראַגע וועגן דעם, וואָס ער אַליין איז באַגאַנגען ניט נאָר רעכט-אָפּאָרטוניסטישע, נאָר אויך נאַציאָנאַל-אָפּאָרטוניסטישע פֿעלערן.

דער כ׳ דונעץ האָט זיך אָפּגעשטעלט אַף די דערגרייכונגען פֿון דער פּאַרטיי אין דער יידאַרבעט און אַפֿן קאַמף מיטן רעכטן אָפּאָרטוניזם. ער האָט געבראַכט אַ גאַנצע ריי ציפֿערן וועגן דעם, ווי אַזוי די ראַטנמאַכט זאָרגט וועגן די יידישע אַרבעטנדיקע און אָרעמקייט.

„אַפֿן 1930 י. האָבן מיר צווישן אַרבעטער-קלאַס פֿון ווייַסרוסלאַנד 16014 יידישע אַרבעטער, וואָס באַטרעפֿט 36 פּראָצ. פֿון דעם גאַנצק אַרבעטער-קלאַס און אין 1926 י. ווען דער אַרבעטער-קלאַס איז באַ אונדז געווען ביכלאַל אין אַ קלענערער צאָל, ווי איצט, האָבן מיר געהאַט 33 אַ האַלבע פּראָצ. יידישע אַרבעטער. אַף אַזעלכע אונטערנעמונגען, אַשטייגער, ווי עלעקטרעסטאַנציע, ווו אין דער אַלטער צאַ׳ישער צייַט זיינען גאָר ניט געווען קיין יידישע אַרבעטער, האָבן מיר איצט 10 פּראָצ. יידישע אַרבעטער. אין דער מעטאַל-אינדוסטריע האָבן מיר 33 פּראָצ. יידישע אַרבעטער, אין די מעלוכישע אַנשטאַלטן האָבן מיר 22 פּראָצ. אָנגעשטעלטע, אין די קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס—44 פּראָצענט יידישע אָנגעשטעלטע”.

מיר האָבן אויך קאָלאָסאַלע דערגרייכונגען אין זין פֿון איינאָרדענען די ייִדישע אַרבעטנדיקע באַפֿעלקערונג און די אָרעמקייט אַף ערד: פֿאַרשטייט זיך, עס זייַנען געווען „לינקע" איבערבויגן, בענעגייע דער אָרעמער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין אַ גאַנצער ריי שטעטלעך פֿון וו.ס.ס.ר. נאָר דער צ.ק. ק.פּ.(ב)וו. האָט אָנגענומען מיטלען און עס פֿאַריכט.

אַזוי אַרום זעען מיר, אַז אויך דער שטעטל-פּראָבלעם האָט דער צוזאַמענפֿאָר געשענקט די געהעריקע אויפֿמערקזאַמקייַט.

מיר האָבן פֿאַר דער לעצטער צייַט בײַן צוזאַמענפֿאָר געהאַט א ריי פֿאַקטן, וועלכע ריידן וועגן דעם, אַז דער ייִדישער נאַציאָנאַל-שאָוויניזם האָט זיך פֿאַרשטאַרקט, אַז די רעשטלעך פֿון בונדיזם זייַנען נאָך ניט אויסגעלעבט (אַף דער בויונג פֿון סעלמאַשסטראָי אין האָמעל, אַפֿן מינסקער ברויט-זאַוואָד און אַנד.). פֿאַר דער ק.פּ.(ב)וו. שטייט אַ גרויסע אויפֿגאַבע פֿאַרשטאַרקן דעם קאַמף קעגן די אַנטפּלעקונגען פֿון ייִדישן שאָוויניזם און נאַציאָנאַל-אָפּאָרטוניזם.

## אונדזערע דערגרייכונגען אין געביט פֿון אינדוסטריאַליזאַציע.

דער 12-טער צוזאַמענפֿאָר ק.פּ.(ב)וו. האָט געגעבן אַ דירעקטיוו פֿאַרשטאַרקן די אינדוסטריאַליזאַציע פֿון וו.ס.ס.ר. פֿאָלגנדיקע ציפֿערן קענען כאַראַקטעריזירן די דערגרייכונגען אַפֿן געביט פֿון אינדוסטריע. די אינדוסטריע פֿון סאָוועטן-ווייַסרוסלאַנד אַנטוויקלט זיך מיט אַ מער שנעלערן טעמפּ איידער די אינדוסטריע פֿון סאָוועטן-פֿאַרבאַנד אינגאַנצן גענומען. פֿאַר דעם 1929-28 י. האָט דער וווּקס פֿון דער אינדוסטריע-פּראָדוקציע באַ אונדז דערגרייכט 41 פּראָצ. אין דער צייַט, ווען דער וווּקס פֿון דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע פֿון דער צענז-אינדוסטריע פֿון טורקמענער סאָוועטן-רעפּובליק האָט געגעבן 39 פּראָצ. אוזבעקער—36 פּראָצ., טראַנסקאַווקאַזער פֿעדעראַציע—25 פּראָצ., ר.ס.פֿ.ס.ר.—25 פּראָצ. און אוקראַיִנע—16 פּראָצ. דער דורכשניטלעכער פּראָצ. פֿון וווּקס פֿון דער אינדוסטריע-פּראָדוקציע איבערן גאַנצן פֿאַרבאַנד, וועלכער באַטרעפֿט 23 פּראָצ., איז דורך אונדז קימאַט פֿאַרדאָפּלט געוואָרן. די טעמפּן פֿון אונדזער וווּקס שטייַגן איבער אין 5 מאָל די טעמפּן פֿון וווּקס פֿון דער אינדוסטריע אין די פֿאָרויסגעשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער אין די בעסטע יאָרן פֿון זייער קאַפּיטאַליסטישער אויפֿבליִונג. יענע אָנצייכענונגען פֿון 5-יאָריקן פּלאַן, וואָס זייַנען באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם 12-טן צוזאַמענפֿאָר פֿון ק.פּ.(ב)וו. האָבן מיר אויסגעהאַלטן, אין איינִיקע געביטן האָבן מיר אַפֿילע איבערגעשטייַגט. דער וווּקס פֿון די קאַפּיטאַלע אייַנלאָגן אין דער אינדוסטריע גייט זייער שנעל, אין 27-26 י.—10,8 מיליאָן ר., אין 1928-27 י.—16,3. (בלויז אין דער אינדוסטריע פֿון וו.ס.נ.כ.), אין 1929-28 יאָר—34,9 מיליאָן און אין לויפֿנדיקן 1930 י.— 72,800 מיליאָן, אייַנשליסנדיקן אַזהער אויך די פֿאָלקאָמאַטישע אינדוסטריע. די קאַפּיטאַלע אייַנלאָגן ווערן אין אַ באַדייַטנדיקער מאָס געווענדעט אַף יענע צווייַגן פֿון דער אינדוסטריע, וואָס פּראָדוציִרן פּראָדוציר-מיטלען. מיר האָבן אויסגעגעבן אין 1927-26 י. לויט דער גרופּע „א", ד. ה. לויט דער אינדוסטריע, וואָס פּראָדוצירט פּראָדוציר-מיטלען 38,9 פּראָצ., הייַאָר האָבן מיר שוין 53,3 פּראָצ. אַזוי אַרום באַטרעפֿן איצטער די אייַנלאָגן אין דער אינדוסטריע, וואָס פּראָדוצירט פּראָדוציר-מיטלען, מער, ווי אַ העלפֿט פֿון אַלע אייַנלאָגן. אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 1930 י. האָבן מיר ניט בלויז אייַנגעהאַלטן די הויכע טעמפּן פֿון דער אינדוסטריע-אַנטוויקלונג, וואָס מיר האָבן דערגרייכט אין פֿאָריקן יאָר, מיר האָבן פֿאַרשטאַרקט באַדייַטנדיק די דאָזיקע טעמפּן. די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע פֿון דער ערשטער העלפֿט פֿון 1930 י. איז אויסגעוואַקסן אַף 72 פּר. מיר האָבן אויך אַ וווּקס פֿון דעם אַרבעטער-קלאַס. אַף דעם 1-טן אָקטיאַבער 1928 י. האָבן מיר געהאַט 35 טויזנט אַרבעטער, אין אַ יאָר אַרום איז די דאָזיקע צאָל אויסגעוואַקסן

ביז 43 טויזנט, און אַף דעם 1-טן אַפּרעל 1930 י. האָבן מיר 52 טויזנט אַרבעטער. אין 1928 י. האָבן מיר געהאַט אין גאַנץ ווײַסרוסלאַנד 14 טויזנט קילאָוואַט-אײַנשטעלונגען אַף די עלעקטרישע סטאַנציעס, אין 1929 י.—17 טויזנט און אין 1930 י., נאָכדעם, ווי מע וועט לאָזן די אָסינער רײַאָנע עלעקטרעסטאַנציע אַף כ. סטאַלינס נאָמען, וועלן מיר האָבן 33 טויזנט קילאָוואַט-אײַנשטעלונגען. אַכוצדעם, מערקן מיר אָן בויען נײַע עלעקטרעסטאַנציעס אין אַ גאַנצער ריי שטעט.

אין דער בויונג פֿון אונדזער אינדוסטריע באַגעגענען מיר זיך מיט אַ גאַנצער ריי שוועריקײַטן— דער מאַנגל אין אײַזן, אין אימפּאָרט-אויסשטאַטונג. נאָר בײַ דער מיטהילף פֿון פֿ.ס.ס.ר. וועלן מיר אויך די דאָזיקע שוועריקײַטן בײַקומען.

פֿאַר דערזעלבער צײַט איז אויך פֿאַרבעסערט געוואָרן די מאַטעריעלע לאַגע פֿון דעם אַרבעטער. דער צוזאַמענפֿאָר האָט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן, אַז די לאַגע מיט דער אַרבעטער-באַזאָרגונג איז ניט קיין באַפֿרידיקנדיקע.

אין דער רעזאָלוציע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן איבער די פֿאָרטראַגן פֿון כ׳ גע׳ און וואַסיליעוויטש, ווערט געגעבן אַ דירעקטיוו דעם צענטראַל-קאָמיטעט אַף ווײַטער פֿאָרזעצן אַ פֿעסטן קורס אַף אינדוסטריאַליזאַציע און אַף פֿאַרגרעסערן די ספּעציפֿישע וואָג פֿון דער אינדוסטריע, אַנטוויקלענדיק אין דער ערשטער ריי יענע געביטן פֿון דער אינדוסטריע, וואָס אַרבעטן אַף אָרטיקן רויוואַרג (טאָרף, וואַלד, פֿלאַקס, בוי-מאַטעריאַל, איבעראַרבעטונג פֿון לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן און אנד.). עס איז אויך אָנגעוויזן געוואָרן אַף דער נויטיקײַט ווײַטער פֿאַרפֿעסטיקן און פֿאַנאַנדערוויקלען די בויונג פֿון נײַע פֿאַבריקן און זאַוואָדן און אָנעמען אַלע מיטלען אַף אַראָפּזעצן דעם זעלבסטקאָסט און העכערן די קוואַליטעט פֿון דער פּראָדוקציע, פֿאַר דעם פֿאַבריקן פֿעריאָד האָבן מיר געהאַט אַ ריי דורכרײַסן אַף אײניקע אונטערנעמונגען אין אויספֿילן דעם פּראָמפֿינפּלאַן. דער צוזאַמענפֿאָר האָט אין זײַן רעזאָלוציע געגעבן אַ דירעקטיוו אַף אָנעמען מיטלען צו ליקווידירן די דאָזיקע דורכרײַסן.

## די דערפֿאָלגן פֿון קאָלעקטיוויזאַציע.

אין זײַן באַריכט אַפֿן 13-טן פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר האָט כ׳ גע׳ געזאָגט: „איר ווייסט, ווי עס האָט זיך פֿאַנאַנדערגעוויקלט די קאָלווירטן-בויונג בײַ אונדז אין וו.ס.ס.ר.? מיר זײַנען דורכגעגאַנגען דורך אַ וועג פֿון קאָפּשווינדל פֿון דערגרייכונגען״, דורכן וועג פֿון פֿאַרקריפּלונגען פֿון דער פּאַרטייִשער ליניע. די דאָזיקע פֿאַרקריפּלונגען האָבן געשאַפֿן אַ געפֿאַר פֿון אָפּשוואַכן דעם צוזאַמענבונד פֿון אַרבעטער-קלאַס מיט די גרונט-מאַסן פֿון פּויערטום. אַף דעם 1-טן יאַנוואַר 1929 י. האָבן מיר געהאַט אַן ערך 4 פּראָצ. קאָלעקטיוויזירטן ערד-שעטעך און ביז 3,2 פּראָצ. קאָלעקטיוויזירטע הויפֿן. אַף דעם 1-טן יאַנוואַר 1930 י. האָבן מיר שוין געהאַט 26 פּראָצ. אָנהייבנדיק פֿון דאָזיקן כוידעש, הייבט אָן דער פּראָצענט גיין שנעל אינדערהויך. אַפֿן 1-טן מאַרט האָבן מיר געהאַט 66 פּראָצ. קאָלעקטיוויזירטן ערד-שעטעך און 58 פּראָצ. קאָלעקטיוויזירטע הויפֿן. אָנהייבנדיק פֿון 20-טן מאַרט, גייען די קאָלעקטיוויזאַציע-ציפֿער שנעל אַרונטער. פֿאַרשטייט זיך, אַז די ציפֿער, וואָס מען האָט דערלאַנגט אין פּעריאָד „פֿון קאָפּשווינדל פֿון דערגרייכונגען״, האָבן, וואַרשײַנלעך ניט אָנטשפּראָכן דער ווירקלעכקײַט און זײַנען, וואַרשײַנלעך, ניט קיין רעאַלע. אָנהייב מײַ האָבן מיר דורכגעפֿירט אַ ציילונג פֿון די קאָלווירטן אין וו.ס.ס.ר., וואָס עס דערלויבט פֿעסטשטעלן דעם גאַנג פֿון אַלגעמיינעם בילד פֿון דער קאָלעקטיוויזאַציע. בײַ הײַנטיקן טאָג האָבן מיר אין ווײַסרוסלאַנד עטוואָס העכער פֿון 3000 קאָלווירטן, וואָס כאַפּן אַרום 11,1 פּר. פֿון פּויערישע ווירטשאַפֿטן און 14,1 פּר. פֿון גאַנצן פֿאַרויי-שעטעך פֿון וו.ס.ס.ר. דער באַשטאַנד פֿון די מיטגלידער פֿון די קאָלווירטן איז פֿאָלגנדיקער: 42,3 פּראָצ. מיטל-פּויערים 41,8 פּראָצ. אָרעם-פּויערים און 6 אַ האַלבע פּראָצ. באַטראַקעס, דורכשניטלעך, פֿאַלט אַף

אײן קאָלוויִרט 206 מיִט עפּעס העקטאַר אַקער-ערד. דער ניִט טײלבאַרער קאַפּיִטאַל פֿון די קאָלוויִרטן באַטרעפֿט העכער 22 מיִליאָן ר. און דערבײַ באַטרעפֿן 11 מיִליאָן מיט 252.000 ר. די וויִרטשאַפֿטן פֿון די אַנטבאַלעגופֿעװעטע, וואָס זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן די קאָל-וויִרטן. אין גרונט רעכענען מיִר, אַז דער אָפּפֿלוס פֿון די קאָלוויִרטן האָט זיִך פֿאַרענדיקט".

מיִר האָבן שוין אויבן גערעדט וועגן די פֿעלערן, וועלכע זײַנען באַגאַנגען געוואָרן בײַס דער קאָלעקטיִוויזאַציִע אין וו.ס.ס.ר.: מען איִז אויוועק געווען אַף דעם לעניִניִשן פּרינציפּ פֿון פֿרײַוויליקײַט באַם בויען די קאָלהויִרטן, עס איִז ניִט דיִסקאָנטיִרט געוואָרן דער פּריִנציִפּ פֿון אײַנרעכענען די אײגנאַרטיִקײַט פֿון די באַדינגונגען אין די באַזונדערע רײַאָנען פֿון פֿאַרבאַנד באַם צופּאַסן זיך צו דער קאָלוויִרטן בויונג, מען איִז איבערגעשפּרונ-גען פֿון אַן אַרטעל-פֿאָרם צו אַ קאָמונע. אַדאַנק אָט די אַלע פֿעלערן האָבן מיִר געהאַט אַ רײַ פֿאַרקריפּלונגען פֿון דער פּאַרטײ-ליִניע אין דער פֿראַגע פֿון קאָלעקטיִוויִזאַציִע, באַזונ-דערס האָט זיִך עס אַרויסגעוויִזן אין שקלאָווער אָרגאַניִזאַציִע, מאָלעווער קרײַז, אין דער אָרשער קרײַזיִשער אָרגאַניִזאַציִע און אַנד.

דער צ.ק. ק.פ.(ב)וו. האָט אָנגענומען מיִטלען אַף אויסגלײַכן דיראָזיִקע ליִניִע. ער האָט אָנערקענט די באַזונדערע פֿעלערן, וואָס זיינען דורך אים געמאַכט געוואָרן. דער 13-טער צוזאַמענפֿאָר ק.פ.(ב)וו. האָט אַנטשיידן פּאַרורטײלט דיִראָזיִקע איבערבויגן.

אין דער רעזאָליוציִע איבער דעם באַריכט פֿון צ.ק. ק.פ.(ב)וו. ווערט געזאָגט:

„צוגלײַך מיִט די אָרטיִקע פּאַרטעיִשע אָרגאַניִזאַציעס האָט אַ רײַ באַזונדערע טאָעסן אין דער קאָלעקטיִוויִזאַציִע דערלאָזן אויך דער צענטראַל-קאָמיִטעט פֿון ק.פ.(ב)וו. דער צו-זאַמענפֿאָר באַגיִטיִקט פֿולקום און איִנגאַנצן דעם באַשלוס פֿון ביוראָ צ.ק. פֿון 17-טן אַפּ-רעל. אין וועלכן עס ווערן אָנערקענט מיִט אַ באָלשעוויִסטיִשער פּראָסטקײַט און קלאָרקײַט די באַזונדערע טאָעסן פֿון צענטראַל-קאָמיִטעט ק.פ.(ב)וו. אין דער אָנפֿיִרונג מיִט דער קאָל-וויִרטיִשער באַוועגונג. דער צוזאַמענפֿאָר באַגיִטיִקט פֿולקום און איִנגאַנצן אַלע מאָסמיטלען פֿון צ.ק., וואָס זײַנען געווענדעט אַף אויסגלײַכן די טאָעסן" און פֿאַרקריִפּלונגען פֿון דער פּאַרטײ-ליִניע מיִצאַד די אָרטיִקע פּאַרטײיִשע אָרגאַניִזאַציִעס (שקלאָוו, אָרשע און אַנד.)".

דער 13-טער צוזאַמענפֿאָר האָט איִן זײַן רעזאָליוציע געגעבן אַ גאַנצע רײ דירעקטיוון אין געביט פֿון דער לאַנדוויִרטשאַפֿט. אין דער רעזאָליוציִע ווערט אויך אָנגעוויִזן אַף דער נויטיִקײַט דערשלאָגן זיִך, אַז די קאָלעקטיִווע וויִרטשאַפֿט זאָל ווערן אַ מוסטער-וויִרטשאַפֿט, און אַז ס'טאָר ניִט דערלאָזן ווערן דאָס ניטדערשאַצן די איִנדיִוויִדועלע אָרעם-מיִטל-פּויעריִשע וויִרטשאַפֿט, וועלכע שפּילט נאָך אַ גרויסע ראָל אין דער לאַנדוויִרטשאַפֿט פֿון דער רעפּובליִק.

## די אופֿגאַבן פֿון די פּראָפֿאַרײַנען.

דער 13-טער צוז. ק.פ.(ב)וו. האָט אין זײַן רעזאָליוציִע איִבער כ' ריזשאָווס פֿאָרטראָג „וועגן די אופֿגאַבן פֿון די פּראָפֿאַרײַנען אין רעקאָנסטרוקטיִוון פּעריִאָד" אָפּגעצייכנט, אַז די פּראָפֿאַרײַנען פֿון וו.ס.ס.ר. האָבן, אונטער דער ריִכטיִקער אָנפֿירונג פֿון ק.פ.(ב)וו., גע-האָט גרויסע דערגרייכונגען אין פֿאַנאַנדערוויִקלען די שעפֿעריִשע איִניִציאַטיִווו און דעם אַרבעטער-אופֿשטײַג פֿון די אַרבעטער-מאַסן, וועלכע האָבן געפֿונען זייער אויסדרוק אין סאָצגעוועט און שלאָג-בריִגאַדנטום, און מאַסאָוון אַרײַנטריִט פֿון אַרבעטער אין דער פּאַרטײ, אין אויספֿיִלן דעם פּראָמפֿיִנפּלאַן און קעמפֿן מיִטן ביוראָקראַטיִזם אף דער באַזע פֿון פֿאַ-נאַנדערוויִקלען די פּראָלעטאַריִשע זעלבסטקריִטיִק.

דער צוזאַמענפֿאָר האָט אויך אָפּגעצייכנט, אַז די פּראָפֿאַרײַנען האָבן אָנגעהויבן בעסער באַדיִנען און אָנפֿיִרן מיִט די אַרבעטער-מאַסן און אַדאַנק דעם, האָט זיִך אופֿגעהויבן דער אַווטאָריִטעט פֿון די פּראָפֿאַרײַנען. עס זײַנען דאָ אויך באַדײַטנדיקע דערגרייכונגען פֿון די פּראָפֿאַרײַנען אין צוגרייטן קאַדרען, ליִקוויִדירן דעם אַנ לפֿאַבעטיִזם.

דער סאָצגעוועט, וועלכער איז אין זײַן אַנטוויקלונג אַריבער אַף אַ העכערער פאָרם—שלאָג-בריגאַדנטום, איבערהויפּט בײַס דעם לענינישן פּריזיוו, האָט פאַרגרעסערט די צאָל פון די שלאָג-אונטערנעמונגען (פון 23 ביז 109)׳ די צאָל פון די שלאָג-צעכן (פון 288 ביז 761), די צאָל פון די שלאָג-בריגאַדעס (פון 1563 ביז 3.135). גלײַכצײַטיק האָבן זיך אָנגעהויבן שאַפן שלאָג-פּראָדוציר קאָלעקטיון און קאָמונעס און עס האָט אויך אויפגעלעבט די אַרבעט פון די פּראָדוציר-באַראַטונגען און פון די צײַטווײַליקע קאָנטראָל-קאָמיסיעס.

צוגלײַך מיט דעם האָט דער 13-טער צוזאַם. אָפּגעצייכנט אַ ריי פעלערן אין דער אַרבעט פון די פּראָפאַריינען: אין זין פון איבערבויען די אַרבעט „מיטן פּנים צו דער פּראָדוקציע“ האָבן די פּראָפאַריינען אויפגעטאָן ווייניק. מיר האָבן אַף אַ ריי אונטערנעמונגען דורכרייסן אין אויספילן דעם פּראָמפינפּלאַן; די פּראָפאַריינען האָבן געפירט ניט קיין גענוגנדיקע אַרבעט אַף קעמפן מיטן ווייסרוסישן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם, ווי דעם מער געפערלעכסטן אַפן געגעבענעם עטאַפּ. און מיט די שאָוויניזמען פון אַלערליי קאָלירן; עס זײַנען אויך ניט מאָביליזירט געוואָרן צודערצײַט די מאַסן אַף צו קעמפן מיט דער רעכט-אָפּנויגלערישער טעאָריע און פּראַקטיק (פאָלקאָמערד, פאָלקאָמבילר) און די „לינקע“ קנייטשן.

דער 13-טער צוזאַם. האָט געגעבן אַ גאַנצע ריי דירעקטיוון אין דער ווײַטערדיקער אַרבעט פון די פּראָפאַריינען. „עס איז נויטיק דערשלאָגן זיך,—ווערט געזאָגט אין דער רעזאָליוציע פון צוזאַמענפאָר,—אַזאַ לאַגע׳ אַז די שלאָג-אונטערנעמונגען, צעכן און איינצלנע בריגאַדעס זאָלן ניט נאָר זײַן שלעגער אין זין פון פּראָדוקציע, נאָר אויך אין דורכפירן די פּאָליט-מאַסן-אַרבעט און אָנטייל נעמען אין דער אַרבעט פון די פּראָדוציר-באַראַטונגען אין ליקווידירן דעם אַנאַלפאַבעטיזם, אָנפירן און העלפן דער קאָלעקטיוויזאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט“.

אין דער רעזאָליוציע ווערט אויך אָנגעוויזן, אַז די נאַצאַרבעט אין די פּראָפאַריינען האָט נאָך ניט פאַרנומען דעם געהעריקן אָרט. דער צוזאַמענפאָר לייגט פאָר די פּראָפאָרגאַניזאַציעס, אַז די גאַנצע סיסטעם פון פּאָליט-דערציערישער, קולט-מאַסן-אַרבעט זאָל דורכגעזאַפּט ווערן מיט אינטערנאַציאָנאַלן-קלאַסאָוון אינהאַלט, מיט אָנראַכמאָנעסדיקן קאַמף קעגן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם און שאָוויניזם (ווײַסרוסישן, רוסישן, יידישן, פּוילישן א. א.) און באַזונדערס מיטן ווײַסרוסישן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם. צוגלײַך מיט דעם פאַרשטאַרקן דעם אַנטשיידענעם קאַמף קעגן וועלכע ניט איז אַנטפּלעקונגען פון רוסישן גרויס-מעלוכישן שאָוויניזם (פּאַסיווער ווידערשטאַנד דער ווײַסרוסיזאַציע, דאָס פאַרשמירן די באַדײַטונג פון דער נאַצפּאָליטיק פון דער פּאַרטיי א.א.וו.).

אין דער רעזאָליוציע ווערט געזאָגט:

„אַנטשיידן דורכפירנדיק די ווײַסרוסיזאַציע פון די פּראָפאַריינען דאַרפן די פּראָפאַריינען פאַרזאָרגן דאָס פולקומע באַדינען די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פון אַלע נאַצמינדערהײַטן אַף זייער מוטער-שפּראַך“.

* * *

דער 13-טער צוזאַמענפאָר ק.פ.(ב)וו. איז געווען אַ מעכטיקע דעמאָנסטראַציע פון דער לענינישער איינקײַט און פון דער אײַזערנער מאָנאָליטקײַט אין די רייען פון ק.פ.(ב)וו. דער צוזאַמענפאָר האָט אונטערגעשטראָכן דעם אומאָפּנויגבאַרן ווילן פון דער גאַנצער ק.פ.(ב)וו. פירן אַן אומבאַראַכמאָנעסדיקן קאַמף קעגן די אָפּנויגן פון דער גענעראַלער פּאַרטיי-ליניע און קעגן דער טאָלעראַנטער באַציונג צו דידאָזיקע אָפּנויגן, פאַרשאַרפנדיק באַזונדערס די פראַגע וועגן קאַמף קעגן דעם רעכטן אָפּנויג, ווי די הויפּט-געפאַר אַף דעם נעגעבענעם עטאַפּ.

די פּילצאָליקע דעלעגאַציעס פון פאַבריקן, זאַוואָדן, פון דער רויטער אַרמיי און קאָל-ווירטן, די ראַפּאָרטן, וועלכע דידאָזיקע דעלעגאַציעס האָבן אָפּגעגעבן דעם 13-טן צוזאַמ., די מעכטיקע דעמאָנסטראַציע פון אַלע מינסקער אַרבעטער און אַרבעטנדיקע, וועלכע איז איינגעאָרדנט געוואָרן לעקאָוועד דעם 13-טן צוזאַמענפאָר, האָבן אָפן בוילעטסטן אויפן באַוויזן, אַף וויפל דער אַרבעטער-קלאַס האָט זיך ענגער באַהעפט אַרום זיין אַוואַנגאַרד—דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, אַף וויפל די פאַרטיי האָט זיך ענגער צונויפגעשמאָלצן מיטן אַרבעטער-קלאַס.

דער 13-טער צוזאַמענפאָר האָט באַוויזן, אַז אונטער דער אָנפירונג פון לעניניסטישן צ.ק. אַל.ק.פ.(ב) און צ.ק. ק.פ.(ב)וו. איז די ק.פ.(ב)וו. געוועזן און וועט זיין אַ קעמפערישער אַטריאַד פון דער אַלפאַרבאַנדישער קאָמוניסטישער פאַרטיי אין ווייטערדיקן קאַמף פאַר דער גענעראַלער פאַרטיי-ליניע און פאַר דער דערפאָלגרייכער סאָציאַליסטישער בויונג.

---

נאָטקע ווײַנהויז.

# סטאַלינבוי.

הונדערטער יאָרן האָבן דאָ מענטשן געלעבט אָפּגעריסן פון יעדער סימען קולטור.

איז געקומען דער פּראָלעטאַריאַט, דער העגעמאָן פון לאַנד, אונטער דער אָנפירונג פון לענינס פּאַרטיי, און האָט געזאָגט:

דאָ אויף די קאָרטשעס, נעבן דער אָזערע אָרעכי, וואָס געפינט זיך בא דער טײַך ווידריצע, זאָל א מעכטיקער גיגאַנט אויסוואַקסן, אָט דאָ פון דעם פּונקט זאָלן זיך נערוון צעציען איבער די קרײַז־שטעט, נערוון מיט עלעקטרישן שטראָם פאַר אָרשער, וויטעבסקער און מאָלעווער קרײַזן, דאָ זאָל פאַרלייגט ווערן דער פונדאַמענט פון דער ווײַסרוסישער ענערגעטישער באַזע.

— ס'וועט זײַן!

אזא איז געווען דער קאָלעקטיווער ענטפער פון די טויזנטער אָרשער, וויטעבסקער, סמאָלענסקער און דובראָוונער ארבעטער און פּויערים.

מיט רידלען, לאָמען און העק איז מען געקומען אהער די בלאָטע אופרײַסן. אויסטריקענען זי און שאַפן, אויסבויען דאָס ענערגעטישע האַרץ פון ווײַסרוסלאַנד, דעם סטאַלינבוי.

האַרבסט 1927.

די ערשטע אויספּפיר־גרופּע איז אהער אראָפּגעפאָרן. מיט שווערע שטיוול האָבן זיי די בלאָטע געקנאָטן, די בלאָטע האָט געקרעכצט, און זיך געשלעפּט די נײַע, ניטגעבעטענע געסט.

די אויספּפירער האָבן די געגנט פון אַלע זײַטן באַקוקט, געמאָסטן, געגראָבן און צום סאָף באַשטימט:

— אָט דאָ וועט עס זײַן, 800 מעטער ווײַט פון דער אָזערע אָרעכי וועלן מיר די סטאַנציע שטעלן.

טאָג און נאַכט, כאַראָשים און טעג האָבן מענטשן בא דער בלאָטע אָפּגענומען אַלץ מער און מער שטעטך. עס האָט זיך אָנגעהויבן א קאַמף, די בלאָטע האָט די ערשטע צײַט געגעבן א ווידערשטאַנד, ניט צוגעלאָזט צו זיך, נאָר די מענטשן האָבן זייערס געטאָן. קאַנאַוועס, וואָס די ענטוזיאַסטן האָבן האַלבזיצנדיק און האַלבשטייענדיק אויסגעגראָבן, האָבן אין זיך די גאַנצע וואַסער פון אויבערפלאַך אײַנגעשלונגען.

שווער איז געווען די ערשטע שטיינער אין פונדאַמענט לייגן, שווער איז געווען דעם וועג דורכהאַקן, נאָר... וואָס הייסט שווערקײַט. מענטשן האָבן אָנגעהויבן ארבעטן מיט שלאָג־טעמפּן.

* * *

עס קומט אויס, אז די הויפּט־געבײַדע פון דער עלעקטרע־סטאַנציע שטייט אויף א באַרג, ווי מע זאָל דאָס אויג ניט וואַרפן, שטויסט מען זיך אָן אויף איר, ראַכוועסדיק האָט זי זיך דאָ צעלייגט אין דער אַרומרינגלונג פון גרויסע און קלענערע געבײַדעס.

אַנטקעגן — קאָרפּוסן. דאָרט וווינען די ארבעטער, 3 — 4 שטאָקיקע מויערן זײַנען דאָ אין פאַרלויף פון לעצטן יאָר אויסגעוואַקסן, וואָס זאָגן אָן דעם אַרום, אז צו דער בלאָטע און די אָרעמע הײַזלעך איז געקומען א סאָף.

דאָ איז שוין א יאַסליע, אַן אַמבולאַטאָריע, א קלוב. אָט שטייט דער ספּאָרט־פּלאַץ, ווי נאָך דער ארבעט קומט מען אויסגלײַכן די ביינער. רעכטס שטייען אין איין ריי די קאָאָפּעראַטיוון, ארבעטער־קיכן און דאָס איז די ברייט — צעצווײַגטע אײַזנבאַן־נעץ, וועלכע איז צעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט פון די אַמאָליקע בלאָטעס.

לינקס — די אָזערע אָ ר ע כ י, וואָס ציט זיך 5 א האַלבע קילאָמעטער. פון דער אָזערע וועט זיך שפּײַזן די סטאַנציע. פאַרבונדן איז די סטאַנציע מיט דער אָזערע דורך א גרויסן קאַנאַל פון 800 מעטער. צוויי מיט א האַלבן מיליאָן עמער וואַסער וועט די סטאַנציע אויסטרינקען א טאָג. אין איין שאָ וועט זי אויסטרינקען מער וואַסער, ווי גאַנץ מינסק אין פיר און צוואַנציק שאָ.

בא דעם לייענער קען זיך שטעלן אזא פראַגע, וואָס הייסט יעדן טאָג וועט די סטאַנציע אויסטרינקען פון אָזערע 2 א האַלבע מיליאָן עמער וואַסער, זי וועט דאָך גאָר גיך אויסטריקענען. אָט צוליב דעם טאַקע האָט מע

אויסגעגראָבן א צווייטן קאנאל פון 800 מעטער די לענג, וועלכער וועט אָפציען דאָס אויסגענוצטע וואסער צוריק אין דער אָזערע.

— איך האָב בא דיר נעכטן געליען אזויפיל און אזויפיל עמער וואסער, נא דיר אָפ צוריק. עס וועט זיך באקומען א קורצטערמיניקער קרעדיט.

קוקט מען גלײַך, זעט מען די געבײַדע, וואָס שטאָלצירט מיט איר הויכקײַט — דאָס איז דער סאָציאַליסטי־שער בינין, דאָס איז ער, צוליב ווּעמען מע האָט אהער טויזנטער מענטשן געבראכט. בעטאָן און אײַזן, ציגל און צעמענט זײַנען דאָ אין דער גרויסער מעכטיקער האלב־גלעזערנער געבײַדע געפלאָכטן צוזאמען. א גאנצער געמיש פון טורבאָגענעראטאָרן, בונקערן, אײַזן־בעטאָן־סלופקעס, אײַזן־בעטאָן־פּליטעס. אָף איינעם פון די גרויסע פונדאמענטן איז שוין אופגעשטעלט א טורבאָגענעראטאָר פון דער נײַסטער קאָנסטרוקציע, א צווייטער איז שוין אָנגעקומען און ווערט אראָפּגעלאָזן.

מיר קלעטערן פון שטאָק צו שטאָק, פון צימער צו צימער, פון מאשין צו מאשין. מיר זײַנען אפן דריטן שטאָק. דער באגלייטער באקאָנט אונדז מיט די לעכער אין דיל, צוליב וואָס זיי דינען.

מיר באקאָגען זיך מיט די בונקערן, זיי זײַנען שוין פארטיק. די בונקערן שטעלן מיט זיך פאָר גרויסע אײַזן־בעטאָנענע שופליעס, דורך וועלכע דער טאָרף וועט זיך שיטן אין אויוון.

— דאָס זײַנען די אויוונס, וואָס וועלן טעגלעך אופרעסן 1000־ער פוד טאָרף.

בא די אויוונס צופוסנס ליגן די טאָרפיאניקעס, וואָס וועלן די רעשטלעך טאָרף פארהיטן, אופזאמלען און אָפּפירן עס אין א באזונדער אָרט.

מיר קלעטערן ווידער, 42 מעטער פון דער ערד האָבן מיר זיך אופגעהויבן. דאָ איז דער לעצטער פונקט. איך פאל צו צום פענצטער.

פון דעם פונקט, ווען מע קוקט אראָפּ, קען מען ערשט זען, וואָס עס הייסט געבויט. דער קאָפּ הייבט אָן שווינדלען. אָף קילאָמעטערן זײַנען צעוואָרפן קאָרפוסן, באראקן, בוי־מאטעריאלן, רעמאָנט־ווארשטאטן און אָן א זײַט שטייט א שווארצע שטאָט, דאָס איז דער זאפאס טאָרף, וועלכער ליגט ווי א גרויסער בארג.

מיר גייען ארײַן אין א נײַ אויסגעבויטן מויער מיט דרײַ ארײַנגאנגען.

— אָט דאָ אין דעם צימער וועט זײַן — „א דוש", רעכטס א וואנע־צימער און לינקס — א לייען־זאל, דאָס אלץ געהערט די ארבעטער פון עלעקטרעסטאנציע. אָפּגעארבעט, זײַ מויכל, ווארף אראָפּ די קליידער און קריך אין וואנע ארײַן.

ארויסגייענדיק פון וואנע אין „דוש"־מויער האָבן מיר אָנגעטראָפן דעם ערשטן טשעסלער פון אָסינבוי, דעם כ׳ בוטארענקאָ, דאָס איז דערזעלבער בוטארענקאָ, וועלכער האָט מיט דרײַ יאָר צוריק דאָ אָף די בלאָטעס די פּלעקלעך געפלאנצט, ער האָט עס אָנגעמערקט דאָס אָרט פאר דעם גיגאנט. לויט דער רעקאָמענדאציע פון דעם כ׳ אינזשענער באקענען מיר זיך.

— דערציילט, וואָס ניט איז, כ׳ בוטארענקאָ, וועגן דער גרויסער בויונג, איר זײַנט דאָך א וועטעראן פון היגן בויונג־פראָנט — זײַנען מיר צו אים צוגעשטאנען.

ער האָט זיך עטוואָס געקווענקלט, די היטל פון ניטגעווינשאפט אין די הענט געדרייט, נאָר זעענדיק, אז מיר טרעטן ניט אָפּ, האָט ער זיך אונטערגעגעבן.

— וואָס זאָל איך אײַך דערציילן?... שווער צו גלויבן, וואָס איך זע איצט מיט מײַנע אויגן. איר ווייסט? — ווענדעט ער זיך צו אונדז שוין מיט א דרייסטערן טאָן — די פויערים פון ארום האָבן בעשומויפן ניט געגלויבט.

— א גיגאנט וועט איר אָף בלאָטעס אויסבויען, — פלעגן זיי לאכן פון דעם הויפּט־אינזשעניער כאווער אָלייניקאָוו.

— נו, און איצטער, וואָס זאָגן זיי?

— וואָס זאָלן זיי זאָגן, זיי פרייען זיך אזש ביז טרערן. „וואָס האָבן מיר דערלעבט, פון בלאָטע עלעקטרע אין די הײַזער באקומען, פון וויסטן אינדזל ארויסגעקראָכן".

אזוי זאָגן די פויערים. מיר זעגענען זיך מיט בוטארענקאָן.

סטאלינבוי בײַט דעם פּאָנים פון אָרשער קרײַז. 20 וויאָרסט אין ראדיוס, וועט יעדע הילף־סטאנציע באלויכטן די געגנט. לענינס לעמפּעלעך וועלן זיך מיט א פרישן שטראָם ליכט ארײַנרײַסן אין די קאָלווירטישע און פויערישע ווירטשאפטן. דער סטאלינבוי איז די בעסטע אילוסטראציע פון פּראָדוציר־צוזאמענשלוס מיטן פויערטום.

אין 1927 יאָר האָט מען פּראָיעקטירט די סטאנציע אויסבויען אָף 20.000 קילאָוואט, האָט אָבער דער צווייטער יאָר פון פינפיאָריקן פּלאן געגומען א וואָרט און האָט געוואָגט:

— „איך פּראָטעסטיר". האָט מען זיך צוגעהערט צו זײַן שטים און באשטימט פארגרעסערן ביז 45 טויזנט קילאָוואט.

עס זײַנען אוועק כאראָשים, די ווײַסרוסישע אינדוסטריע וואקסט פון טאָג צו טאָג, און עלעקטרישע ענערגיע, טרײַב־קראפט פאר די מאשינעס פעלט אויס, האָט דער 2־ער יאָר גענומען א וואָרט און געפאָדערט:

— מיר איז ווייניק קראפט, גיט מיר נאָך ע־ל־עק־טרע! און ווידער האָט מען זיך צוגעהערט צו זײַן שטים און עס איז געוואָרן אָנגענומען: ווי נאָר עס וועט פארטיק ווערן, ווידער פארגרעסערן. צוזאמען וועט עס געבן 92000 קילאָוואט, אָדער אין אָנדערהאלבן מאָל מע,ר ווי עס פארמאָגט גאנץ ווײַסרוסלאנד ביז איצט.

אָרשער, וויטעבסקער און מאָליעווער קרײַזן, וואַרטן אפן טאָג, ווען די עלעקטרישע דראָטן פון סטאַלינבוי, וועלן זיי ברענגען נײַעם עלעקטרע־שטראָם, פרישע בלוט אין דער נערוון־סיסטעם פון זייערע פאַבריקן און זאַוואָדן.

די אַרבעטער און טוער פון סטאַלינבוי ווייסן עס גאַנץ גוט, ניט אומזיסט האָבן זיי אַרופגעשריבן באַם אַרײַנגאַנג אין קלוב מיט גרויסע אויסיעס:

„Ударим ударом ударных бригад".

אָט דעם לאָזונג האָבן די אַרבעטער אויסגעפילט אַף די גאַ צע הונדערט פּראָצענט, אויב ניט מער, ווען דעם זאָגט איידעס דער ראַפּאָרט, וואָס די אינזשעניערן, טעכניקער און אַרבעטער פון סטאַלינבוי האָבן אונטערגעטראָגן דער אָרשער קרײַזישער פּאַרטיי־קאָנפערענץ.

דער ראַפּאָרט הויבט זיך אָן אַזוי:

— דער הויפּט־קאָרפּוס פון סטאַלינבוי איז פאַרענדיקט. עס איז פאַרענדיקט די בויונג פון די קאַנאַלן און די ליניע אַף דובראָוונע. די פונדאַמענטאַלע אַרבעטן אַף ווײַנונג־בויונג איז פאַרענדיקט. אַ מיליאָן מיט 5 הונדערט טויזנט פּוד טאָרף וואַרט אַפן סטאַנציע. עס פאַרענדיקט זיך דער מאָנטאַזש פון ערשטן טורבאָגענעראַטאָר אַף דער־לאַנגען ענערגיע: שקלאָוו, מאָליעוו און וויטעבסק. עס איז דאָ געניג אַליומיניע און קופּער — עס האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן 10 טאָרף־מאַשינעס און זיי וועלן האַיאַר געבן נאָך דרײַ מיליאָן מיט 500 טויזנט פּוד טאָרף. אין גרונט זײַנען די אַרבעטן פאַרענדיקט. אָבער אַרבעט איז נאָך דאָ געניג. דער קאָלעקטיוו פון סטאַלינבוי נעמט אָן אַלע מיטלען פולקום אויספילן דעם בויונג־פּלאַן. סטאַלינבוי איז דאָס ענערגעטישע האַרץ פון ווײַסרוסלאַנד. זי מוז און וועט געלאָזן ווערן אין גאַנג.

95 פּראָצענט פון דער גאַנצער אַרבעט איז שוין פאַרענדיקט. ניט פאַרטיק איז נאָר: ריינער דיל, טרעפּ, סאַנטעכנישע אויסשטאַטונגען און די טאַבעלן־קאַנאַלן.

דער הייץ־סקלאַד איז פאַרטיק אַף די גאַנצע 100 פּראָצ.

די אַרבעט פון די רעמאָנט־וואַרשטאַטן זײַנען שוין פאַרענדיקט.

אַף דער בויונג פון די הילף־סטאַנציעס זיינען נאָך ניט פאַרטיק די פענצטער, טירן, דיל און די שטוקאַ־טורקע. מע קען רעכענען, אַז אַף 75 פּר. זײַנען די הילף־סטאַנציעס גרייט.

די קאַנאַלן זײַנען שוין גרייט אויפנעמען דעם שטראָם וואַסער פון אָזערע.

די אָפענע הילף־סטאַנציעס אַף 10.000 קילאָוואַט זײַנען נאָך ניט פאַרטיק. די אַרבעט פון די נײַע ליניעס זײַנען גרייט. אויסער די ליניע שקלאָוו — מאָליעוו. די ליניע אַף דובראָוונע איז פאַרטיק און איבער איר טראַנס־לירט ענערגיע צו דער פאַבריק „דובראָוונער מאַנופאַקטור".

ווי אַזוי עס גייט די בויונג פון די איבעריקע ליניעס:

וויטעבסקער ליניע איז גרייט אַף — 90 פּראָצענט.
אָרשער „ „ „ „ — 60 „
שקלאָווער „ „ „ „ — 70 „
מאָליעווער „ „ „ „ — 25 „
באַראַנאָווער „ „ „ „ — 5 „

מיט דער ווײַנונג־בויונג איז די לאַגע אַזאַ:

די קומענדיקע אַרבעטער פון דער עלעקטרע־סטאַנציע זײַנען שוין באַזאָרגט מיט דירעס. לויט דעם אויסגע־אַרבעטן פּראָיעקט, וועלן ווערן אויסגעבויט נײַע 10 הײַזער מיט 182 דירעס. אַ צוזאַמענוווינונג וועט דאָ אויסוואַקסן אַף 52 מענטשן. אויסערדעם געפינט זיך אין ווידריצע, דרײַ קילאָמעטער פונדאַנען, אַן אַרבעטער־שטעטל מיט אײַנגעפּלאַנצטע ביימער און אַספאַלטענע טראָטואַרן. מע רעכנט דאָ אויסבויען נאָך 5־6 נײַע הײַזער.

5.921.000 ר. וועט אָפּקאָסטן די בויונג. דערווײַל איז שוין אַרײַנגעלייגט 3.375.000 ר., אָדער 57 פּראָצ. פון אַלגעמיינעם פּלאַן.

---

דער ראַפּאָרט איז אונטערגעשריבן פון צענדליקער שלאָג־בריגאַדעס, פון טויזנטער אַרבעטער, וועלכע זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין סאָציאַליסטישן געוועט. די אַרבעטער און טוער פון סטאַלינבוי אונטער דער אָנפירונג פון פּאַרטיי־קאָלעקטיוו האָבן ווונדער באַוויזן, זיי האָבן באַוויזן, וואָס עס הייסט אויספילן אַ באַפעל פון לענינס פּאַרטיי, זי האָבן באַוויזן, ווי אַזוי מע דאַרף גיין אין שלאַכט פאַרן פּראָמפינפּלאַן, זיי האָבן באַוויזן דעם אײַזערנעם ווילן פון דעם העלדישן קאָלעקטיוו — פאַרווירקלעכן דעם פינפיאָר אין פיר יאָר.

* * *

מיט אָט די נעמען, וואָס מיר ברענגען דאָ הײַנט, מעג זיך גרויסן דאָס פּראָלעטאַרישע לאַנד.

אָט ווער עס זײַנען די בעסטע שלאָגלער פון סטאַלינבוי:

כ׳ אַספּיט, י. א. אָסינבוי נויטיקט זיך אין מעכאַניקער. אַספּיט קומט אַפן רוף פון דער פּאַרטיי העלפן בויען דעם גיגאַנט. ער באַקומט אַן אָרט אַף דער צײַטווײַליקער סטאַנציע. אַספּיט האָט דערפונדן אַ צענטראַלי־זירטן בוימל־שמירער, (масленка), וועלכער האָט געגעבן פאַר איין יאָר (1929) 11 טויזנט רובל עקאָנאָמיע.

אספיט בארויקט זיך ניט. ער זוכט נײַע דערפינדונגען און האָט געפונען, ער מאכט אליין א דאמף־אײַנשטעלער, אדאנק וועלכן עס גייט אוועק ווייניקער ברען־מאטעריאלן. אויב פריער פלעגט מען אויסברענען, קעדיי צו באקומען איין קילאָוואט־ענערגיע 8,5 קגר. ברען־מאטעריאל, פאטערט מען איצט ניט מער ווי 4,5 פראָצענט. אדאנק דער ענערגישער ארבעט פון די כ״כ אספיט און באלאשאָוו, האָט דער „אָסינבוי״ אײַנגעשפּאָרט באם רע־מאָנטירן מאשינעס א גרויסע סומע געלט (3.473 רובל). דער כ׳ אספיט האָט אליין איבערגעקוואליפיצירט 4 הייצער אין מאשיניסטן און איינעם האָט ער צוגעגרייט פאר א געהילף־מעכאניקער.

כ׳ באלאשאָוו—געהילף־מעכאניקער. ער האָט דערפונדן א מיטל ווי אזוי צוצופירן די טאָרף גלײַך אין די בונקערן, וואָס פארגרינגערט אף אסאך די ארבעט און גיט א מעגלעכקייט פירן א דיסקאָנט פון פארברענטן טאָרף. מיט זײַן גוטער באציונג צו דער ארבעט, מיט זײַן בײַשפּיל האָט ער באקומען דעם נאָמען—בעסטער שלאָג־בריגאדיר. באלאשאָוו האָט געארבעט איבער זיך, און איצט זעען מיר אים שוין אין דער ראָל פון געהילף־מעכאניק.

לויט דער איניציאטיוו פון באלאשאָוון און אספיטן, ווערן די רעמאָנטן פון די מאשינעס געמאכט מיט די אייגענע הענט, אָן קיינעמס הילף.

כ׳ דאווידענקאָ—ביז דעם 1930 יאָר האָט ער געארבעט אלס עלעקטראָ־מאָנטיאָר און בריגאדיר. פאר זײַן איבערגעגעבענער ארבעט איז ער ארויסגערוקט אף א העכערער ארבעט—אלס מײַסטער־עלעקטריק.

כ׳ פיטשעוו—א שמיד. פיטשעוו האָט די גאנצע צײַט געזוכט א מיטל ווי אזוי עקבערן לעכער אין בלאָטע. פיטשעוו האָט דעם מיטל געפונען און אין פארלויף פון 2 כאָדאָשים איז פארטיק געוואָרן א נײַער „בר־ראוו״, מיט וועלכן מע האָט געעקבערט די לעכער.

פיטשעוו ארבעט איבער נאָך א דערפינדונג. אין שמידערײַ־צעך איז לויט זײַן איניציאטיוו אײַנגעשטעלט א נײַער ווארשטאט, וואָס מאכט פארטיק הענגלעך פאר די איזאָליאטאָרן. כ׳ פיטשעוו איז דער ערשטער ארײַנגעטראָטן אין סאָציאליסטישן געוועט.

פיטשעוו האָט פרײַוויליק אראָפּגעזעצט די פרײַזן אף אסאך ארבעטן. ער איז ניט איינמאָל פרעמירט געוואָרן, איצט איז ער ארויסגערוקט פארן פארוואלטער פון דעם רעמאָנט־ווארשטאט.

כ׳ סאָנקין—א פארבער. ער זשאלעוועט ביז גאָר יעדן שטיקל מאטעריאל. אף 50־60 פראָצ. האָט ער אײַנגעפּירט עקאָנאָמיע. דער כ׳ סאָנקין פילט אויס די ארבעט צו דער צײַט. פאר דרײַ יאָר צײַט האָט ער קיין איין קאָנפליקט ניט געהאט. ניט געקוקט אף דעם, וואָס ער האָט געקאָנט קריגן ארבעט און מער געצאָלט אויסער די גרענעצן פון „אָסינבוי״, האָט ער די ארבעט ניט געוואָרפן און איז געבליבן דאָ. ער איז איבערגעגעבן מיט לײַב און לעבן דער בויונג.

— איך האָב שוין לאנג, זאָגט ער, געזוכט אזא מעכטיקע בויונג און, אז איך האָב זי געפונען, וועל איך שוין ניט אוועק, ביז מײַנע אויערן וועלן דערהערן דעם ערשטן סירענע־פײַף פון דער פארטיקער סטאנציע.

דאָס איז ניט מער ווי איין קליינע גרופּע ענטוזיאסטן פון דעם גרויסן העלדישן קאָלעקטיוו. וויפל זײַנען דאָ אזעלכע פיטשעווס, סאנקינס און דאווידענקעס אף דער בויונג.

* * *

סטאלינבוי וועט יעדן מעסלעס אײַנשלינגען דרײַסיק טויזנט פוד טאָרף, טאקע פארזײַנעטוועגן האָט מען 15 קי־לאָמעטער ווײַט פון אים פארלייגט דעם פונדאמענט פון אָסינטאָרף, אָדער, ווי מע רופט אים, די „זשיטניצע״ פון סטאלינבוי.

די געשיכטע פון אָסינטאָרף איז דיזעלבע ווי פון „אָסינבוי״: טיפע זומפּן, מענטשן זײַנען געווען אָפּגעריסן פון דער וועלט. איצט איז דאָ אויסגעוואָקסן א סאָציאליסטישע שטאָט מיט 3000 אײַנוווינער. די שטאָט הייסט אָסינטאָרף. אף דער אלטער קארטע פון וו.ס.ס.ר. וועט איר זי ניט געפינען. די בלאָטע האָט מען צעפּאסעוועט אינדערלענג און אינדערברייט, קאנאלן האָבן די וואסער פון אויבערפלאך צו זיך געצויגן.

— און איצט, ווי איר זעט, די בלאָטע האָבן מיר אויסגעטריקנט און אין טאָרף פארוואנדלט. דאָ אינעם פּראָדוקטן־סקלאד וועט קלעקן שפּײַז פאר סטאלינבוי אף גאנצע 100 יאָר, אויב ער וועט ארבעטן אין דער 1־טער קיי, און אף 70 יאָר—לויט דער צווייטער ריי, אויב מע וועט אָבער לאָזן אין גאנג א דריטע ריי, וועט טאָרף לעקן אף 45 יאָר.

דאָס אלץ דערציילט אונדז דער דירעקטאָר פון אָסינטאָרף כ׳ אָלייניקאָוו. מיר גייען צו די מאשינעס. פונווײַטן א שווארצער רויך ציט זיך צום הימל און די פײַערלעשער־קאָמאנדע האָט זיך מיט א הורא דורכן שטעטל ורכגעטראָגן.

— ווו ברענט? פרעגט דער דירעקטער בא דעם נאטשאלניק פון דער פײַערלעשער־קאָמאנדע.

— לעבן דער דריטער מאשין, כ׳ דירעקטער, די בלאָטע ברענט.

און איז גיך נעלעם געוואָרן.

מיר גייען גיך צום אָרט, ווו סע ברענט.

— זאָגט נאָר, כ׳ אָלייניקאָוו, ווי קען עס זײַן, אז בלאָטע און וואסער זאָל ברענען? ער האָט אף אונדז א קוק געטאָן, ווי איינער זאָגט, אָט יאָלדן, און האָט ארויסגעשטאמלט:

— וואָס הייסט בלאָטע, אָט דאָס איז דאָך די גאנצע כאָכמע, וואָס מיר האָבן אזוי אויסגעטריקנט די געגנט, אז פון א שוועבעלע הויבט זי אָן ברענען.

געקומען זײַנען מיר צום אָרט, איז שוין דער פײַער געווען ליקווידירט. הונדערטער מענטשן זײַנען מיט רידלען געשטאנען און האָבן געשאָטן ערד, נאסע שטיקלעך בלאָטע אף די ברענענדיקע ערטער.

מיר האָבן זיך פארקערעוועט צו די מאשינעס. פונווײַטן זעען מיר ווי שווארצע מײַזעלעך שפרינגען אפן פעלד, דאָס גייען די טאָרף־ציגעלעך איבער די דראָטן. צום עק דראָט גייען זיי צו און דאָרט ווערט געלייזט זייער גורל, יאטן נעמען זיי ארויס פון די פורעמס און לייגן אפן פעלד טריקענען.

דערווײַל שטייען דאָ 10 מאשינעס. יעדע מאשין ארבעט אף א שעטעך פון צוויי קילאָמעטער, בא יעדער מאשין 32 מאַן. און די 32 שטעלן מיט זיך פאָר אן ארטעל.

אין די טאָרף־גריבער שטייען יאטן מיט רידלען און שיטן די בלאָטע אין עלעוואטאָר, און ער, דער עלע־וואטאָר, דרייט זיך ארום זײַן אקס, אין מאשין און צוריק.

— נו, וואָס הערט זיך כעוורע, איר האָט שוין געשאפן א שלאָג־בריגאדע? פרעגט בא דעם ארטעל־עלטסטן דער סעקרעטאר פון פארטיי־קעמערל.

— געשאפן, כ' סעקרעטאר! פעטראָווס ארטעל האָבן מיר שוין אין געוועט ארויסגערופן.

— פאָרזיכטיקער, פאָרזיכטיקער, כ' מאשיניסט.

— וואָס האָט געטראָפן? האָט זיך דער ארטעל־עלטסטער מיט א פראגע צום מעכאניקער אין בײַדל ארײַנגעריסן.

— גאָרניט. א הארטע שטיק טאָרף האָט זיך פארהאלטן. שוין... צורעכט געמאכט. און ווידער דרייט זיך דער עלעוואטאָר.

* * *

— וואָס דערציילט איר מיר וועגן אָניאָגן און אריבעריאָגן. איר זעט דעם פלאן? איבעראיאָר פילן מיר אים אויס. 25 מאשינעס וועלן דאָ שטיין. אין דרײַ יאָר דערלאנגען מיר דעם פינפיאָריקן. מיט ארבעט־קראפט איז שלעכט, קלאָגט זיך פאר אונדז דער דירעקטאָר. מיר דארפן 3 טויזנט ארבעטער און עס זײַנען דאָ ניט מער ווי 2300. מיר האָבן שוין געפרווט בעטן די ארבעט־בירזשעס פון אָרשע, וויטעבסק און מאָליעוו, מיר האָבן פון זיי באקומען א קורצן ענטפער: "ניטאָ".

אפן אָסינטאָרף זײַנען אויך דאָ דערפינדער. אָט ווערט באלד געלאָזן אין גאנג א נײַע מאשין, דאָ טאקע אף די בלאָטעס מיט די אייגענע קויכעס געמאכט. א קליינע הידרע (אזוי רופט זיך די מאשין). זי וועט ביליקער מאכן דעם פרײַז פון טאָרף. אָנשטאָט 34 מענטשן, וועלן ארבעטן ארום איר נאָר צוויי. דער מאָטאָריסט און שלאָסער.

מיר גייען אָנקוקן די קיך. אפן וואנט באם ארײַנגאנג הענגט אן איליטשאָווקע.

* * *

סטאנציע כליוסטינאָ!

ביז ניט לאנג איז עס געווען ניט קײַן באוווסטע סטאנציע. איצט האָט זיך די לאגע געביטן, מע רעכנט זיך מיט איר, ניט נאָר פאָסט־צוגן שטעלן זיך דאָ אָפּ, נאָר יעדער שנעל־צוג געפינט פאר זײַן כויוו טאָרמאָזירן זײַן גאנג צופאָרנדיק צו סטאנציע כליוסטינאָ.

אין די הונדערטער קומען אהער טעגלעך עקסקורסאנטן. זיי קומען א קוק טאָן דעם סטאלינבוי, און צוליב דעם ציל, איז בא דעם מיליציאָנער אין בײַדל צוגעגרייט א בוך מיט אן אויפשריפט: "שרײַב ארײַן דײַן מיינונג וועגן סטאלינבוי". און יעדער איינער, נאָכדעם, ווי ער באקוקט און ווערט פארכאפט פון דער ריזיקער בויונג, שרײַבט ארײַן א הארציקן ווונטש די טוער און ארבעטער פון סטאלינבוי.

מירן א בלעטער טאָן דעם בוך און זען, וואָס מע האָט ארײַנגעשריבן.

אָט האָט דאָ ניט לאנג פארבראכט אין סטאלינבוי דער פאָרשטייער פון הויפט־עלעקטריע דער כ' קוביאק. ער האָט איבערגעלאָזן פאר זײַן אָפּפאָר פיר שורעלעך אין בוך, ער שרײַבט אָט וואָס:

— "דאָס, וואָס איך האָב דאָ געזען, רעדט פאר זיך, אז מיט אזא טעמפּ ווי איר ארבעט, וועט איר די סטאנציע קאָנען לאָזן אין אווגוסט כוידעש. ארבעט, בויט, מיר שפירן נאָך נאָך אײַער יעדן קער, און זײַט וויסן, אז דאָס גאנצע לאנד איז מיט אײַך".

אין סטאלינבוי האָט זיך אָפּגעשטעלט אן אויסלענדישע דעלעגאציע. זי איז אויך געקומען א קוק טאָן ווי אזוי באָלשעוויקעס בויען.

כ' אָלייניקאָוו — דער הויפט־אינזשעניער, האָט זי געפירט פון קאָרפוס צו קאָרפוס, דערקלערט און געמאָלט בילדער פון דער פארגאנגענהײַט.

— מיר בויען ניט אזוי גיך, בא אונדז וואָלט עס מער גדויערט, האָבן די דעלעגאטן גערעדט צום כ' אָלייניקאָוו, נאָכדעם ווי זיי האָבן אלץ באקוקט.

און בעשאס זיי האָבן זיך געזעגנט, האָט איינער אין בוך אָט וואָס ארײַנגעשריבן:

— „אָט ווו מיר האָבן בעעמעס דערזען אפן וואָר, ווי סע קלאפט דער פולס פון סאָציאַליזם. א פלאמיקן גערוס די ענטוזיאסטן פון סטאלינבוי".

אופשריפטן, ווינטשעוואַניעס זײַנען אין בוך גאָר אסאך. די ארבעטער און די טוער ווייסן פון דעם, נאָר זיי נעמען זיך ניט איבער.

— זײַנען מיר שלאָגלער, דארפן מיר ווײַזן, וואָס שלאָגלער קאָנען!

מיט א יאָר פארן טערמין ווערט פארטיק דער גיגאנט. דער באפעל פון לענינס פארטיי איז אויסגעפילט. אין 4 כאדאָשים ארום, אין דעם טאָג, ווען דער ווײַסרוסישער פראָלעטאריאט וועט ארויס אף די גאסן צום 13־טן מאָל דעמאָנסטרירן דעם יאָרטאָג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, וועט דער סטאלינבוי ווערן געלאָזן אין גאנג דער עלעקטרישער שטראָם וועט זיך איבער די דראָטן לאָזן קײַן אָרשע, וויטעבסק און מאָליעוו, ער וועט די גאנצע וועג באלויכטן. סטאלינבוי וועט באווײַזן אלעמען, וואָס סע הייסט אזוינס אויספילן א באפעל פון לעניגס פארטיי.

— מעכאניקער, שליס אײַן!

— אײַנגעשלאָסן, כאווער הויפט־אינזשעניער! וועט זיך הערן די הילכיקע שטים פון מעכאניקער. און טויזנטער ארבעטער וועלן עס אין דעם יאָנטעוו־טאָג שטיין און קוקן מיט וואָס פאר א קראפט און שטאָלץ די האנט פון מעכאניק וועט אײַנשליסן דעם עלעקטרע־שטראָם און ווי אזוי די דראָטן וועלן אים אין איין אייגנבליק צעטראָגן איבער דרײַ קרײַזן, און סטאלינבוי וועט אָנהויבן דרייען נײַע מאשינעס, פלינקער וועט אוועקגיין די ארבעט. און אין דעמזעלבן טאָג, וועט א טעלעגראם אונטערגעשריבן פון דעם דרײַעק און פון דרײַ טויזנט שלאָגבריגאדירן ווי א בליץ פליען קײַן מינסק, צו דער געבײַדע אף קארל מארקס גאס:

— צ.ק. ק.פ.(ב.)וו. דעם באפעל פון ־לעניגס פארטיי האָבן מיר אויסגעפילט. דער סטאלינבוי איז געלאָזן אין גאנג פארן טערמין. הײַנט, 4 אזייגער באטאָג האָט מען אײַנגעשלאָסן דעם עלעקטרע־שטראָם.

---

ה. גאָלדבערג.

# נאַציאָנאַליסטישע היסטאָריאָגראַפיע אונטערן שלייער פון מאַרקסיזם.

**פּראָפ. י. סאָסיס.—די געשיכטע פון די ייִדישע געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען אין רוסלאַנד אין XIX י. ה., ווײַסר. מעלוכע־פאַרלאַג, מינסק 1929 י. 202 זײַטן. פּרײַז 2 רובל.**

וועגן כ׳ סאָסיסעס אנטימאַרקסיסטישער אײַנשטעלונג און נאַציאָנאַליסטישע אָפּנייגן אין זײַנע היסטאָרישע ארבעטן האָט מען פאַר דער לעצטער צײַט פיל גערעדט און ניט ווייניק געשריבן. דער כ׳ סאָסיס האָט אָבער קאָנטיק באשלאָסן, אז זײַן „מיסיע״ אין דעם געביט איז נאָך ניט פאַרענדיקט און ער האָט אונדז „מעזאָקע״ גע־וועז מיט נאָך א ווערק פונעם זעלבן מין, ווו ער פירט אונטער א מין „כעשבן האנעפעש״ פון זײַן וויסנשאַפטלעכער ארבעט פאַר די לעצטע עטלעכע יאָרצענדליק (זע זײַן באמערקונג צום „פאָרוואָרט״).

אָט פאַרוואָס מיר ווילן גלײַך אָנווײַזן, אז פונקט ווי ס׳איז ניט צופעליק דאָס, וואָס סאָסיסעס בוך איז דערשינען גראָד אין איצטיקן מאָמענט, ווען דער אידעאָלאָגישער געביט איז (פונקט ווי אלע אנדערע געביטן) פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן ארענע פון פאַרשאַרפטן קלאַסן־קאַמף, פונקט אזוי זײַנען סאָסיסעס אָפּ־נייגן און אנטימאַרקסיסטישע סכעמעס ניט קיין צופעליקע. דאָסדאָזיקע בוך גיט א מעגלעכקײַט נאָכצו־שפּירן נאָך די קוואַלן, פונוואַנען עס שטאַמט סאָסיסעס אידעאָלאָגיע.

געניג אָנצוכאַפּן זיך בא איין רינגעלע פון זײַנע ארבעטן פאַר די לעצטע יאָרן (זײַנע ארטיקלען אין „צײַט־שריפט״ און אין די „שריפטן״ פון ווײַסר. מעל.־אוניוו.), קעדיי מע זאָל זיך באַלד איבערצײַגן, אז דאָס איז אַן אָרגאַנישער טייל פון סאָסיסעס „גאָלדענער קייט״, וועלכע ציט זיך נאָך פון העט־ווײַט, אזש פון דער בור־זשואַז־נאַציאָנאַליסטישער „יעוור. סטארינא״, מיט וועלכער דער כ׳ סאָסיס האָט איבערגעריסן ערשט סאָף 1923־טן יאָר!

אין זײַן פאָרוואָרט ווײַזט כ׳ סאָסיס אליין אָן: „מאַטעריאַלן צו מײַן ווערק האָב איך שוין פון לאַנג צוגעגרייט״ און אין א באמערקונג: „זע „יעוור. סטארינא״ 1914, 1915 א סעריע מײַנע ארטיקלען וועגן דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכער באוועגונג אין די 60־ער און אָנהויב 80־ער יאָרן״.

אָט דער פאַקט אליין—דער „ייִכעס־בריוו״ פון די ארטיקלען, פון וועלכע ס׳איז צוזאַמענגעשטעלט דאָסדאָזיקע בוך, רעדט שוין געניג קלאָר וועגן דעם, אף וויפל דאָ שמעקט מיט מאַרקסיזם. געניג אופצומישן די ערשטע עטלעכע בלעטלעך, ווי עס גיט א שלאָג מיט א פרעמדן רייעך. מיר באגעגענען א שלאַל „פערל״ פון פאַרשיידענע מינים. נאָר דער כ׳ סאָסיס האָט זיך באַזאָרגט מיט א מאַרקסיסטישן שילד—מיט א „פאָרוואָרט״. ער הויבט גלײַך אָן מיט א ציטאַטע פון מאַרקסן, ווו ער „פאַלט״ אָן אף די, וואָס איגנאָרירן בא „דער אויספאָרשונג פון דער אָדער יענער געזעלש. באוו.״ „די פּראָזאַישע סאָציאַל־עקאָנאָמישע ווירקלעכקײַט״.

„דער ציל פונעם דאָזיקן בוך—ווײַזט דאָרטן אָן כ׳ סאָסיס—איז, אף וויפל עס איז מעגלעך, אופדעקן די עקאָנאָמישע וואָרצלען פון די ייִדישע געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען און זייערע סאָציאַלע קעגנזאַצן״.

מע דאַרף אָבער גלײַך זאָגן, אז דער מעכאַבער האָט זײַנע צוזאָגן ניט אויסגעפילט. אָנשטאָט צו געבן א מאַרקסיסטיש־לענינישע באלויכטונג פון אזא וויכטיקן היסטאָרישן אָפּשניט אין דער געזעלש. באוו. בא ייִדן, האָט דער כ׳ סאָסיס זיך באַרויקט מיט די באמערקונגען אין פאָרוואָרט. אָנשטאָט צו ווײַזן דעם אָרגאַנישן צוזאַמענבונד צווישן דער ייִדישער סוויווע מיט דער אַלגעמיינער, אנאַליזירנדיק די ערשטע אפן פאָן פון דער צווייטער, ווי אירער א באשטאַנד־טייל, ווערט די אלגעמיינע סוויווע דערמאָנט בלויז פאַרבײַגייענדיק, צופעליק—מער פון יויצע וועגן. אָנשטאָט צו פּרוּוון מאַרקסיסטיש פאַנאַנדערשיפרירן אזעלכע וויכטיקע פּראָגעס, ווי די האַ־סקאָלע, כאַסידיזם א. א., האָבן מיר א ציטאַטן־פאַרפלייצעניש פון מאַסקילישע אויטאָרן, און דאָס אַלץ ווערט מיט „אָביעקטיוויסטישער״ קאַלטבלוטיקײַט אָנגעצויגן איינער נאָכן צווייטן אף א שנירעלע... אָט פאַרוואָס דער לעזער מוז וואַנדערן איבער די מידבאָריעס פון די מאַסקילישע ציטאַטן, זוכנדיק אַן אָאַזיס,—א מאַרקסיסטיש־לענינישן אנאַליז פון די פאַקטן. נאָר אומזיסט, ווײַל ווען מע דערקלײַבט זיך שוין יאָ צו א וואַסערל, ווײַזט זיך אַרויס, אז ס׳איז שטאַרק מוטנע, א פאַרברודיקטע בלאָטקעלע פול מיט „אָביעקטיוויסטישער־ און עקלעקטישער זומפּיקײַט...

דערפאַר איז דאָ א שעפע פון מאַסקיליש־ליבעראַלן סטיל און טערמינאָלאָגיע: „יידנטום“, „אָפּאָזיציע“ (אָנשטאָט קלאַסן־קאַמף), „אויפקלערונג־פּיאָנערן“, אָנשטאָט רעאַקציאָנער־בורזשואַזע שטאַדלאָנים — „פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע טוער“, אָנשטאָט בורזשואַזער קלאַס — „עקאָנאָמיש שטאַרקע יידן“, „אָפיציעלער יידנטום“ א.א.וו. א.א.וו.

די מאַסקילים ווערן געשילדערט ווי „טרוימער“, בא וועמען מע האָט „גראָב אָפּגעהאַקט די פליגלען פון זייער פרײַער (?!) פאַנטאַזיע“. אָט די אַלע בעלעטריסטישע טכינעס פּאַסטן זיך, אייגנטלעך, גאָרניט מיטן „אָביעקטיוויזם“, פאַר וועלכן דער כ׳ סאָסיס האָט אַזויפיל דערעכערעך... נאָר קײַן קאַשעס פרעגט מען היינטיקע צײַטן ניט. וואָרעם... אז „גאָט וויל“... עפנט דער האָכגעשעצטער ש. דובנאָוו אויף דאָס מויל און מיר דערהערן פון אים דיבורים.

אַזוי צ. ב. טרעט דובנאָוו שאַרף אַ־ייס קעגן זאָמבארטן, וועלכער האָט שוין, לויט זײַן (דובנאָווס) מיינונג, „צופיל פאַנאַנדערגעבלאָזן די ראָל פון יידן אין דער שאַפונג פונעם אַלוועלטלעכן קאַפּיטאַליזם“. און דעריקער האָט ער טײַנעס צו זאָמבארטן, פאַרוואָס „ער האָט זיך פאַרטיפט אין פּסיכאָלאָגיע, מאָראַל און רעליגיע, און ארויסגעפונען, אַז דער „קאַפּיטאַליסטישער גײַסט“ איז קימאַט אָנגעבוירן דעם יידישן פאָלק פון שלוימע־האַמיילעכס צײַטן, אַז קאַפּיטאַליזם איז ענג פאַרבונדן מיט דער יידישער רעליגיע, מיט דער גאַנצער יידישער פּסיכיק“ („שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק“, ייד. וויסנש. אינסט., ב. I, ז. 182). פאַרשטייט זיך, דובנאָוו האָט דערבײַ זײַן בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע קאַוואָנע. עס לוינט אים צו מוסערן זאָמבארטן און זידלען אים פאַר זײַן אידעאַליזם.

ווי מיר זעען, האָט אָבער דובנאָוו — דער אָפּאָלעגעט פון דער ייד. בורזשואַזער וויסנשאַפט, דער פאַרביסנסטער פײַנט פון מאַרקסיזם־לעניניזם — גאָרניט קעגן דעם, אַז מע זאָל נעמען אין אַכט „דעם עקאָנאָמיש פאַקטאָר. ער צאַצקעט זיך מיט קאוטסקיס לעצט „גרויס ווערק“ „די מאַטעריאַליסטישע אופאַסונג פון דער געשיכטע“, וועלכן ער הערט ניט אויף צו לויבן, און רעקאָמענדירט עס שטאַרק „יענע קריטיקער“ אין סאָוועטן־רוסלאַנד, וואָס דאָס לעצטע וואָרט איז בא זיי די באָלשעוויסטישע פּיירושים צו מאַרקסן פון פּאָקראָווסקין (אָנפאַלנדיק דערבײַ אפן כ׳ הײַליקמאַן), ווײַזט ער אָן, אז „מען קאָן פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם ניט צופיל האַלטן און דאָך אָנערקענען, אַז דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר איז איינער פון די וויכטיקסטע אין דער געשיכטע פון אַלע פעלקער“ (קורסיוו מײַנער — ה. ג.).

פּאָקראָווסקי האָט אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון היסטאָריקער־מאַרקסיסטן, באַרירנדיק די פראַגע, אָנגעוויזן: „עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם — דאָס איז מאַרקסיזם מינוס דיאַלעקטיק, נאָר אַ ריין עקאָנאָמישע אינטערפּרעטאַציע פון היסטאָרישן פּראָצעס איז אָנעמבאַר פאַר יעדן בורזשואַ“. ער ברענגט אַלס בײַשפּיל דעם לעגאַלן מאַרקסיזם, דעם היסטאָריקער ראָזשקאָוו, און גיט צו, דערווײַזנדיק מיט ציטאַטן פון מאַרקסן, ענגעלסן און לענינען, אַז „ניט נאָר דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם, נאָר אַפילו דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם פּליוס דער קאַמף פון קלאַסן — איז פונדעסטוועגן נאָך אויך ניט מאַרקסיזם“.

אָט פאַרוואָס מיר האָבן רעכט אָנגעווײַזן דעם כ׳ סאָסיס, אַז זײַן אָנערקענען דעם עקאָנאָמישן פאַקטאָר און קלאַסן־קאַמף (כאָטש מע דאַרף באַמערקן: כ׳ סאָסיס האָט אָרגאַניש פײַנט דאָס וואָרט „קלאַסן־קאַמף“. ער באַנוצט זיך גערנער מיטן אויסדרוק: „אָפּאָזיציע“, „סאָציאַלע קעגנזאַצן“ א.ד.גל.), איז „נאָך אויך ניט מאַרקסיזם“, הייסט נאָך ניט באַנוצן זיך מיטן מעטאָד פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם. אויב מיר וועלן נאָך פריער צוגעבן, אַז כ׳ סאָסיס האָט אין מעשעך פון גאַנצן בוך קימאַט ניט געפּרוווט דעמאַסקירן די בורזשואַזע און קליינבירגערלעכע היסטאָריקער און זייער קוק אויף די פראַגעס, וועלכע ער באַהאַנדלט (אויסער אייניקע אַלגעמיינע פראַזן אינעם דערמאָנטן „פאָרוואָרט“); אַז דאָס גאַנצע בוך איז אײַנגעהילט אין אַ מין מאַסקיליש־ליבעראַלן סטיל און אַז ערטערווײַז מאַכט דער אוטאָר היפּשע אידעאַליסטישע אויסגליטשן...[1] — וועט די אידעאָלאָגיע און מעטאָדאָלאָגיע פונעם דאָזיקן בוך זײַן גענוג קלאָר. דאָך וועלן מיר זיך דערלויבן מאַכן אַ עקסקורסיע איבערן דאָזיקן בוך.

* * *

ווי עס איז שוין פריער אָנגעוויזן געוואָרן, אָנערקענט דער כ׳ סאָסיס קלאַסן־קאַמף און נאָך אַזעלכע וויכטיקע זאַכן, ער קאָן זיך אָבער ניט באַפרײַען פון די אַלטע בורזשואַזע און קליינבירגערלעך־נאַציאָנאַליסטישע טעאָריעס און סכעמעס, וועלכע לויערן איבער אים, ער קאָן זיך ניט שטעלן אפן מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט. אָט פאַרוואָס ער גליטשט זיך אויס אין דער סאַמע וויכטיקסטער פראַגע: ער קײַקלט זיך אַראָפּ צו דער „מאַרטיראָלאָגיע־לעגענדע“.

אָט ווי יעהודע עלזעט (זע זײַן בוך „מיט הונדערט יאָר צוריק“) פאָרמולירט „וויסנשאַפטלעך“ דעם דאָזיקן „מאַרטיראָלאָגיע“־שטאַנדפּונקט: „וואָלטער זאָגט, היסטאָריע איז נישט מער ווי אַ רעשימע פון מענטשלעכע

[1] דער קאַמף צווישן באַזונדערע סאָציאַלע שיכטן אין דער האַסקאָלע, קאָנוערס ארויסטריט קעגן די רײַכע און צעדערבוימס פּאַרטיידיקן זיי, ווערט באַטראַכט ווי אַ קאַמף צווישן אידעאַליזם און רעאַליזם. די ניט אַנטוויקלטקײַט פון דער האַסקאָלע־באַוועגונג אין אָנהויב XIX י. ה. ווערט געשטעלט אין אַ גרויסער אָפּהענגיקײַט פון דעם, וואָס ס׳איז ניט געווען אַזאַ פּערזאָן, וועלכע זאָל קאָנצענטרירן אַרום זיך די טרוימען און האָפענונגען פון די מאַסקילים א.א.וו.

פארברעכנס און אומגליקן, ייִדישע געשיכטע איז געווייִנטלעך אנדערש[1] ווי די געשיכטע פון אנדערע פעלקער, מיר האָבן פאר די לעצטע טויזנטער יאָרן נישט קיין קעניגן און נישט קיין ארמייען, און דעריבער האָבן גרעץ און אנדערע ייִדישע געשיכטע־שרײַבער זיך געגרויסט, דאָס „בעאכריס האיאָמים", ווען דער כאָלעם פון נאָווי וועט מעקויעם ווערן, וועלן אלע געשיכטעס געשריבן ווערן אזוי, ווי מע שרײַבט ייִדישע געשיכטע. ייִדישע געשיכטע איז נישט די געשיכטע פון אונדזערע פארברעכנס, אָבער עס איז געשיכטע פון פארברעכנס — די פארברעכנס, וואָס די פעלקער זײַנען קעגן אונדז באגאנגען — פאָגראָמען, בילבולים, באגרענעצונגען, גזיירעס, שכיטעס, גייִרושים און אזוי אָן א סאָף".

מיר האָבן ספּעציעל געבראכט אָט די לענגערע ציטאטע, ווײַל זי פאָרמולירט אף אן אויסגעשפּראָכן־שאָוויניסטישן אויפן די „מארטיראָלאָגיע־לעגענדע".

ווען מיר לייענען אופמערקזאם איבער כ׳ סאָסיסעס בוך, זעען מיר, אז ער געפינט זיך אין געפאנגענשאפט פון דערדאָזיקער „טעאָריע", ניט קוקנדיק אף דעם, וואָס זי איז בא אים צוגעדעקט מיט פײַגנבלעטלעך פון קלאסן־קאמף און וואו־ניט־ווו רײַסט זיך אפילע דורך א ריכטיקער געדאנק.

סאָסיסעס געדאנקענגאנג איז אזא: ער פארגלײַכט פארשיידענע סאָציאַלע שיכטן פון דער ייִדישער גאס מיט די אנטשפּרעכנדיקע שיכטן פון דער פוילישער באפעלקערונג און קומט צום אויספיר, אז דער ייִדישער רײַכער ארענדאר איז געשטאנען מיט א שטאפל נידעריקער פארן פוילישן שליאכטיטש. דער ייִדישער סויכער און באַלמעלאָכע — נידעריקער פון פוילישן. די „רײַכע ייִדישע ארענדאטאָרן און די גרויסע ערד־באזיצער זײַנען לויט זייער לאגע געווען זייער נאָענט צו דער פוילישער שליאכטע. דאָך האָט אָבער דער סאמע רײַכסטער ניט געקאָנט באקומען קיין שליאכטע־טיטל" (ז. 13). „ייִדישע הענדלער זײַנען עקאָנאָמיש געשטאנען אף איין מאדרייגע מיט די קריסטלעכע הענדלער, אָבער יורידיש זײַנען זיי ניט אריין אין שטאנד פון די מעשטשאַנעס" (דאָרטן). „דער ייִדישער ארענדאטאָר פון א מיל, דער קרעמער, דער קרעטשמער, דער שענקער, דער פאקטער איז שטענדיק פארנומען ניט נאָר דערמיט, וואָס ער יאָגט זיך נאָכן שטיקל ברויט, נאָר דערמיט, וואָס ער זוכט אויס אלץ נײַעמיטלען צו באפרידיקן די אופוואקסנדיקע אפּעטיטן פון זײַן פאָרעץ". דאָסזעלבע ווערט געזאָגט וועגן די ייִדישע באַלמעלאָכעס, וועלכע זײַנען געווען „רעכטלאָז, האָבן א לאנגע צײַט זיך געמוזט אונטערוואַרפן די פאָדערונגען פון די קריסטלעכע צעכן".

ס׳איז אָבער גאָרניט דערמאָנט געוואָרן וועגן זייער עקספּלואטאטאָרישער ראָל.

נאָר וואָס איז דאָ צו וווּנדערן זיך? אָט פרווט כ׳ סאָסיס אויסטײַטשן די טעטיקײַט און אינטערעסן פון פארשיידענע סאָציאַלע שיכטן און קלאסן פון דער ייִדישער באפעלקערונג אף אזא מין אייגנארטיקן יאהודיש־דארוויניסטישן אויפן: „ייִדן אין קאמף פאר עקזיסטענץ, שטרעבן צו פארברייטערן די ספער פון זייער הענדלערישער און באַלמעלאָכישער טעטיקײַט".

די קאָנקורענץ צווישן די ייִדישע און פוילישע הענדלער, דער קאמף צווישן פארשיידענע סאָציאַלע שיכטן און קלאסן, ווערט דורכן כ׳ סאָסיס דערקלערט ווי א „קאמף פאר עקזיסטענץ"! דערבײַ „קעמפן פאר עקזיסטענץ" נאָר די ייִדישע הענדלער און באַלמעלאָכעס (זיי זײַנען דאָך די „מארטירער", זיי זײַנען דאָך אין „דיאַספּאָרע"...), די קריסטלעכע — ניט... וואָס פאר א שײַכעס דאָס אלץ האָט מיטן מארקסיזם, איז איבעריק צו דערווײַזן.

עמעס, כ׳ סאָסיס פרווט אין אייניקע ערטער אָנווײַזן אף די „סאָציאַלע קעגנזאצן", אף „דער סינע פון פויער צום ייִדן"... (כאָטש אין א צווייטן אָרט וויל ער דערווײַזן, אז קיין שום סינע איז אין דאָרף צום ייִדן קימאט ניט געווען, ווײַל ס׳איז ניט געווען קיין קאָנקורענץ), ווײַל דער ייִד — דער שענקער, פלעגט מיט דער הילף פונעם בראנפן־האנדל ארויסצאפּן באם פויער דעם לעצטן גראָשן. נאָר אויך פארן דאָזיקן עקספּלואטאטאָרישן טיפּ געפינט כ׳ סאָסיס „א זכוס". ערשטנס, איז עס דאָך ניט עקספּלואטאציע, נאָר „קאמף פאר עקזיסטענץ", צווייטנס, איז דער שענקער אָט „דערזעלבער ייִד, וואָס ווערט עקספּלואטירט פון דער פריצישער מאכט" (ז. 10). כ׳ סאָסיס דערלויבט זיך צו אנטוויקלען אָט די אלע „טעאָריעס" דאן, ווען ער אליין ברענגט פאָלגנדיקע שרײַענדיקע פאקטן. ווי באוווּסט האָבן ייִדן אין פוילן ניט געהאט קיין רעכט צו האָבן לײַב־אייגענע פויערים. פאקטיש אָבער „ווערט ער (דער ייִדישער רײַכער ארענדאטאָר, וואָכערניק — ה. ג.) א געזעצלעכער אייגנטימער פון פויערים, וואָס קאָנען ניט אָפּגעטיילט ווערן פון דער ערד. ער באקומט דאָס רעכט פון אומבאגרענעצטער עקספּלואטאציע פון זייער ארבעט, פון מישפּעטן זיי (אפילע ביז טויט־שטראָף)" (ז. 9).

מיר האלטן, אז אָט די ציטאטע גופע פון סאָסיסעס בוך איז דער בעסטער ענטפער אף דער „מארטיראָלאָגיע־לעגענדע", „קאמף פאר עקזיסטענץ" א.ד.גל. זי באווײַזט בוילעט די עקספּלואטאטאָרישע ראָל פון דער ייִדישער בורזשואזיע. איז אָט, נאָך דער שילדערונג (אף דערזעלבער זײַטל), הויבט עס כ׳ סאָסיס אָן צו פאַנאנדערוויקלען זײַן טעאָריע פון „שטאפּלען", לויט וועלכער דער ייִדישער סויכער, ארענדאר א.א. זײַנען „דאָך" געווען אונטערדריקט און עקספּלואטירט...

אף ווי ווײַט די שענקארעס, ארענדאטאָרן א.ד.גל. האָבן דאן „דאָך" מיט זיך פאָרגעשטעלט א פאראזיטישן עלעמענט, איז צו זען פון דעם, ווי אזוי דובנאָוו שאצט זיי אָפּ (עמעס, מיט טיפן הארצווייטיק און געפיל

1) קורסיוו אומעטום אונדזערער — ה. ג.

פון „נאציאָנאלן טרויער“...). אָט וואָס ער שרייבט: „מע האָט געשענקעוועט אומעטום, אין דאָרף און אין די פריצישע שטעטלעך, מע האָט פארקויפט בראנפן, ביר און מעד. מע האָט רייַך געמאכט דעם פּאָרעץ און אַליין געמאכט א גוטן לעבן. אָבער די שיקרעס האָט רויִנירט דעם פּויער און האָט אים פארווילדעוועט“ („שריפטן“, ז. 182). דער פּאָרשטייער פון „כאָכמעס האיאהאדוס“ ד״ר איזראעלסאָן מוז אויך מודע זיַין דעם פאקט: די ראָל פון די יִדישע שענקארעס. כ׳ סאָסיס האָט אויך ניט פארגעסן א נאש טאָן פון דער יאהודיש־אטאָבעכארטאָנעדיקער „ראסן־טעאָריע“, לויט וועלכער ער קומט צום אויספיר, אז די שליאכטע האָט זיך ארויסגעוויזן פאר „אומפעיק צו אנטוויקלען די ווירטשאפט אין לאנד“, „אומפעיק צו פארפעסטיקן איר קאזנא מיט אייגענע קויכעס“. דערביַי האָט די שליאכטע געקוקט אף די יִדן מיט „קינע׳ און באמיטיך צו „עקספּלואטירן אירע הענדלערישע און אונטערנעמערישע פעיקייטן“ (ז. 10).

מיר שטרייַכן אונטער: אין א גאנצער ריי ערטער זיַינען באם כ׳ סאָסיס פאראן אָנווייַזונגען אף די קלאסן־סטירעס (כאָטש גאנץ נעפלדיק און געפּלאָנטערט). ער גיסט צייַטנווייַז ארייַן א לעפעלע האָניק אין דער פאס דזעגעכץ... נאָר גאנץ אָפט האָט ער אויך אף דעם כאראָטע...

ריידנדיק שפּעטער שוין וועגן XIX י. ה., געפינט כ׳ סאָסיס, אז די יִדישע באפעלקערונג „אכוץ איר אויבערשטן שיכט—רייַכע יִדישע סאָכרים—איז באשטאנען פון שענקער, קליינע קרעמער, פארמיטלער, מעלאמדים, פארשיידענע קלייקוידעש (ראבאָנים, שאמאָסים, כאזאָנים א.א.—(ז. 35). ווי מיר זעען, ווערן די ראבאָנים ארייַנגערעכנט צווישן דער אלגעמיינער מאסע. דערביַי באקומט זיך, אז די מאסע גופע איז געווען קימאט אן איינהייַטלעכע (אכוץ די ראבאָנים מיט די שאמאָסים און כאזאָנים, זעט כ׳ סאָסיס קיינעם ניט).

די סאָציאלע קלאסן־פונקציע פון דער רעליגיעז־טראדיציאָנעלער דערציונג בא יִדן ווערט אָט ווי אויסגעטייַטשט: „כאָטש יִדן זיַינען בכלאל געווען גרויסע פראקטיקער אין טאָגטעגלעכן לעבן“, פונדעסטוועגן שטעלט זיך ניט „די פאטריארכאלע יִדישע קינדער־דערציונג בכלאל, קיין שום פראקטישע צילן, קיין שום טאכלעס־אופגאבן אכוץ ראבאָנים)“ (ז. 37). עמעס, אף דער צווייטער זייַטל איז זיך כ׳ סאָסיס סויסער, נאָר גיי האָב טייַנעס!

* * *

ווי באוווּסט, שרייַבט זיך דער כ׳ סאָסיס צו דעם פארדינסט, אז ער האָט דעמאסקירט און אופגעדעקט די קלאסן־ראָל פון קאָהאָל. ס׳איז טאקע קעדיַי צו זען, ווי טוט ער עס. מע קאָן זיך גלייַך איבערצייַגן, אז זיַין קריטיק איז אזא, ווי ער וואָלט עס טאָן איבער געוואלד—פון יויצע־וועגן, ווייַל שמייַסנדיק דעם קאָהאָל מיט איין האנט (ברענגענדיק פאקטן, וועלכע ריידן וועגן זיַין עקספּלואטאָרישן קלאסן־כאראקטער), קאָן ער זיך ניט איַינהאלטן פון א גלעט טאָן אים מיט דער צווייטער האנט. דער „סינטעז“ פון אזא „וואיִסרויצעצו“ באם כ׳ סאָסיס — א קאמף צווישן צוויי באגערן—איז א גאנץ „אָריגינעלער“: דער קאָהאָל האָט טאקע אסאך זינד, נאָר דאָס איז שייַעך זיַין שפּעטערדיקער אנטוויקלונג (סאָף 16־טן י. ה.), ווען ער האָט פאראטן די „אייגענע פאָן“...

עס באקומט זיך אזא מין סכעמע: איינס—דער פאטריארכאל־אידילישער פעריאָד פון קאָהאָל, דער פּאָרשטייער און פאָרטיידיקער פון יִדישן פאָלק... צוויי—ווען דער קאָהאָל איז ארייַנגעפאלן אין „שלעכטע הענט“ און געוואָרן אן אפאראט פון אונטערדריקונג... איז, נעבעך, ארייַנגעפאלן אין זינד...

אין איין אָרט ווערט דער קאָהאָל געשילדערט קימאט ווי אן אויבער־קלאסן־אינסטיטוציע: „פון דער קאָהאָל־אָנפירונג איז מאטעריעל געווען אָפּהענגיק אויך (אכוץ אלע אנדערע—ה. ג.) דער יִדישער גייַסטלעכער שטאנד: ראבאָנים, כאזאָנים, שאָכטים“ א.א.וו. דער געדאנק, אז דער קאָהאָל און זיַינע פאָרשטייער זיַינען אומעטום ארויסגעטראָטן ווי „שטאדלאָנים און פאָרטיידיקער פון פאָלק“ (אין געריכט, פאר דער אדמיניסטראציע, פארן סיים און רעגירונג) ווערט פיל מאָל איבערגעכאזערט. אף א געווויסער שטופע ווערט דער קאָהאָל ראָמאנטיזירט. „ביזוואנען דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון דער יִדישער באפעלקערונג האָט זיך אנטוויקלט פרידלעך (?!) האָבן אין קאָהאָל געהערשט פאטריארכאלע פארהעלטענישן“ (ז. 18). קיין באוויַיזן ברענגט כ׳ סאָסיס ניט. פארקערט, די פאקטן, וואָס ער ברענגט יאָ, ריידן וועגן דער „אָפּאָזיציע“ (ווי עס דריקט זיך אויס כ׳ סאָסיס) קעגן קאָהאָל און אז די פּאָרשטייער פון קאָהאָל, די שטאדלאָנים, זיַינען געווען אזעלכע, „וועלכע האָבן אויך דערביַי געזוכט זייערע פערזענלעכע אינטערעסן“. נאָר אויך דאָ איז פאראן א פרווו צו רעאבילּיטירן די שטאדלאָנים, וועלכע זיַינען אין אלגעמיין געווען „פייַנע לייַט“, נאָר האָבן דערביַי „אויך“ זיך ניט פארגעסן... אָט פארוואָס אייניקע גאנץ געלונגענע מאָמענטן, ווי דער אנאליז פונעם כאזאָקע־אינסטיטוט, זיַין ראָל און עוואָליוציע, דער כיירעם, ווי אזוי ער פלעגט אויסגענוצט ווערן קעגן די „בונטאָווּשטשיקעס“ און „מוירדים“ א.א. ווערן באם שיַין פון דער פריערדיקער אינטערפּרעטאציע אינגאנצן פארטושירט און פארלירן אין א גרויסער מאָס זייער ווערט.

נאָכדעם, ווי דער קאָהאָל האָט פאראטן די פאָלק־אינטערעסן, איז אופגעקומען, קעדיי אים צו פארבייַטן (טאקע ווי אן אָפּאָזיציע קעגן אים), א צווייטע פּאָרשטייערן פון דער דעמאָקראטיע: דער כאסידיזם, וועלכער „פארהיט — לויטן כ׳ סאָסיס — זיַין דעמאָקראטישן כאראקטער ביזן אָנהויב פונעם 19־טן י. ה.“ (ז. 26).

נאָר אין דעם פראט איז שוין סאָסיס ניט קיין בעניאָכיד. די פּאָרשטעלונג, אז דער כאסידיזם האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א ברייטע דעמאָקראטישע באוועגונג, הערשט נאָך אלפי טראדיציע אויך צווישן די סאָוועטישע יִדישע געלערנטע און קאָמוניסטן. דער כ׳ היילּיקמאן, וועלכער האָט זיך אין זיַין בוך באנוצט מיט מארקסן,

פלעכאַנאָוון, לאַפּאַרגן, מערינגען א. א. באַם אופּדעקן דעם סאָציאַל־קלאַסאָוון טאָך פון כאַסידיזם און פון דער קאַבאַליסטיק, האָט זיך אויך ניט געקענט באַפרײַען פון דער אָנגענומענער מײנונג וועגן כאַסידיזם.

דער טעות באַשטייט דאָ אין דעם, וואָס מע פאַרגלײַכט דעם כאַסידיזם מיטן פּראָטעסטאַנטיזם אַפן מײַרעוו, פאַרגעסנדיק דערבײַ, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן ניט נאָר מיט א גאַנץ אַנדער עפּאָכע און אַנדערע באַדינגונגען. נאָר אויך (און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע), מיט אינגאַנצן פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן און קלאַסן, און בעמיילע, מיט פאַרשיידענע סאָציאַלע פאַרהעלטעניש. אַף דער רעפאָרמאַציע־באַוועגונג ווירקן באַזונדערס שטאַרק די פּאַופּעריזירטע און פאַרשקלאַפטע פּויערים־מאַסן, אין דער צײַט, ווען דער כאַסידיזם האָט צו טאָן מיט די מיטעלע און קליינהענדלערישע שיכטן, צווישן זיי אויך קאָנטראַבאַנדיסטן, שמוגלער א. ד. גל. אָט פאַרוואָס בא יִדן זײַנען דאַן ניט מעגלעך געווען קײַן ט ה אָ מ א ס מ י ו נ צ ע ר ס, נאָר... באַלשעמטויווס... דאָס טאָר מען פאַר קײַן פאַל ניט פאַרגעסן.

מ׳טאָר אויך ניט פאַרבײַגיין די גרופּירונגען גופע א י נ ע ם כ א ס י ד י ז ם (ניט בלויז טעריטאָריעל, ווי עס טוט כ׳ ס אָ ס י ס), וועלכע האָבן זיך אַנטשפּרעכנדיק אָנגעשפּאַרט אַף פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן און אויסגעדריקט זייערע אינטערעסן.

פאַרשטייט זיך, אַף וויפל דער כאַסידיזם האָט געדינט אַלס אָפּאָזיציע צום קאָהאָל און ראַווינים, האָט ער אין זיך געהאַט דעמאָקראַטישע ע ל ע מ ע נ ט ן. ס׳וועט אָבער זײַן פאַלש צוצושרײַבן אים א ד ו ר כ ו י ס ־ ד ע מ אָ ק ר א ט י ש ן כאַראַקטער און אידעאָלאָגיע, פאַרשווײַגנדיק דערבײַ זײַנע ר ע א ק צ י אָ נ ע ר ע ע ל ע ־ מ ע נ ט ן, אפילע אינעם ע ר ש ט ן פּ ע ר י אָ ד. אויב אזא אַנאַליז ווערט געמאַכט בענעגייע דער בורזשואַזיע און אירע אידעאָלאָגן, אין איר רעוואָליוציאָנערן פּעריאָד, איז עס צען־פאַך נויטיקער בענעגייע דעם כאַסידיזם, קעדיי אים ריכטיק און ווי געהעריק איז אָפּצושאַצן.

בא ס אָ ס י ס ן ווידער פאַרלירט דער כאַסידיזם אין א באַדײַטנדיקער מאָס ביכלאַל זײַן קלאַסן־כאַראַקטער. אזוי, צ. ב., בלײַבט אינגאַנצן לויט אים ניט קלאָר, פאַרוואָס גרויסע שיכטן פון דער יִדישער בורזשואַזיע און קלעריקאַלן זײַנען אינגיכן צוגעשטאַנען צום כאַסידיזם. דער כ׳ ס אָ ס י ס דערקלערט עס מיט דעם, וואָס פון איין זײַט האָבן זיי אין כאַסידיזם באַקומען א באַרעכטיקונג פאַר זייער אויסגעלאַסענעם אַרט לעבן, און, צווייטנס, דערפאַר, ווײַל זיי האָט דערעסן דער טרוקענער דאָגמאַטיזם פונעם ראַוויניזם; אַז זיי האָבן נאָכגעגעבן דעם אָבערגלויבן פון זייערע פרויען, וועלכע האָבן שטאַרק געגלויבט אינם „רעבנס קויעך״ און זײַנע „ניסים״... עס באַקומט זיך, אַז די בורזשואַזיע האָט מאַקרעוו געווען מיט אירע מאַטעריעלע און קלאַסן־אינטערעסן, קעדיי זיך „אָפּטויווערן״ אינעם אָפּפרישנדיקן „קוואַל״ פון דער כסידישער מיסטיק...

צוזאַמען מיט דער אידעאַליזאַציע פון קאָהאָל און כאַסידיזם, גיט כ׳ ס אָ ס י ס אָפּ ניט ווייניק מי אַף צו דערווײַזן, אַף וויפל דער טאַנאַך („איידער ער איז באַאַרבעט געוואָרן פון די קויהאַנים״...) „טיילט זיך אויס מיט זײַן פּאָשעטקײַט, דעמאָקראַטישקײַט, מיט זײַן סינע צו רײַכקײַט און לוקסוס, צו האַנדל און פּראָצענט־נעמען, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר א פאָלק מיט א נאַטורעלער ערדאַרבעטערשער און פּיצוכטישער ווירטשאַפט״ (ז. 19). דערבײַ ווערט נאָך צוגעגעבן וועגן פּאַטריאַרכאַלישקײַט (וואָס כ׳ ס אָ ס י ס האָט אזוי ליב), „סאָציאַלע פּראָטעסטן פון די נעוויִים״, „אידעלע ווונטשן, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט דעם אזויגערופענעם יובילײ־יאָר („יובל״)״.

ס׳איז אָבער אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש דער פלאָנטער, וואָס באַקומט זיך דאָ באַם כ׳ ס אָ ס י ס. די נעוויִים־אידעאָלאָגיע מיט איר דעמאָקראַטישקײַט האַלט ער פאַר דער הערשנדיקער אין ביבלישן פּעריאָד, נאָר אין דערזעלבער צײַט כאַראַקטעריזירט ער די ווירטשאַפט פון יענעם פּעריאָד, ווי „א נאַטורעלע ווירטשאַפט, אין וועלכער ס׳דרינגט שוין אַרײַן די ווירקונג פונעם האַנדל־קאַפּיטאַל״ (ז. 20). מיט דער הילף פון וואָס פאַרא קישעף עס קען אין א נאַטורעלער ווירטשאַפט „אַרײַנדרינגען״ דער האַנדל־קאַפּיטאַל, — בלײַבט פאַר אונדז א סאָד... אָט דערקלערט, צ. ב., כ׳ ס אָ ס י ס, אַז „די ביבלישע רעכט טראָגט, אזוי צו זאָגן, א נאַטורעלן כאַראַקטער״. ווי פּאָרט זיך נאַטורעלע ווירטשאַפט מיט „רעכט״, ווייסן מיר אויך ניט, דאָס באַווײַזט נאָר, ווי ווייניק כ׳ ס אָ ס י ס האָט זיך באַמיט דורכשטודירן (כאָטש באַקאָנען זיך) מיט דער וויכטיקסטער מאַרקסיסטיש־לענינישער ליטעראַטור. אָט פאַרוואָס מיר באַגעגענען בא אים אזוינע און ענלעכע מעשונעדיקע פאַרקריפּלונגען אין אזעלכע פראַגעס, וועלכע רופן ניט אַרויס קײַן שום מיינונג־פאַרשיידנהײַטן און ווערן אפילע אונטערגעטראָגן אין דער 7־יאָריקער שול...

* * *

איינע פון די וויכטיקסטע פראַגעס, וועלכע זײַנען פון מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט קימאַט ניט באַאַרבעט געוואָרן, איז די האַסקאָלע. דיראָזיקע פראַגע איז א קאָמפּליצירטע, איבערהויפּט, אַף וויפל מע קען די האַסקאָלע ניט באַטראַכטן, ווי עטוואָס גאַנצעס, אפילע אין די ראַמען פון איין היסטאָרישן פּעריאָד. מע דאַרף זאָגן, אַז אויך דאָ האָט דער כ׳ ס אָ ס י ס אַרײַנגעטראָגן א היבשן פלאָנטער, פאַרײַנפאַכנדיק און פאַרפלאַכנדיק א גאַנצע ריי וויכטיקע פּראָבלעמעס. דאָס דריקט זיך קוידעמקאָל אויס אין דעם, וואָס ער פירט מעכאַניש דורך אַן אַנאַלאָגיע צווישן די אויפקלערער (просветители) פון XVIII י. ה. און די מאַסקילים. דאָס וואָלט נאָך אָבער געווען א האַלבע צאָרע. ער פאַרגעסט אינגיכן אויך דאָס, און דערהערנדיק די מאַסקילישע סימפּאָניע, פאַלט ער אַרײַן אין היספּײַלעס און פאַרייניקט זיך מאָמענטנווײַז צום דאָזיקן כאָר. אין א גאַנצער ריי ערטער ווייסן מיר

פאָשעט ניט דעם מעכאבערס שטאנדפונקט. אין איין אָרט דערקײַקלט ער זיך צו א 100 פראָצענט אידעאַליזם אינעם קוק אף דער געשיכטע. אזוי צ. ב. דערקלערט ער איינע פון די וויכטיקסטע סיבעס, פארוואָס די האסקאָלע־באוועגונג איז צום אָנהויב XIX י. ה. געווען א שוואכע, א צושפליטערטע, מיט דעם, „וואָס אין רוסלאנד איז ניט געווען קײַן צענטראלע פיגור, ארום וועלכער עס זאָלן זיך קאָנען קאָנצענטרירן זייערע (מאסקילישע. ה. ג.) טרוימען (!) און שטרעבונגען, און וועלכע זאָל קאָנען אין א געוויסער מאָס פארבײַטן דעם פאָטער (!) פון דער האסקאָלע — מענדעלסאָנען. אזא פיגור איז ארויסגעטראָטן אין סאָף פון די 20־ער יאָרן פון דעם פאָריקן י. ה. דאָס איז געווען יִצחאָק־בער לעווינזאָן“ (ז. 46).

דערבײַ האָט זיך דער כ׳ סאָסיס אויסגעבויט אן איגנארטיקע טעאָריע, לויט וועלכער די מאסקילים זײַנען דאן אינגאנצן געווען קונעלעמלעך... „ניט פאנאנדערקלײַבנדיק זיך אין די פאָליטישע טענדענצן פון דער רעגירונג, האָט ער (דער מאסקיל. ה. ג.) געגלויבט אין דעם גוטן ווילן פון דער „נאטשאלסטווע“, (מיר וועלן באלד זען, אז כ׳ סאָסיס גלויבט נאָך אויך איצט אינעם „גוטן ווילן פון דער „נאטשאלסטווע“ און אפילע... צאריזם ה. ג.), נאָר דערפאר, ווײַל זי קומט אים צו הילף אין דער סאמע וויכטיקסטער זאך זײַנער, — ווײַל זי האלט אונטער דאָס פארשפרייטן בילדונג צווישן די יִדישע מאסן“ (ז. 88). דאָס אלץ ווערט געזאָגט דאן, ווען דער מעכאבער אליין מוז אָנערקענען (ז. 57), אז „די פיאָנערן פון דער האסקאָלע, שליסנדיק א בונד מיט ניקאָלײַ דעם 1־טן, האָבן אינגאנצן איגנאָרירט די אלטעגלעכע אטמאָספער פון רעכטלאָזיקײַט, פון העפקיירעס, פון גוואלדטאטן, וואָס האָט אײַנגעשמידט די עקזיסטענץ פונעם יִדן“.

פאראן נאָך צענדליקער ערטער, ווו די מאסקילים ווערן געשילדערט, ווי טרוימער, מיט „א פרײַער פאנטאזיע“, בא וועמען ס׳איז געווען א נאטירלעכער ווונטש (ווײַטער א נאטורוויסנשאפטלעכער אָפנויג:) ארויסצורײַסן דאָס הארץ, וואָס האָט אזוי לאנג געשוויגן“... און נאָך, און נאָך „הארצרײַסנדיקע“ פאָעזיע...

וואָס אָבער מיינט סאָסיס מיט אזא „רעבוס“: „דער אידעאליזם פון די מאסקילים האָט זיך געשפײַזט מיט זייער פולשטענדיקער סאָציאלער באָדנלאָזיקײַט“. ווי און וואָס דארף מען פארשטיין אונטער דער „סאָציאלער באָדנלאָזיקײַט“? אז הינטער די מאסקילים שטייען ניט קײַן שום סאָציאלע שיכטן, קלאסן, וועמעס אינטערעסן זיי דריקן אויס? אבסורד! אָט האָט דאָך כ׳ סאָסיס אליין געפרווט אָנווײַזן אין עטלעכע ערטער אפן סאָציאלן אונטערשלאק פון זייערע שטרעבונגען.

עס האלט אויך ניט אויס די מינדסטע קריטיק דאָס וועלן דערקלערן דעם אידעאליזם, די באגײַסטערונג און אָפּפערוויליקײַט פון די מאסקילים, איבערהויפּט, אינעם ערשטן פעריאָד, מיט זייער „מאטעריעלער באָדנלאָזיקײַט“, עס קומט אויס, אז פעיק אף אידעישקײַט און אָפּפערוויליקײַט זײַנען די „אופקלערונג־פיאָנערן“ געווען בלויז אדאנק זײַער עקאָנאָמישער באָדנלאָזיקײַט, און אז אף אזא אידעישער באגײַסטערטקײַט זײַנען ביכלאל פעיק דעריקער דעקלאסירטע עלעמענטן. דאָ ווערט, אלזאָ, אויסגעטײַלט דער קלאסן־מאָמענט און קלאסן־כאראקטער פון זייער אידעאָלאָגיע. דאָ ווערט דורכגעפירט דער געדאנק פון „איבעריקע מענטשן“... („лишние люди“).

וואָס איז שײַעך דעם אומבאגרענעצטן אָפּטימיזם פון די „פיאָנערן“, וואָס כ׳ סאָסיס וויל דערקלערן מיט זייער פאָליטישער נאיווקײַט, דאָס „ניט פאנאנדערקלײַבן זיך אין פאָליטישע טענדענצן“, זוי ער רופט עס אָן, איז עס אויך ניט מארקסיסטיש. דאָס איז א קאריקאטור אף מארקסיזם! גענוג אופצובלעטערן, וועלכן ניט איז מערווייניקער מארקסיסטישן לערנבוך אף געשיכטע פון דער „נײַער צײַט“, קעדיי צו איבערצײַגן זיך, אז די אופקלערער (אפילע אין א גרויסער מאָס די מאטעריאליסטן) פון XVIII י. ה. זײַנען געווען אידעאליסטן אין זייער קוק אף דער געשיכטע, אף דער מענטשלעכער געזעלשאפטלעכקײַט, אף דער ראָל פון דער פערזענלעכקײַט א. אז. וו. אין צווייטן באנד, אינעם ארטיקל „פון וואָס פאר א יערושע זאָגן מיר זיך אָפּ“, שטעלט זיך לענין געניי אָפּ אף דער כאראקטעריסטיק פון די אופקלערער אין מײַרעוו־אייראָפּע אין רוסלאנד און ווײַזט אָן אף די סיבעס פון זייער אידעאליזם און „נאיווקײַט“. „דער אופקלערער (просветитель) גלויבט אין דער געגעבענער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג, ווײַל ער באמערקט ניט די ווידערשפרוכן, וואָס זײַנען אים אייגנשאפטלעך“. דאָס איז „א ריכטונג, וואָס כאראקטעריזירט זיך מיט דעם, וואָס מע קען אָנרופן „היסטאָרישן אָפּטימיזם“ (לענין, ב. II, ז. 338). אָט פארוואָס די מאסקילים האָבן „ניט פארויסגעזען דעם „טראגישן פינאל“...

נאָר איין זאך איז — אָנווײַזן דאָס, וואָס איז זאלגעמײַן דעם מאסקיליזם אלס גאנצעס, ווי אן אידעאָלאָגיע (ניט פארגעסנדיק זײַן פאנאנדערשיכטונג...), און א צווייטע זאך איז צוגיין צום יִדישן מאסקיליזם קאָנקרעט־היסטאָריש. אויב דער „אסימיליאטאָריש־טעאָלאָגישער“ מאסקיליזם אפן מײַרעוו אין אָנהויב XIX י. ה. איז מיט זײַן „כאָכמעס האיאהאדוס“, אין אלגעמיין געווען א פראָגרעסיווע דערשײַנונג, איז זײַן ראָל אין רוסלאנד שוין אין א גרויסער מאָס געווען אן אנדערע. די „אופקלערונג־פיאָנערן“ אין רוסלאנד האָבן געשלאָסן אן ענגן בלאָק מיט דער שווארצסטער רעאקציע פון יענער צײַט, מיטן „זשאנדאר פון אייראָפּע“ — „ניקאָלײַ פאלקין“. אָט די „קלייניקײַט“ טאָר מען ניט פארזען... דאָ האָט מען שוין געדארפט אויסטײַלן ניט נאָר די „פראָגרעסיווקײַט“ פון די „פיאָנערן“, נאָר אויך די רעאקציאָנערע ראָל זייערע. כ׳ סאָסיס איז עס ניט געווען אומשטאנד צו טאָן, ווײַל ער האָט זיך באלד געשטעלט אף א פאלשן, אידעאליסטישן שטאנדפונקט, פארוואנדלענדיק די מאסקילים אין פאָליטישע גוילעמס, „טרוימער“ א. ד. גל., „באזאָרגנדיק“ זיי מיט „סאָציאלער באָדנלאָזיקײַט“...

די אָפּשאצונג פון לעוואנדען און זײַן באציונג צום פוילישן אופשטאנד פון 1863 י. איז אויך ניט גאָר קײַן ריכטיקע. זײַענדיק אין ווילנע, האָט לעוואנדע געשפילט די ראָל פון א „אוטשאָני יעוורעי“ באם

ווילנער גענעראל־גובערנאטער. ער האָט זיך דאַן שאַרף אַרויסגעזאָגט קעגן פּוילישן אופשטאנד, פאַרטיידיקנדיק די „רוסישע אינטערעסן״. כ׳ סאָסיס, ציטירנדיק לעוואַנדעס בוך „גאָריאַטשעיע ווּרעמיא״, ברענגט דאָך בײַשפּילן, „ווי עס זײַנען באַזונדערס בוילעט פאָרמולירט יענע לאָזונגען פון רוסיפיצירונג, וואָס האָבן באַהערשט די ייִדישע יוגנט פון ליטע און ווײַסרוסלאַנד, אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון פּוילישן אופשטאנד״ (ז. 99), און וועמעס אידעאָלאָג ס׳איז דאַן געווען לעוואַנדע. דעריבער בלײַבט אינגאַנצן ניט פאַרשטענדלעך כ׳ סאָסיסעס קאַטעגאָרישע דערקלערונג, „אַז אויך אים (לעוואַנדען. ה. ג.) בלײַבט פרעמד דער גרויסרוסישער פּאָליטישער נאַציאָנאַליזם״.

נאָר ניטאָ וואָס צו וווּנדערן זיך אַף אַזעלכע „קלייניקײַטן״. אַף אונדז וואַרטן גרעסערע סיורפּריזן״... דער סאַמע ארכי־רעאַקציאָנערער פאָרשטייער פון דער בורזשואַזער האַסקאָלע, טאַרנאָפּאָל, וועלכער האָט זיך געהאַלדזט מיט „מוראַוויאָוון דעם הענקער״ (כ׳ סאָסיס רופט אים אָן קאָרעקט — „גראַף מוראַוויאָוו״, ניט דערמאָנענדיק וועגן זײַנע „פאַרדינסטן״), וועלכער האָט מיט מאַיאָפּעסדיקן ציניזם, פאַלנדיק דעם צאַריזם צו די פיס, זיך געבעטן: „איז דען לאָגיש אָפּצוזאָגן אין די געזעצלעכע רעכט געבילדעטע לײַט און געשעפט־מענטשן אַף דעם סמאַך, וואָס זייער מאַסע איז עס ניט ווערט? איז דען דערלאָזבאַר, אַז איין קלאַס זאָל זײַן פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן צווייטן?״ — איז אָט דערדאָזיקער ייִדישער מאַרקאָוו ווערט עס געקרוינט, ווי דער פאָרשטייער פון „ייִדישן דריטן שטאַנד״ (ז. 73). וואָס פאַר א ווערט קאָנען שוין דאַן האָבן אַזעלכע צוגאָבן: ס׳ווערן „פאַרווירקלעכט די קלאַסן־אינטערעסן פון דער ייִדישער האַנדל־בורזשואַזיע א. ד. גל.״?

די ייִדישע בירזשואַזיע, — איבערהויפּט אין רוסלאַנד, — איז צוליב א גאַנצער ריי סיבעס געווען רעאַקציאָנערער און פּאַכדאָנעסדיקער, ווי די רוסישע. די ייִדישע בורזשואַזיע האָט דערבײַ, אין א געוויסער מאָס, געהאַט א מעגלעכקײַט מער אַרויסצווײַזן אירע „פעיקײַטן״ און עקספּלואַטירן די ייִדישע און אַנדערע אַרבעטער (אַגעוו, פלעגט זי גאַנץ אָפט ניט צונעמען קײַן ייִדישע אַרבעטער, אָדער בײַ דער ערשטער געלעגנהײַט פאַרבײַטן זיי מיט אָפּגעשטאַנענע און דעקלאַסירטע פּויערים־עלעמענטן, באַזונדערס אַף די צוקער־זאַוואָדן). די באַדינגונגען זײַנען דער ייִדישער בורזשואַזיע „אַנטקעגן געגאַנגען״... די קאָנצענטראַציע פון א גרויסער צאָל ייִדישע אַרבעטער אין טכום, פּונוואַנען זיי האָבן קימאַט אינערגעץ ניט געקאָנט עמיגרירן (כוץ אויסלאַנד, וואָס פאָדערט א באַזונדערס גרויסע אָנשטרענגונג), די פאַרשטאַרקטע פּאַופּעריזאַציע און פּראָלעטאַריזאַציע פון די פּילצאָליקע האַנטווערקעריש־קוסטאַרישע, קלײנהענדלערישע א. א. שיכטן, — האָבן געשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז דער רעאַלער אַרבעטלוין פון די ייִדישע אַרבעטער אין טכום איז אין אַלגעמיין געווען קלענער, ווי דער רעאַלער אַרבעטלוין אין צענטראַל־רוסלאַנד א. א. געגנטן. דער דורכפאַל פונעם קאָוונער קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך אָרגאַניזירט אין די 60־קער יאָרן מיטן צוועק צו העלפן די ייִדישע באַלמעלאָכעס אַרויספאָרן אויסערן טכום, דערקלערט זיך טיילווײַז מיט דער טרויעריקער מאַטעריעלער לאַגע פון די באַלמעלאָכעס, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיינע מיטלען מיט וואָס צו פאָרן. ווען נאָך די אַלע פאַקטן (וועלכע דאַרפן דעם כ׳ סאָסיס זײַן באַקאַנט), האַלט זיך דאָך דער כ׳ סאָסיס באַם שטאַנדפּונקט, אַז טאַרנאָפּאָל איז א פאָרשטייער פון „ייִדישן דריטן שטאַנד״, אַז די ייִדישע בורזשואַזיע איז ניט אַזוי רעאַקציאָנער (דעם שטאַנדפּונקט האָט כ׳ סאָסיס אויך פאַרטיידיקט אין אוניווערסיטעט), — איז שווער דעמלט צו זאָגן, ווי מע דאַרף דאָס קוואַליפיצירן...

נאָר אָט גייען נאָך „אינטערעסאַנטערע״ זאַכן. דער רוסישער דעספּאָטיזם מיט זײַן אַזיאַטיש־זשאַנדאַרמערישן רעזשים, וועלכער האָט אָפן סאַמע ווילדסטן און סאַדיסטישן אויפן עקספּלואַטירט דעם אַרבעטער־קלאַס און פּויערטום, „ניט געזשאַלעוועט קײַן קוילן״, ווערט דורכן כ׳ סאָסיס גנש׳לדערט ווי דער „פאַרזאָרגער״ פון פּויערטום. „שוין אין סאָף 18־טן י. ה. ווערט אַלץ פּאָפּולערער אין די פּעטערבורגער רעגירונג־ספערן דער לאָזונג וועגן אַרויסטרײַבן די ייִדישע מאַסן פון ווײַסרוסישן דאָרף, קעדיי צו ראַטעווען דעם ווײַסרוסישן פּויער פון שיקרעס, הונגער און נויט״ (ז. 33). דערזשאַווין מיט זײַנע אָנהענגער פון א רעפּרעסיווער ייִדן־פּאָליטיק ווערט פאָרגעשטעלט ווי אַזאַ, „וואָס האָט געהאַלטן די ייִדישע אַרענדאַרן און שענקאַרעס פאַר די איינציקע, וואָס זײַנען שולדיק אין דער אָרעמקײַט פון די פּויערים אין ווײַסרוסלאַנד״ (ז. 42).

עמעס, אין איין אָרט ווײַזט אָן כ׳ סאָסיס אין קלאַמערן די פּאָליטישע מאָטיוון (פּוילן) פון אַזאַ פּויערים־פּאָליטיק, נאָר ס׳איז בײַ אים אַזאַ „באַמערקונג״, וואָס ער אַליין גיט, קאָנטיק, ניט צו קײַן באַדײַטונג. אַנדערש וואָלט ער געוווּסט, וואָס פאַר א אומגעהויער גרויסע ראָל די „מאָנאָפּאָלקע״ האָט געשפּילט ניט נאָר אין צאַרישן פינאַנץ־ביודזשעט, נאָר אויך אין איר פּאָליטישן ביודזשעט, אַז זי האָט געפירט אַן אַקטיווע שיקרעס־פּאָליטיק, אַז דערזשאַווין א. א. רוסישע פּריצים און רעגירונג־ביוראָקראַטן האָבן ניט געהאַלטן, אַז די ייִדישע שענקאַרעס זײַנען אַף אַן עמעס געווען „די איינציקע, וואָס זײַנען שולדיק אין דער אָרעמקײַט פון די פּויערים אין ווײַסרוסלאַנד״. דאָסזעלבע באַקומט זיך בײַם כ׳ סאָסיס רעדט וועגן דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז דער צאַריזם האָט טאַקע אויפריכטיק געגלויבט אין דעם, אַז די ייִדן זײַנען די טרעגער פון דער רעוואָליוציע. ווײַך גערעדט, ווײַזט דאָ אַרויס דער כ׳ סאָסיס „אַביסעלע״ פּאָליטישע נאַיווקײַט...

מיר האָבן שיר ניט דורכגעלאָזן נאָך א וויכטיקן „פאַרדינסט״, וואָס רעכנט זיך פאַרן צאַריזם. ס׳ווײַזט זיך אַרויס, אַז די רוסישע רעגירונג האָט „שטאַרק געזאָרגט״, קעדיי דורכצופירן די רעפאָרם פון ייִדישן לעבן, באַזונ־

דערס „מיטן גרינדן די ערשטע יידישע קאָלאָניעס״, וואָס זאָלן האָבן... „באַרעכטיקט און קאָמפּענסירן״ „דאָס אַרויסטרייבן די יידן פון די ווייסרוסישע דערפער״ (ז. 34).

דערוויַיל נוצט אויס דער כ׳ סאָסיס די געלעגנהייט אַרויסצושטעלן אַזאַ „פילאָזאָפישן״ געדאַנק: „די פאַר־שטאַרקטע פאַנאַנדערשיכטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס ס׳האָט אַרייַנגעטראָגן די פּאָליטיק פון ניקאָלייַ דעם 1־טן, וואָס „האָט אַרייַנגעטראָגן אין אים (יידנטום... ה. ג.) קעגנזעצלעכע סינע (באַם צושטעלן די שטייַערן, באַם באַשטימען רעקרוטן) צווישן דעם פּריווילעגירטן האַנדל־קלאַס און דער אָרעמער פאָלק־מאַסע,— האָט אויפן שאַרפסטן אויפן דעמאָראַליזירט דאָס אינערלעכע לעבן פון יידנטום״ (ז. 48). כ׳ סאָסיס קלאָגט, אַלזאָ, אויף דער „קעגנזעצלעכער סינע״, וואָס ווערט אַרייַנגעטראָגן „צווישן דעם פּריווילעגירטן האַנדל־קלאַס און דער אָרעמער פאָלק־מאַסע״, און רופט דעריבער אָן אָט דעם פּראָצעס פון סאָציאַלער דיפערענ־ציאַציע און קלאַסן־פאַנאַנדערשיכטונג, וואָס איז אָן שום צווייפל אַ פּראָגרעסיווע דערשייַנונג — ווי דעמאָ־ראַליזאַציע פון יידנטום...

* * *

אין דער פראַגע וועגן דעם טאָך פונעם יידישן נאַציאָנאַליזם, שטייט כאָווער סאָסיס אינגאַנצן אויפן נאַציאָ־נאַל־דעמאָקראַטישן שטאַנדפּונקט. דער „נאַציאָנאַליזם, ווי אַ רעאַקציע קעגן אַנטיסעמיטיזם״. דער יידישער נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם איז, אַלזאָ, „אַ באַשיידנדיקער״... „אַ רויקער״. אַז מע לאָזט אים נאָר צורו, טשעפּעט ער ניט... גאָר ווויל! און בעעמעס, די יידישע מאַסקילים, ווייַזט זיך אַרויס, איז גאָר געווען אינגאַנצן פרעמד וואָס פאַר אַ ניט איז נאַציאָנאַליזם (כאָטש אין אַ צווייטן אָרט ווערט צוגעגעבן, אַז „אַ קאָפּעטשקע״ נאַציאָנאַליזם איז קיינמאָל ניט פרעמד געווען די מאַסקילים). די יידישע נאַציאָנאַליסטישע אינטעליגענץ (פּאָשעט גערעדט: בורזשואַזע אינטעליגענץ) איז נעבעך געווען דערשלאָגן, איינזאַם און פאַריאָסעמט... „דער געפיל פון נאַציאָנאַלער איינזאַמקייט און בענקשאַפט נאָך אַ נייַער נאַציאָנאַלער סוויווע האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין די זוכענישן פון דער יידישער אינ־טעליגענץ, וואָס איז אָפּגעשוווּמען פון דעם אַלטן ברעג און איז ניט צוגעקומען צו אַ נייַעם״ (ז. 103). ווי געפעלט עס עמיצן די מאָדערנע אויסגאַבע פון „אַל נאַהאַרויס באָוועל״?

די פּאָליטישע צעשוווּמענקייט, צעקראָכנקייט פון דער יידישע אינטעליגענץ, איר „נאַציאָנאַלע איינזאַמקייט און בענקשאַפט״, ווערט פּאָעטיש באַזונגען פון אַ קאָמוניסט אין אַ ראָמאַנטישן „כאַלאָוודוואָש״־סטיל...

ערשט איצט, נאָכדעם, ווי סאָסיס האָט אונדז אויפגעעפנט די אויגן, קאָנען מיר פאַרשטיין, פאַרוואָס דער יידישער נאַציאָנאַליזם איז אַ געצווונגענער. „באַ אַזאַ סיסטעמאַטישן גאַנג פון דער רעגירונג אין דער ייט פון רעאַקציע און פון אַגרעסיוון נאַציאָנאַליזם, איז די פאַרשטייער פון דער פּראָגרעסיווער יידישער אינטע־ליגענץ אויסגעקומען צו פאָרמולירן זייער פּאָזיציע אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע״ (ז. 110). „אויסגע־קומען צו פאָרמולירן זייער פּאָזיציע״!

באַ אַזאַ לאַגע, „באַ אַזאַ סיסטעמאַטישן גאַנג״ פון כ׳ סאָסיס צום שאָוויניזם און נאַציאָנאַליזם, וועט אונדז אויך „אויסקומען צו פאָרמולירן אונדזער פּאָזיציע״ און אָנרופן זאַכן מיט זייערע נעמען: דאָס איז ריינער 100% נאַציאָנאַליזם געקייפּלט אויף שאָוויניזם!

עס איז אויך איבעריק צו אָפּשטעלן זיך און דערווייַזן אויף וויפל כ׳ סאָסיס טרייַבט שטאַרק איבער די ראָל פון אַנטיסעמיטיזם און זייַן באַדייַטונג.

שווער אויסצורעכענען אַלע פאַרקריפּלונגען, וועלכע האָבן אָן אָרט אין בוך און, באַזונדערס, אין די נאָר־וואָס באַרירטע פראַגעס. דאָך קאָן מען ניט פאַרבייַגיין פאָלגנדיקעס. פינסקערס טעריטאָריאַליזם, פונקט ווי הערצלס פּאָליטישער ציאָניזם, ווערט דערקלערט ווי ריין טעאָרעטישע און לאָגישע „טאָעסן״... דער גרעסטער כעט פון פינסקערן, דעם „פּראָגרעסיסט־אַסימיליאַטאָר״, וועלכער האָט ווי אָן „אינטעליגענט אַ באַלטשוווע״ געבראַכט זייַן פּוסטגעוואָרענע האַרץ, זייַנע ספּייקעס און זייַן זעלבסטקריטיק (סאַראַ לאָשן! מאַסקילי־שער באַלשעוויזם!..) באַשטייט אין... „זייַן אַנטיהיסטאָריזם״... „אין דעם קעגנשטעלן דעם „ראַציאָנאַליזם״ דעם יסטאָריזם, באַשטייט דער טאָך פון זייַן פאַלשער טעאָריע״. „דער אידעאַל פון פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט פון דער יידישער נאַציע, וואָס איז פון אים אַרויסגעשטעלט געוואָרן, געפינט זיך ניט אין קיין שום צוזאַמענבונד מיט דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דעם יידישן פאָלק אין דער דיאַספּאָרע״ (ז. 161). אָט ווי „אומבע־ראַכמאָנעסדיק״ כ׳ סאָסיס באַגייט זיך מיט פינסקערן...

ווי ס׳ווייַזט זיך אַרויס, באַשטייען הערצלס זינד אין דעם, וואָס ער „רייַסט זיך שוין אינגאַנצן אָפּ (אַ צאַרבאַלעכייִם!) פונעם עמפּירישן געדאַנקענגאַנג, פון וועלכער ניט איז לעבן־דערפאַרונג, און גייט איבער אין דער וועלט פון פאַנטאַסטיק און אוטאָפּיע״ (ז. 186). אַזוי פאַרוואַנדלט כ׳ סאָסיס באַלד דעם דאָקטער הערצל, דעם אידעאָלאָג פון דער יידישער בורזשואַזיע (און „יידן זייַנען דאָך ביכלאַל געווען גרויסע פּראַקטי־קער״) פאַר אַ פאַנטאַסט, קימאַט אַ לונאַטיק... ווו איז דאָ דער קלאַסן־אַנאַליז פונעם ציאָניזם ווי אַ רעאַקציאָ־נערע פּאָליטישע באַוועגונג, וועלכע דינט איצט אַלס געווער פון ענגלישן אימפּעריאַליזם (און פריער פון דייַ־טשישן און טערקישן) און פון דער יידישער פּלוטאָקראַטיע? ניטאָ קיין רעמז וועגן דעם, פאַרוואָס זייַנען גראָד די קלייַנבירגערלעכע יידישע מאַסן פאַרכאַפּט געוואָרן דורכן ציאָניזם אין יענער צייַט (איבערהויפּט דורכן „כיבעס

ציאָן"). עס איז ניט דערמאָנט גאָרניט וועגן דער אקטיווער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער ראָל פון ציאָניזם אין קאַמף מיט דער יִידישער ארבעטער־באוועגונג. פארשטייט זיך, אז אויב מע פארגעסט די אלע „דעטאלן" און מען לייענט נאָך דערצו ניט קריטיש הערצלס „אוטאָפּיע", פארלירט עס דעם קלאסן־כאראקטער. די איינציקע צופעליקע באמערקונגען וועגן „באנקראָט" פון ציאָניזם א.ד.גל., זײַנען גאָרניט ווערט און ווערן דורכן כ׳ סאָסיס גופא אויך ניט גענומען ערנסט, ווײַל אנדערש וואָלט ער אופגעדעקט דעם קלאסן־אינהאלט פון הערצל־נאָרדויס „טעאָריע" וועגן דער אייביקייט פון אנטיסעמיטיזם", וואָס איז א פּרווו צו פארבײַטן די טעאָריע פון קלאסן־קאמף אף דער טעאָריע פון ראסן־קאמף; אנדערש וואָלט כ׳ סאָסיס ניט אנטוויקלט אזא לאכלוטן ניטדערלאָזבארע, רעאקציאָנערע קאָנצעפּציע, ווי „ס׳איז נאָר נויטיק צו באמערקן, אז הערצלס „יִידישע מעלוכע" וואָלט געבליבן בלויז א נאציאָנאליסטישע אוטאָפּיע (?!), א מין נאציאָנאליסטישער ראָמאן (!) אָן וועלכע ניט איז פּרווון אים צו פּראָפּאגאנדירן און פארווירקלעכן (?), ווען די לאגע אין צארישן רוסלאנד וואָלט ניט געשאפן דעם באָדן פאר די פארצווייפלונג־שטימונגען און עמיגראנטן־פּסיכאָלאָגיע" (ז. 188). ווי מיר זעען, בינדט זיך עס אָרגאניש מיטן כ׳ סאָסיס אָפּשאצונג פון יִידישן נאציאָנאליזם און פארשיידענע אנדערע מאָמענטן. מיר וואָלטן דאָ געקאָנט אָנווײַזן אף א ריי סטירעס און שטעלן א ריי קאשעס דעם כ׳ סאָסיס. נאָר אָן איבעריקע טירכע.

* * *

אזא וויכטיקע און העכסט־אקטועלע פראגע, ווי די ארבעטער־באוועגונג, ווערט אָפּגעגעבן א ניט־דערלאָזבארן בישטיק־קליינעם אָרט. עמעס, פריער גיט דער מעכאבער א קורצן איבערבליק פון די ערשטע יִידישע סאָציאליסטן, פונעם ווילנער קרײַזל און ליבערמאן־ווינטשעווסקיס טעטיקייט. גראָד דאָ האָט כ׳ סאָסיס ארויסגעוויזן א געזונטן קריטישן כוש און מער־ווייניקער ריכטיק אופגעדעקט זייער נאציאָנאל־דעמאָקראטיזם, מאָשיכיזם א.ד.גל. מיט וואָס קאָן מען דאָס דערקלערן? מיר, קאָמוניסטן, האלטן, אז מע דארף אופדעקן די רעאקציאָנערע עלעמענטן, וועלכע האָבן געהאט אן אָרט אין רעוואָליוציאָנערן פאָלקיזם א. א. נאָר עס שטעלט זיך א פראגע, פארוואָס האָט באם כ׳ סאָסיס ארויסגעפעלט פּולוער באם פאנאנדערקלײַבן דעם כאסידיזם, קאָהאָל, האסקאָלע, ציאָניזם און דעם „בונד", און גראָד צו די ערשטע יִידישע סאָציאליסטן האָט ער זיך באצויגן אזוי הארב, וועלנדיק אפילע פארמינערן זייער ראָל און באדײַטונג? (דער „האָעמעס" און דער „אסיפעס כאכאָמים". אָט „ביידע ארויסגאבעס — האלט כ׳ סאָסיס — האָבן געשפּילט נאָר א קליינע ראָל אפילע אין די ראמען פון דער העברעישער ליטעראטור" (ז. 143). ווי באוווּסט, איז ליענין ארויסגעטראָטן קעגן פּלעכאנאָווס ניט דערשאצן די ראָל פון רעוואָליוציאָנערן פאָלקיזם, געפינענדיק אין דער „לינקייט" די פּערנם, וואָס פארבינדן אים מיטן מענשעוויזם. וווהין פירן די פּערים פון כ׳ סאָסיסעס אולטרא־קריטישקייט בענוגייע די ערשטע יִידישע רעוואָליוציאָנערן? אין א גרויסער מאָס האָבן מיר דאָס שוין פריער געזען, „עטוואָס" וועלן מיר באלד זען.

איז אָט, ווי קורץ עס איז ניט די אָפּטיילונג ארבעטער־באוועגונג, איז זי אָנגעפּיקעוועט מיט פעלערן. אפילע איינצלנע באמערקונגען, וועלכע זײַנען צעוואָרפן אין פארשיידענע ערטער פון ביכל, איז ווי א געדאנק, דאָרט — א ליאפּסוס. איינציקע בײַשפּילן: איינס, „אין פּוילן, איבערהויפּט אין לאָדז און ביאליסטאָק, אנטשטייען שוין באדײַטנדיקע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, נאָר די יִידישע ארבעטערשאפט בלײַבט דאָן, ווי אויך שפּעטער, אָן א זײַט פון דעמדאָזיקן פּראָצעס" (ז. 126). עס איז פאָשעט פאלש! די יִידישע ארבעטער האָבן די לעצטע צענדליקער יאָרן פאר דער מילכאָמע פאָרגעשטעלט א באנק באדײַטנדיקן פּראָצענט פון דער אלגעמיינער צאָל ארבעטער אין לאָדזש און ווארשע, איבערהויפּט אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע (אויב ניט רעכענען דעם „קורס" פון די פּילסודטשיקעס און פּ. פּ. ס. ארויסצושטויסן די יִידישע ארבעטער, איבערהויפּט דעם רעוואָליוציאָנערן טייל און פארבײַטן זיי מיט זייערע אָנהענגער, פארשטארקנדיק דעם שאָוויניזם).

צוויי: ריידנדיק וועגן דער פּאָגראָם־כוואליע און איר אָפּשפּיגלונג אף א טייל יִידן־רעוואָליוציאָנערן, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין דער אלגעמיינער באוועגונג, ברענגט כ׳ סאָסיס אן אויסצוג פון פּ. אקסעלראָדס א בריוו צום רעדאקטער פון געלן „צוקונפט" ליעסין, ווו אקסעלראָד שרײַבט: „צוליב היסטאָרישע טראדיציעס וואָלט פּאלעסטינע געקאָנט ווערן פאר יִידן אן עמעס פאָטערלאנד — זייער אייגענע קליינע מעלוכע". כ׳ סאָסיס ברענגט די ציטאטע מיט א רויקן אָביעקטיוויזם, ביז מאכנדיק קיין שום אָנמערקונג, ווער עס איז אזוינס דער „פאָרווערטס"־מאן, דער סאָציאל־פאשיסט ליעסין, וועלכער איז אין די „גוטע יאָרן" געווען א נאציאָנאליסטישע קוואָקע; ווער איז אזוינס דער מענשעוויק אקסעלראָד. פארוואָס איז ער עס אזוי „צופעליק" געקומען צום געדאנק וועגן אן „אייגענער, קליינער מעלוכע" פאר יִידן; וואָס פאר א שײַכעס האָט דאָס מיט אייב קאהאנס לעצטע ריַיזע קײַן פּאלעסטינע אין צוזאמענהאנג מיט די אנטי־ענגלישע געשעענישן; פארוואָס עפּעס שרײַט אזוי וואנדערוועלדע וועגן „א היים פאר יִידן", און דער צווייטער אינטערנאציאָנאל האלט דאָס אלץ אונטער? און נאָך און נאָך... שוין־זשע דארף מען עס אין א בוך וועגן דער „געשיכטע פון יִידישע געזעלשאפטלעכע שטרעמונגען" פארשווײַגן אזעלכע אקטועלע פראגעס, וועלכע זײַנען אזוי ענג פארבונדן מיטן הײַנט?!

נאָר קײַן טײַנעס וועלן אונדז ניט העלפן. אָט ווי כ׳ סאָסיס שאצט אָפּ מארטאָווס בארימטע מײַ־רעדע פון 1895־טן יאָר, וועלכע איז געוואָרן די ביבל פון „בונד". אין צוויי זאצן האָבן מיר קאָנצענטרירט די געדאנקען. אין ערשטן ווערט געזאָגט, אז די ארויסטרעטונג פון מארטאָוון איז געווען „זייער סימפּטאָמאטיש". אין צווייטן זאץ — אז „בא מארטאָוון איז דאָס דאן געווען אן עפּיזאָדישער טאָעס. פון וועלכן ער האָט זיך אינגיכן אָפּגעזאָגט,

ווײַל צײַטווײַליק און עפּיזאָדיש איז ביכלאַל געווען זײַן אַרבעט אין אַ ייִדישער סוויווע“ (ז. 196). צי איז עס טאַקע אַזוי „צופעליק“, בלויז אַן „עפּיזאָדישער טאָעס“, ניט קוקנדיק אף דעם, וואָס ער האָט זיך אינגיכן אָפּגעזאָגט“ פון דעם (קעדיי נאָכאַמאָל אומצוקערן זיך צו דעם, און שוין „ערנסט און אף לאַנג“)? צי האָט עס אַ שײַכעס צו זײַן אַלגעמיין־מענשעוויסטישער וועלטאָנשויונג? א.א.וו. א.א.וו.

אָט אַזוי איז לויט סאָסיסן די געשיכטע פול מיט „טאָעסן“ און „צופעליקײַטן“. דער ציאָניזם — אַ צופעליקײַט: ווען ניט די צאַרישע פּאָגראָם־פּאָליטיק (אויך אַ צופעליקײַט:...), וואָלט גאָרניט געווען. פינסקערס און הערצלס טעאָריעס — „טאָעסן“, אַ רעזולטאַט פון ייער „אַנטי־היסטאָריזם“. „אָפּרײַסן זיך פון דער ווירקלעכקײַט“. מאַרטאָווס מענשעוויסטיש־בונדישער נאַציאָנאַליזם — אַן „עפּיזאָד“, צופעליק זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט...

דער „בונד“ איז אויך גאָט די נעשאָמע שולדיק... „די עקזיסטענץ פון ייִדישן טכום, די איזאָלירטקײַט פון דעם ייִדישן באַלמעלאָכישן פּראָלעטאַריאַט פון די פאַבריק־צענטרען — דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַן אָרגאַניזאַציאָנעל־זעלבשטענדיקע ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג“. איז דאָס דאָך אַן „אָביעקטיווע“ סיבע: אַ היסטאָרישער פּראָצעס אין וועלכן מע קען דעם „בונד“ ניט באַשולדיקן! און וואָס־זשע איז דער „בונד“ לויטן כ׳ סאָסיס יאָ שולדיק סוביעקטיוו? איז הערט: „אָבער אָט די־דאָזיקע פאָרם איז סאַנקציאָנירט געוואָרן דורכן „בונד“ אַלס פּרינציפּ, אַלס רעוואָלוציאָנערע פּערספּעקטיוו. אין דעם באַשטייט זײַן היסטאָרישער טאָעס, פון וועלכן די ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַפרײַען באַלד נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע“ (ז. 196).

און מיר האָבן געמיינט, אַז דער „בונד“ האָט גאָר געשפּילט אַן אויסגעשפּראָכן קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע ראָל, אַז ער האָט טאָרמאָזירט דער רעוואָלוציאָניזירונג און אינטערנאַציאָנאַליזירונג פון די ייִדישע אַרבעטער. מיר האָבן אויך געמיינט (זע אַגורסקיס דער „ייִדישער אַרבעטער אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג“, זײַנע אַרטיקלען אין „שטערן“ א. א.), אַז דער „בונד“ האָט אין די ערשטע יאָרן „באַלד נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע געשפּילט אַן אַקטיווע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע ראָל, ווײַזט זיך אַרויס, אַז ניט נאָר דער „בונד“, נאָר ביכלאַל די „ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס“ (מיסטאָמע אויך די פּ״צ, ס״ס, יס״ס), האָבן „באַלד נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע“ זיך אָנגעהויבן צו באַפרײַען פונעם דאָזיקן „היסטאָרישן טאָעס“... אומזיסט זיך געטשעפּעט!..

הײַנט וויפל איז ווערט די אויסטײַטשונג פון דער „רעוואָלוציאָנערער פּערספּעקטיוו“. וועלכע איז „פאַרקריפּלט געוואָרן דורכן „בונד“ און דערנאָך — גופע פון... סאָסיסן. לויטן כ׳ סאָסיס וועט „רעוואָלוציאָנערע פּערספּעקטיוו“ קאָנען הייסן אַפילע די שטעלונג פון די קאַדעטן בענויגייע דער ראָל פון דער בורזשואַזיע און איר רעוואָלוציע.

ווי פאַלש!

מיר וועלן זיך שוין ניט אָפּשטעלן אף אַזעלכע „קלייניקײַטן“, וואָס פאַקטיש שטעלט דער כ׳ סאָסיס אַ גלײַך־צייכן צווישן ייִדישן אַרבעטער־קלאַס און דעם בונד“ און נאָך און נאָך...

צי לוינט זיך אָבער נאָך אָפּצושטעלן אף די אַלע „קלייניקײַטן“ — אידעאָלאָגישע אָפּנייגן און פאַרקריפּלונגען (ווייך געזאָגט), וועלכע דער כ׳ סאָסיס האָט אָנגעזאַמלט מיט אַזאַ ברייטער האַנט? ס׳לוינט! צו ווייניק האָט מען זיך נאָך בא אונדז פאַרנומען קאָנקרעט מיט אויפעפענען די „אידעאָלאָגישע בלאָטערן“, אויב מע קען זיך אַזוי אויסדריקן. מיר האָבן געפּרוווט, אף וויפל מעגלעך, אָנווײַזן אף דאָס וויכטיקסטע, אילוסטרירנדיק עס מיט פאַקטן, ציטאַטן, אויפדעקנדיק זייער עמעסן אינהאַלט. אייגנטלעך גייט עס ניט בלויז אין צונויפקלײַבן אַלע פאַרקריפּלונגען וועלכע האָבן אָן אָרט אין דעם בוך. עס האַנדלט זיך פריער פאַר אַלץ אין פעסטשטעלן די אידעאָלאָגיע פון בוך אינגאַנצן גענומען. די אידעאָלאָגיע ווידער, ווי מיר האָבן שוין געזען, איז דאָ אַן אָביעקטיוויסטישע, דורכגעזאַפּט ערטערווײַז גאַנץ פעט מיט אַ ריי נאַציאָנאַליסטישע מאָטיוון אידעאַליסטישע גליטשן א. ד. גל. עס איז אַן אידעאָלאָגישער וויניגרעט...

מע דאַרף אָבער דערבײַ קאַטעגאָריש דערקלערן, אַז ביכלאַל שטעלט דאָס בוך ניט פאָר קײַן גרויסן וויסנשאַפטלעכן אינטערעס. מיר האָבן דאָ ניט קיינע שום נײַע מאַטעריאַלן, קײַן נײַעם שטאַנדפּונקט, אויב ניט רעכענען דאָס איבערניצעווען די אַלטע אין דער אָדער יענער פאָרמע. עס איז בלויז אַ קאָמפּיליאַציע פון אַ מענטשן, וועלכער איז באַהאַוונט אין זײַן קעגנשטאַנד, נאָר וועלכער איז אין זין פון וויסנשאַפטלעכער מעטאָדאָלאָגיע לאַכלוטן אומבאַהאָלפן.

פון דעם אויבנגעזאָגטן ווערט קלאָר, אַז ניט נאָר מיר רעקאָמענדירן ניט דאָס ווערק אַלס אַ לערנבוך, נאָר מיר האַלטן עס אַלס אַ שעדלעך בוך. בלויז בא אַ געהעריקער קריטישער אָנווײַזונג פונעם לעקטאָר, קאָנען באַזונדערע ערטער (וועגן די ערשטע ייִדישע סאָציאַליסטן) אָדער ציטאַטן (פון די מאַסקילים, לעוואַנדען א.א.) צוליב מאַנגל אין נויטיקן מאַטעריאַל, אויסגענוצט ווערן.

די אַקטועלקײַט פון אַזאַ און ענלעכע ביכער, איז דורכן דערמאָנטן ווערק ניט פאַרקלענערט געוואָרן. פאַרקערט. בלויז בא דער אַלגעמיינער קאָלעקטיווער אָנשטרענגונג פון די קויכעס פון אונדזערע ייִדישע מאַרקסיסטישע, וויסנשאַפט־טוער, וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און לערן־אַנשטאַלטן וועט מען דעם דאָזיקן בלויז קאָנען פאַרפילן. מע דאַרף צוטרעטן צו דער אַרבעט.

15/II—1930־טן יאָר.

אַ. וועוויאָרקע.

# אונדזער ייִכעס.

## וועגן די ערשטע אַרבעטער־פּאָעטן אין ייִדיש.

(פֿאָרזעצונג).

### ליבע.

ניט קײַן בעסער, אָדער בעסער געזאָגט, ניט קײַן ערגערן מאַזל פֿון דער נאַטור, האָט בײַ דערדאָזיקער גרופּע דיכטער די ליבע. אַפֿילע בײַ באָװשאָװערן, דער ברייטסטער און דער פֿרײַסטער פֿון זיי, װעמעס װאָרט האָט אין זיך אַזאַ שטאַרקע עראָטישע אָנלאָדונג, װאָס אין זײַן עקסטאַטישן קאָסמיזם פֿילט זיך דער עראָטישער אָטעם, װעט איר קײַן ליבע־לידער אינעם אייגנטלעכן זין פֿונעם װאָרט ניט געפֿינען, אַזוי װי איר װעט זי ניט געפֿינען ניט בײַ עדלשטאַטן און ניט בײַ ראָזנפֿעלדן (אין זײַן רעװאָלוציאָנערער עפּאָכע). און דאָס איז ניט קײַן צופֿאַל. דאָ האָבן מיר װידער צו טאָן מיט בײַװוסטזיניקער זעלבסט־באַשרענקונג, מיט אַ באַװוסטזיניקן פֿאַרהיטן די ענערגיע פֿאַר דער העכסטער אױפֿגאַבע, פֿאַרן ליד פֿון באַפֿרײַונג.

„איך טרוים ניט װי גליקלעכע דיכטער,<br>
פֿון װײַן און פֿון ליבע אין מײַ,<br>
אָן װײַן זײַנען מיר ניכטער,<br>
אָן ליבע זײַנען מיר פֿרײַ“.

(ד. עדלשטאַט).

בײַ באָװשאָװערן האָבן מיר אַ ליד, אין װעלכער ער דערציילט, װי אין אַ זומער־פֿאַר־נאַכט האָט זיך אַמור אַרױסגעלאָזט אַף געיעג —

„דאָך זעט! דורך דער לופֿט שװעבט אַ רײַטער.<br>
אַ קינד מיט געשלאָסענע אויגן,<br>
א יונגלינג מיט פֿײַל און מיט בויגן—<br>
ער יאָגט זיך אַלץ װײַטער און װײַטער.

ער יאָגט זיך אַלץ נענטער צום לאַנד צו,<br>
און כאַפּט מיט די פֿליגל, די קליינע,<br>
די שניי־װײַסע פֿליגל, די שיינע,<br>
זיי ברענגען געשװינד אים צום שטראַנד צו“.

און אַמור רעדט:

„איז פֿילט יעדער מענטש זיך געטריבן<br>
פֿון קרעפֿטן זײַט אייביקע יאָרן,<br>
זײַן האַרץ מיט אַ צװייטן צו פּאָרן—<br>
און לעבן, געניסן און ליבן...

דרום פֿליט, מײַנע פֿײַלן דער ליבע,<br>
אַף אייביק ניט װידער צו קערן“—

דאָך האַלט!—פֿון דער ערד לאָזט זיך הערן
אַ שטימע, אַ טרויעריק-טריַבע,

דאָס בלאָנדזשעט אַ יונגפֿרוי באַם וואַסער,
געשלאָסן אין אײַזערנע קייטן:
זי הויבט אויף איר שטימע צו בעטן
און ווערט אימער בלאַסער און בלאַסער!

— האַלט אָפּ, אַ אַמור, איין סעקונד
די פֿײַלן! ניט אײַל זיי צו וואַרפֿן!
מע דאַרף שוין ניט מערער פֿאַרשאַפֿן
דעם שמערץ פֿון מײַן בלוטיקער וווּנד.

די פֿרײַהײַט בין איך די געפּלאָגטע,
די אייביק פֿאַרהאַסטע פֿון הענקער.
די אייביק געזוכטע פֿון דענקער,
און יעצט נאָך, ווי אימער, געיאָגטע—

דאָך האָב איך מײַן מוט ניט פֿאַרלאָרן;
נאָך לעבן די פֿרײַנט פֿון דער פֿרײַהײַט,
וואָס קעמפֿן אַנטשלאָסן מיט טרייהײַט,
מיט אייביק-גערעכטיקן צאָרן.

און זיי, אָ אַמור, די וואָס ווילן,
די פֿרייהײַט זאָל ליבע באַקרוינען,
זיי זאָלסטו, איך בעט דיך, פֿאַרשוינען,
פֿאַרהיטן פֿון ליבע-געפֿילן—

נאָך ווילן די פֿרויען ניט וויסן
די מענער אין קאַמף צו באַגלייטן,
און שווער איז די ליבע צו טייטן—
מײַן קעמפֿער וועט ווערן אַנטריסן!

זי וועט אים פֿון שלאַכטפֿעלד פֿ אַ ר פֿ י ר ן
אַ ף  ק ר ו מ ע, ג ע פֿ ע ר ל ע כ ע  װ ע ג ן...
וווהין? וועט זײַן ליבע ניט פֿרעגן—
און איך וועל מײַן קעמפֿער פֿאַרלירן!"

אָט אזוי האָט באָוושאָווער געפֿילט דעם קאַמף וואָס אַמור און די פֿרײַהײַט האָבן געפֿירט איבער זײַן מוזע.

פֿאַרן דיכטער-קעמפֿער, בלײַבט נאָר איבער אָפּזאָגן זיך פֿון דער באַשרענקטער יעכידישער ליבע צו דער פֿרוי, אין נאָמען פֿון אַ גרעסערער ליבע, פֿון דער עמעסער ליבע—

„ליבע הייסט ניט געבן פֿ י ל,
ליבע הייסט זיך געבן—
ווען זי איז דער צוועק, דער ציל
פֿון אַ גאַנצן לעבן.
און ניט ליבע צו אַ פֿרוי,
וואָס קאָן ווערן קעלטער:
אַך די בלאָנדע ווערן גרוי,
און די יונגע—עלטער.

ליִבע הייסט: דעם פֿאָלק מיט פֿרייד
לײַב און זעל דערלאַנגען.
געבן זיך אָן הויכע רייד
און קײַן לוין פֿאַרלאַנגען". (וויִנטשעווסקי).

(„פֿאָלק" ווערט דאָ ניט געמיינט איִנעם זין פֿון נאציִע. מיִטן וואָרט פֿאָלק האָבן די דיִכטער באַצייכנט די „אונטערשטע" אַרבעטנדיִקע שיִכטן).

און אויב עס קומט שוין אויס אָפּצוצאָלן דער מוזע דעם ליִבע שטײַער, ווערט דאָס אויך פֿאַרבונדן מיִטן סאָציִאַלן ליד.—

ניִט זוך מיִך, ווו די מירטן גריִנען!
געפֿיִנסט מיִך דאָרטן ניט מײַן שאַץ;
ווו לעבנס וועלקן בײַ מאַשינען,
דאָרטן איז מײַן רוע-פּלאַץ.

ניִט זוך מיִך, ווו די פֿויגל זיִנגען!
געפֿיִנסט מיִך דאָרטן ניִט מײַן שאַץ,
אַ שקלאַף בין איִך ווו קייטן קליִנגען,
דאָרטן איז מײַן רוע-פּלאַץ.

ניִט זוך מיך ווו פֿאַנטאַנען שפּריִצן!
געפֿיִנסט מיִך דאָרטן ניִט מײַן שאַץ,
ווו טרערן ריִנען, ציינער קריִצן,
דאָרטן איז מײַן רוע-פּלאַץ.

און ליִבסטו מיִך מיט וואָרער ליִבע,
טאָ קום צו מיִר מײַן גוטער שאַץ!
און הײַטער אויף מיין האַרץ דאָס טריִבע,
און מאַך מיר זיס מײַן רוע-פּלאַץ. (ראָזנפֿעלד).

און בײַ באַוושאָוורן וואַקסט גאָר אויס די ליִבע און די געליִבטע איִן א סיִמוואָל פֿאַר דער באַגערטער „פֿרײַהײַט", פֿאַר דער סאָציִאַלער רעוואָליוציע אַף אונדזער לאָשן. אָט איִז א כאַראַקטעריִסטיִשער בענקשאַפֿט-מאָטיִוו:

„אָ פֿרעג מיִך ניִט וואָרום איך טרויער,
וואָרום איך בין אַזוי באַטריִבט,
ניִט פֿרעג וואָרום איִך ווער אַלץ בלאַסער—
איִך בין פֿאַרליִבט, מײַן פֿרײַנט, פֿאַרליִבט...

איך האָב מײַן ליִבסטע ניִט געזען,
דאָך ווייס איִך, אַז זי איז אַזוי שיין,
וויִ אַלע שטערן פֿון דעם היִמל,
און שענער וויִ די זון אַליין"...

און טרויערן טרויערט דער פֿאַרליִבטער דעו פֿאַר, וואָס ער בענקט נאָך זײַן געליבטער און זי איִז ניִטאָ דערווײַל. אַלץ און אַלע דערציילן דעם פֿאַרליִבטן און דערמאָנען איִם, אַז זײַן געליבטע איז ניִטאָ.

ווען כ׳זע דעם בלויען ראָק [1] באַם וויִנקל
וואָס שטייט און וויִגט זיך פֿונעם ווײַן,
דאַן זאָגן מיִר די ווילדע אויגן:
„ניִטאָ, ניטאָ די ליִבסטע דײַן"!...

[1] „בלויער ראָק"—פּאָליצײ-מאַן.

אוּן ווען איך זע דאָרט די אַרמייען
מיט שווערד אוּן בּיקס מאַרשירן פֿײַן,
דאַן קלינגט עס מיר פֿוּן זייער שפּאָרן:
„ניטאָ, ניטאָ די ליבּסטע מײַן״!..

אוּן ווען איך זע דעם אַלטן קלויסטער
מיט ציילעס אין דעם אָוונט-שײַן,
דאַן ווינקען מיר די הויכע פֿענצטער:
„ניטאָ, ניטאָ, די ליבּסטע דײַן״!..

א. א. וו.

ליבּע-לידער אינעם אייגנטלעכן זין פֿוּנעם וואָרט איז פֿאַראַן נאָר בּא מאָריס ראָזנ-פֿעלד, אָבער דאָס זײַנען לידער פֿוּן זײַן שפּעטערדיקער עפּאָכע, פֿוּן זײַן דעגענעראַציע-עפּאָכע, ווען ער איז שוין ניט געווען קיין סאָציאַלער דיכטער, זאָגן טאָקע דידאָזיקע לידער איידעס אַף זײַן דעגענעראַציע, ניט נאָר אַלס סאָציאַלער דיכטער, נאָר אויך אַלס דיכטער בּיכלאַל—זיי זײַנען בּאַנאַל, וווּלגאַר אוּן זײַנען ווײַט פֿוּן פּאָעזיע.

## קוּנסט.

אַלע דיכטערישע אוּן מענטשלעכע עמפּינדוּנגען פֿוּן דידאָזיקע פּאָעטן, די געפֿילן פֿוּן ליבּע, די פֿאַרהערלעכוּנג פֿוּן דער נאַטוּר—אַלץ האָט זיך בּאַ זיי צוּנויפֿגעוועבּט אוּן צוּנויפֿ-געקניפּט מיט זייער סאָציאַל-דיכטערישער מיסיע. זיי האָבּן געקוּקט אַף דער נאַטוּר דוּרך זייערע רויטע קלאַסן-גלעזער, אוּן די רויטע ליבּע-פֿאַרבּ האָבּן זיי צוּנויפֿגעגאָסן מיטן רויט פֿוּן דער אַרבּעטער-פֿאָן.

דאָס איז בּאַ זיי געווען אַן אַרויסגאַנג-פּוּנקט אין זייער קוּק אַף דער מיסיע פֿוּן דער קוּנסט גוּפֿע. אַף איר בּאַדײַטוּנג, ווערט אוּן אוּפֿגאַבּן.

אַ טאָעס מאַכן אוּנדזערע עסטעטישע ווילקענער, וואָס מיינען, אַז דידאָזיקע דיכטער זײַנען געווען נאַיוו אין הילכעס קוּנסט, אַז הויכע קוּנסט-פּראָבּלעמעס זײַנען פֿאַר זיי ניט געשטאַנען

דידאָזיקע דיכטער האָבּן אַ היפּש בּיסל מער פֿאַרשטאַנען די אוּפֿגאַבּן פֿוּן קוּנסט, דעם מעהוּס, דעם סאָציאַלן שוירעש פֿוּן קוּנסט אוּן איר סאָציאַלע מיסיע, ווי די הײַנטצײַטיקע (אין כראָנאָלאָגישן זין) „עסטעטיקער״ אוּן קריטיקער-פֿאָרמאַליסטן. ניט דערפֿאַר, וואָס זיי זײַנען קײַן „עמעסע פרײַע דיכטער״ ניט געווען האָבּן זיי געשריבּן סאָציאַלע לידער אוּן קאַמף-פּאָעזיע, נאָר דערפֿאַר, וואָס בּאַוווּסטזיניק האָבּן זיי קײַן אַנדערע פּאָעזיע ניט אָנערקענט אין דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַסן-געזעלשאַפֿט.

בּאַוווּסטזיניק!

די פּראָבּלעם פֿוּן „ריינער״ קוּנסט, „קוּנסט פֿאַר קוּנסט״ אָדער סאָציאַלער קוּנסט, „טענ-דענציעזע״ קוּנסט, האָבּן זיי בּאַהאַנדלט מיט זייער גאַנצער דיכטערישער ערנסט אוּן זיי האָבּן דעמלט דערדאָזיקער פּראָבּלעם געגעבּן די איינציק-ריכטיקע לייזוּנג. די לייזוּנג, וואָס איז גילטיק פֿאַר אוּנדז בּיז הײַנט—קוּנסט איז סאָציאַל, קוּנסט אין אַ קלאַסן-געזעל-שאַפֿט דינט דעם, אָדער יענעם קלאַס.

זיי האָבּן געהאַט פֿאַר זיך פּראָבּלעמעס פֿוּן פֿאָרם, פֿאָרם אין אַלזײַטיקן זין פֿוּנעם וואָרט. ס׳איז גענוּג דאָ צוּ דערמאָנען ווי דער „נאַיווער״ עדלשטאַט גיט אַליין אַ כאַראַק-טעריסטיק וועגן דעם קלאַנג פֿוּן זײַנס אַ ליד. עס האָט דעם קלאַנג פֿוּן קייטן:

„זינגט מיר מײַן ליד, מײַן פֿרײַע ליד,
מײַן ליד „אין קאַמף״ וואָס קלינגט ווי קייטן״

און באָושאָווער דערציילט וועגן זיך:

„ווי דער דיאַמאַנטן-שלייפער זיך איך
און איך פּוץ די לידער מײַנע".

זיי האָבן ניט ווייניקער, עפּשער אַביסל מער געוווסט וועגן שאַפונג-מיטלען, ווי פיל פון די עסטעטיקער. באַ זיי איז אָבער קונסט אין דער ערשטער ריי געווען אַ סאָציאַלער קאַמף-מיטל, און פון דעם אַספּעקט האָבן זיי באַטראַכט אַלע פּראָבלעמעס, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט קונסט.

די פראַגע וועגן דער סאָציאַלער פונקציע פון דער קונסט, וועלכע איז שוין געשטאַנען שאַרף אין דער רוסישער ליטעראַטור פון די 60-ער יאָרן, האָט באַ דערדאָזיקער גרופּע דיכטער פאַרנומען אַ היפּש אָרט.

עדלשטאַט ווענדט זיך צו זײַן פעדער צו זײַן גײַסטיקער שווערד, ווי ער רופט זי אָן, מיט אַזעלכע אינטים-פאַרליבטע ווערטער:

„מײַן פעדער מײַן ליבלינג, מיט דיר אַליין
ווייס איך פון זיסע מינוטן,
נאָר דו שטילסט אײַן מײַן האַרצנס געוויין,
און לאָזט אים ניט פאַרבלוטן".

און באָושאָווער ווענדט זיך צו דער מוזע מיט אַ געבעט:

„פאַרלאָז מיך ניט, מוזע, אָ, טײַערע מײַנע,
דו ליכטיקער שטערן פאַר מיר אויף דער ערד!
— — — — — — — — — — — — — — —
נאָר דו ביסט מײַן וואָפן, נאָר דו ביסט מײַן שווערד!
דער טויט, ווען ער וועט מיט זײַן אָרעם צעדריקן
די גאָלדענע זאַנגען פון יוגנט און לוסט
דאַן ווענד איך צו דיר מײַנע פלאַמענדע בליקן
און דריק צו דײַן קאָפּ צו דײַן הימלישער ברוסט.
איך וויל אין דײַן אָטעם זאָל לאַנגזאַם צערינען,
ווי נעפּל, מײַן טריבער, געפּײַניקטער גייסט;
דאָך ביז איך וועל פאַלן, באַלײַכט מיר מײַן זינען,
צו וועקן די ברידער, וואָס זײַנען פאַרגרײַזט".

אויב ס'איז ריכטיק, אַז די פּאָעזיע פון דערדאָזיקער גרופּע דיכטער איז ניט געווען אָרגאַניש פאַר דער דעמלטיקער יידישער ליטעראַטור, איז אָבער ביז גאָר געווען אָרגאַניש זייער פאַרהעלטעניש מיט דער מוזע, און אויב זייער מוזע איז ניט געגאַנגען אין לײַכטן טיול-געוועבן, נאָר אין פּאַנצער, איז עס זייער פאַרדינסט, וואָס זיי האָבן די נאַקעטע מוזעס אָנגעקליידט און אָנגעגורט צו מילכאָמע. דאָס איז זייער מיסיע און זייער אויסוואַל געווען —

„דײַן פּען זאָל אַ פידל צוגלײַך און אַ שווערד זײַן".

דערדאָזיקער מאָטיוו „פּען-שווערד" כאַזערט זיך איבער באַ דידאָזיקע דיכטער באַ פאַרשיידענע געלעגנהײַטן. ביזוואַנען די שווערד וועט איבערגעגאָסן ווערן אין אַקער-אײַזנס, דאַרף די פעדער איבערגעגאָסן ווערן אין אַ שווערד—דאָס איז זייער דיכטערישער גלויבן געווען, זייער דיכטערישער באַוווסטזײַן. אויף די טנאָים האָבן זיי זייער בונד מיט דער מוזע געשלאָסן, און מיט פולער קלאָרקײַט אָפּגעוואָרפן יעדע אידיי פון אַ קלוימערשטער „קונסט פאַר קונסט".

דאָס אליין איז שוין גענוג זיי צו מאַכן פאַר די וועגווײַזער און לײַכט-שטערן פון דער רעוואָליוציאָנערער אַרבעטער-ליטעראַטור אין יידיש.

כ. דונעץ.

# יאשע גאָלדמאַן, דער דיכטער-קאָמוניסט*).

ס'איז נאָך פֿריש דער קייווער פֿון דעם יונגן יאַשע גאָלדמאַן, דעם טראַגיש-אומגעקומענעם... כוץ די לידער זײַנע האָבן מיר וועגן אים גאָרניט, אַפֿילע ניט קיין ביאָגראַפֿישע באַשרײַבונג און ניט קיין אַווטאָביאָגראַפֿישע נאָטיצן. און דער גרונט-דאָקומענט פֿון זײַן לעבן און שאַפֿן זײַנען די לידער, וועלכע גייען ארײַן אין דעם זאַמלבוך, געשריבענע אין משך פֿון 1925—1929.

1

אָט אף וואָס פֿאַראַ סטראָפֿע מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אין די טשאַרנעס פֿון גאָלדמאַנס בלאָקנאָטן:

פאַרטיי, מײַנע, מײַן לעבן
פֿון דיר זיך רײַסט מײַן הארציקער געשריי,
כ'וועל קיינעם ניט פֿאַרגעבן,
ווער ס'פֿעלשט אין דיר און טוט דיר וויי.

דידאָזיקע שורעס זײַנען דורך גאָלדמאַנען ניט פּובליקירט געוואָרן. דאָס איז געווען בענוג אַלס פֿאָרמול, אָבער ווייניק אַלס ליד, דאָס איז געווען גענוג פֿאַר זיך, נאָר ניט בענוג פֿאַר דער עפֿנטלעכער פּראָלעטאַרישער אודיטאָריע. נאָר דידאָזיקע 4 שורעלעך און נאָך אייניקע אַזעלכע סטראָפֿעס דערציילן אונדז זײַטלעך וועגן יענע קרעפֿטן, וואָס האָבן סטימולירט גאָלדמאַנען אין דעם לעצטן פּעריאָד פֿון זײַן שאַפֿן. אין זײַן לעצטן פּעריאָד, ווײַל—זײַן ערשטער פּעריאָד איז נאָך ניט געווען אַזאַ קלאָרער פֿאַר אים אַליין און אַזאַ זיכערער, ווי ער האָט געדאַרפֿט זײַן פֿאַר אַ פּראָלעטאַרישן דיכטער-קאָמוניסט.

י. גאָלדמאַן איז אין זײַן קאָמוניסטישער אידיי ווי אַ דיכטער פֿאַרקרעפֿטיקט געוואָרן אין די לעצטע 2 יאָר פֿון זײַן שאַפֿן. ביז דאַן האָט ער היפּש געבלאָנדזשעט צווישן די דרײַ בוימער פֿון אינדיווידועלן ווייטיק, ראָמאַנטישן ראָזן שײַן און קאָמוניסטישער „וואָר". דער יונגער גאָלדמאַן האָט ווייטיקדיק, אָבער דאָך אויסגעלעבט דעם אינדיווידואַליזם און ראָמאַנטיזם און איז שוין געגאַנגען מיט פֿעסטע טריט צו אַ העכערער שטופּע...

אַ זון פֿון קליינבירגערטום (דאָס איז אונדז באַוווסט סײַ לויט די לידער, סײַ לויט פּראָמענטאַרישע ידיעס), האָט אים אַלץ געעגבערט די פּראָבלעם וועגן באַציונג צום „שטאַנד".

דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט געווען בלויז „א מישפּאָכע"-פּראָבלעם. גאָלדמאַן האָט געטראָגן מיט זיך ניט בלויז דערינערונגען פֿון דער יוגנט, ער האָט אויך אײַנגעזאַפּט די טראַדיציע פֿון די „אָוועס", ער איז געווען באַלאָדן מיט אידעאַליסטישער קולטור, און דאָס האָט געמאַכט ווייטיקדיק זײַן וועג צום קאָמוניזם. זיינע לידער אף אינ-

---

*) דאָס איז אַן ארײַנפֿיר-וואָרט צו א זאַמלביכל פֿון גאָלדמאַנס לירער, וואָס דערשײַנט איצנ בן אין מינסקער יידאָפּטייל פֿון צענטערפֿאַרלאַג.

טִימע מִשפָּכע-טעמעס, זײַנע טײַנעס צו דער מאַמען, זײַנען מער סִימבּוואָלִישע ווי קאָנקרעטע. מִיט ווייטִיק האָט גאָלדמאַן געריסן פֿון זיך דירדאָזיקע שימל-שטיקער און בִּיסלעכווײַז זיך פֿון זיי באַפֿרײַט.

אִיז צו זען, אַז גאָלדמאַן האָט נִיט געהערט צו יענע, וואָס קומען אִינגאַנצן „אַף גרייטן". כאָטש ער אִיז יונג געווען און אִיז פֿון פּרִיצִישן פּוילן געקומען אִינעם פֿרײַען סאָוועטן-לאַנד, האָט ער דאָך לאַנג געווייטִיקט פֿאַר דער פֿאַרגאַנגענהײַט. דעריבּער אִיז אַזויפֿיל אָרט בּאַ אִים אָפּגעגעבן אַף „געשִׁיכטע"-מאָטִיוון—ער האָט זיך געדאַרפֿט אִין דער דִיכטונג „אויסריידן", פֿאַר זיך אַליין אויפֿקלערן, דערהערן די אייגענע שטִים.

דעריבּער וואָלט געווען נִיט רִיכטִיק, ווען מע זאָל נעמען און זאָגן, אַז דער גאַנצער גאָלדמאַן אִיז „געמאַכט פֿון איין שטִיק" און אִיז פֿאַרקערפּערט אִין די אויבּנגעבּראַכטע 4 שורעס, אָדער אִין דער פֿאָלגנדיקער סטראָפֿע:

איך דאַרף אַצִינד די טרִיט, די אייגענע נִיט רעכענען
און נִיט דאָס האַרץ פֿאַרזיגלען מִיט א שטיין,
פֿון אַלע לִיבּעס—דײַנע אִיז נאָך מעכטִיקער
מײַן בּליטִיקע, מײַן לִיכטִיקע פּאַרטיי.

דאָ אִיז דער ר ײַ פֿ ע ר, שוין פֿאַרפֿעסטִיקטער גאָלדמאַן. אָבּער צ ו ג ע ק ו מ ע ן אַהער אִיז ער מִיט שווערע טרִיט. עס אִיז כאַראַקטעריסטִיש, וואָס דירדאָזיקע שורעס גייען נִיט זעלבּשטענדִיק, נאָר בִּילדן אַ טייל, אַ מִין לִירִישע אָפּווענדונג, פֿון א גרעסערער לִיד וועגן א פּערזענלעכער לִיבּע-טראַגעדיע; עס אִיז אַזוי אַרום אַ רעאַקציע אַף פּערזענלִיכער שטימונג, אַן אִיבּערגאַנג פֿון אִינדִיווִידועלער געדריקטקײַט צו סאָציאַלן גלײַכגעווִיכט, צו סאָציאַלן טרייסט און גלויבּן. אז מע ווִיל אִיז אִין דעם סִימבּוואָלִיש אויסגעדריקט גאָלדמאַנס דִיכטערִישער וועג—פֿון ק ל ײ נ ב ִ ר ג ע ר ל ע כ ן א ִ נ ד ִ ו ו ִ ד ו א ַ ל ִ י ז ם צ ו פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ן ק אָ ל ע ק ט ִ י ו ו י ז ם א ו ן פּ אַ ר ט ײ ִ ש ן ק אַ מ ף.

2

ווען גאָלדמאַן מאַכט זיינע ערשטע פּרווון פּרעוואלִירט בּא אִים דער אומִיטלבּאַרער לִירִיזם, דער רעוואָלִיוציאָנערער אויסגעשריי. נאָך נִיט גענוג אָריענטִירט אִין די סאָוועטִישע לעבּן-בּאַדִינגונגען, אָרגאַנִיש נאָך נִיט בּאַהאָפֿטן מִיטן סאָוועטִישן שטייגער, נִיט אײַנגעלעבּט נאָך גענוג פֿעסט אִין דער קאָמונִיסטִישער געזעלשאַפֿטלעכקײַט—עטעמט גאָלדמאַן מיטן אופֿבּלִיצנדִיקן עפֿעקט פֿון שאַרפֿן שטריך אִין דער רעוואָלִיוציאָנערער סִיטואַציע. רעזאָנִירט ער אַף רעוואָלִיוציאָנערע טאָג-געשעענִישן. גלײַכצײַטִיק אִיז שטענדִיק זײַן אויג געווענדעט אַף יענער זײַט גרענעץ—קײַן פּוילן און נאָך ווײַטער. אַף „יענער זײַט" זעט גאָלדמאַן די קלאַסן-שלאַכטן. די דִיכטערִישע רעוואָלִיוציאָנערע אַסאָציאַציעס פֿירן אִים אויך שטענדִיק צו דער אונטערערד, מִיט וועלכער ער האָט שוין פֿון דער פֿריער יוגנט פֿאַרבּונדן זײַן אייגענעם לעבּן-וועג.

האָבּן מִיר דעריבּער בּא גאָלדמאַנען לידער וועגן „פּאוויאַק", א „כאַוועד אִיז געפֿאַלן" און די אִיבּעריקע אִין דער זאַמלונג „קעפּ". און פֿון דער צווייטער זײַט—אַ סעריע לִידער צום פּאָלִיטִישן טאָג: „צום ענגלִישן שטרײַק", „סאַקאָ און וואַנצעטי", „קראַסִין", „קאָמִינטערן", „לאָדז", „עמעס און וואַרהײַט".

די ערשטע לעבּנשרִיט—דאָס אַרײַנטרעטן אִין דער אָרגאַנִיזירטער קאָמונִיסטִישער בּאַוועגונג—זײַנען שאַרף פֿאַרשנִיטן אִין גאָלדמאַנס קינסטלערִישן זִיקאָרן. ער נעמט זִיך שטענדִיק ווִידער אומקערן צו דערדאָזִיקער טעמע. אִין די נִיט געדרוקטע פֿראַגמענטן זײַנען בּאַ אִים דאָ שטִיקער פֿון פּאָעמעס, וואָס בּאַצייכענען .דעם מאַרש פֿון דער רויטער אַרמיי

אַף וואַרשע און דעם צוריק-מאַרש—דאָס סאַמע העלסטע, ווײַזט אויס, פֿון דעם בירגער-קריג, וואָס האָט זיך פֿאַרשטעמפּלט אין גאָלדמאַנס זיקאָרן.

באַגײַסטערונג מיט רעוואָלוציע און היספּײַלעס פֿאַר סאָוועטישער ווירקלעכקײַט—דאָס פֿאַרשרײַט דעם אינדיווידועלן ווייטיק אין גאָלדמאַנען פֿון דעם ערשטן פּעריאָד. דערמיט ווערט פֿאַרטריבן די בענקשאַפֿט נאָך „היים“ און אַלט געווינטער סוויווע:

און כאָטש איך קום פֿון ווײַט, פֿון פֿרעמדע לענדער,
בין איך אַף גאַסן דײַנע ניט קײַן גאַסט.
דײַן גרויסער פֿלאַם פֿון בויען און פֿאַרלענדן
האָט לאַנג שוין יונגן אַקסל מײַנעם יונג באַלאַסט.

אַזוי זאָגט גאָלדמאַן אין זײַן וואַנדערונג צו מאָסקווע.

עס איז צו זען, אַז גאָלדמאַן איז פֿרײַ געוועזן פֿון היילן עסטעטיזם, אַז זײַן סאַמע ערשטע שורע איז אָפּגעגעבן סאָציאַלע מאָטיוון, באַזונדערס—דער רעוואָלוציע. ניט באַלעסטיקט מיט דעקאַדענטישער דיכטערישער טראַדיציע, לערנענדיק בײַ די סאָציאַל-געזאַפּטע סאָוועטישע דיכטער, שליסט ער זיך דערײַבער לײַכט אײַן אין דער רעוואָלוציאָנערער „טאָג“-דיכטונג און קען רעאַגירן אַף די לעבן-עטאַפּן פֿונעם סאָוועטישן פּראָלעטאַריאַט. דעריבער געפֿינען מיר שוין צווישן זײַנע ערשטע לידער ניט בלויז געדיכטעטע רעוואָלוציע-קאַמף-מאָטיוון, נאָר אויך אַרבעט-מאָטיוון, וועלכע באַצייכענען דעם איבעו׳גאַנג פֿון סאָוועטן-פֿאַרבאַנד צו פֿרידלעכער סאָציאַליסטישער בויונג.

„איך שטיי מיט הענט פֿאַרקאַשערטע ביז אָרעם,
מיט בלײַ און פֿאַרב פֿאַרקנאָטן און פֿאַרשמירט.
ווען ס׳וואַקסן הויך די ציגל אַף די גאָרנס.
ווערט אויך אין נידער ליכטיקער די מי.

גאָלדמאַן איז געווען צווישן די ערשטע, וואָס האָבן אַרײַנגעבראַכט אין דער ליד די אַרבעט-טעמאַטיק. דיזאָזיקע שורעס זײַנען אַ געזאַנג פֿון אַרבעט. עמעס, די אַרבעט איז נאָך דאָ אַבסטראַקט, עס איז ענטוזיאַזם פֿון מי ב כ ל ל, עס איז ניט באַצייכנט איר קאָמוניסטישער כאַראַקטער. אָבער דאָ איז שוין פֿאַראַן די אינסטינקטיווע פֿרייד פֿון קאָמוניסטישער מי. מע דאַרף פֿאַרגעדענקען, אַז דאָס איז געשריבן געוואָרן אין 1926 י., די אבסטראַקטע אַרבעט-דאָרשטיקײַט איז דאַן געווען אַ באַגײַסטערונג-קוואַל פֿאַרן דיכטער, וואָס האָט געגאַרט זען דאָס צעשטערטע סאָוועטן-לאַנד פֿאַרבויט און זאַט. די סאָוועטישע דנעפּרבויען זײַנען נאָך דאַן געווען אין דער ווײַטער פּערספּעקטיוו...

3

יאשע גאָלדמאַן האָט זיך אָפּגעגויגט פֿון דער קלײנבירגערלעכער סוויווע און האָט זיך אַ ריס געטאָן צו די שפּיצן פֿון פּראָלעטאַריאַט—ער איז אַוועק אין קאָמיוג און פּאַרטיי. דער ערשטער שטורמדיקער פּעריאָד האָט זיך בײַ אים אַנטפּלעקט אין לידער, געווידמעט דערדאָזיקער נײַער רעוואָלוציאָנערער היים—היים אין ס א צ י א ל ן זינען פֿ ו נ ע ם וו א ר ט: פֿאַבריק (גאָלדמאַן איז געווען אַן אַרבעטער), פּראָלעטאַרישע סוויווע, קאָמיוגיש-פּאַרטייִשע אַרבעט (ער האָט געפֿירט אַן אינטענסיווע פּאַרטיי-אַרבעט אַף זײַן אונטערנעמונג, אַ גרויסע געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט). די ווײַטערדיקע פֿאַרטיפֿונג פֿון קינסטלערישער קוואַליפֿיקאַציע האָט בײַ גאָלדמאַנען אויפֿגעוועקט די באַדערפֿעניש מאַכן אַ כעשבן-האַנעפֿעש מיט זײַן אָוואַר, אַף וועלכן ער האָט זיך דערצויגן. דערדאָזיקער שטריך איז פֿעט אונטערגעשטראָכן אין גאָלדמאַנס מער הײפּע—אידעאָלאָגיש און קינסטלעריש—לידער. דאָרט פּרוּווט ער דורך זעלבסטקריטיק גויווער זײַן דאָס אַלטע, וואָס איז אין אים נאָך געבליבן וואַך.

אין 1927 י. דרוקט גאָלדמאַן זײַן ליד „אַ בריוו“. דאָס ליד דריקט אויס גאָלדמאַנס באַציִונג צו דער אַלטער היים. מיט דערדאָזיקער אַלטער היים בינדן אים נאָך די בלוטיקע פֿעדים פֿון מישפּאָכע. אָבער מיט דער אינערלעכער פֿאַרבינדונג מאַכט שוין גאָלדמאַן אַ סאָף. מעלדעט גאָלדמאַן:

„איז ווער וועט מײַן מאַמען דאָרט טרייסטן,
איך האָב ניט קיין טרייסט-וואָרט פֿאַר איר;
מײַן ליבע מײַן גרויסע, מײַן הייסע
צו אַנדערער טרײַשאַפֿט מיך פֿירט.

אַף איינע בלוטיקע וואָרצלען
הויב איך אויפֿעט מײַן האַק...
— — — — — — — — — —
איך הער, נאָר כ'וויל אים ניט הערן
דער מאַמעס געוויין,
איך העלף דאָן' אַליין צעשטערן
אַלץ, וואָס מוז פֿאַרגיין.

אַזוי צעהאַקט גאָלדמאַן אָן ראַכמאָנעס דעם בלוטיקן קנויל פֿעדים, וואָס קניפּט אים מיטן נעכטן. די אַלטע טרײַשאַפֿט איז ניטאָ און עס קומט אַף איר אָרט אַ נײַע טרײַשאַפֿט. גאָלדמאַנס היים ווערט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. און דער לעצטער—קאָמוניסטישער—קאַפּיטל פֿון גאָלדמאַנס שאַפֿן איז דער סאַמע אינטערעסאַנטער, דער סאַמע וואָגיקער און באַזונטער.

4

אין אַ ריי לידער האָט גאָלדמאַן דיכטעריש פֿאָרמולירט פּאַרטיי-פּראָבלעמען. באַזונדערס אינטערעסאַנט זײַנען די דאָזיקע לידער דערמיט, וואָס אין זיי טרעט אָפּ דער אינדיווידועלער געפֿיל פֿאַרן קאָמוניסטישן, וואָס אין זיי טרעט אויך אָפּ דער אַבסטראַקטער הומאַניזם (וועלכער קוקט דורך אין אַנדערע גאָלדמאַנס לידער), פֿאַר דער קאָמוניסטישער קלאַסאָווע-פּאַרטייִשער עטיק.

אָט זעגנט זיך גאָלדמאַן מיט „אַ כאַווער“, פֿון וועמען עס „האָט זיך אָפּגעטאָן די שײַן“. וואָס איז געשען? געשען איז אָט וואָס:

„עס איז דער אומגליק גרויס. דער אומגליק—אומגעהייער,
מײַן כאַווער איז באַפֿאַלן אַ וויסטע מאָרעשכוירע.
ווען די טרומייטערס שאַלן און ווען די יונגען זינגען,
דאַכט זיך אים—עס קלינגען שווערע קייטן-רינגען,
און ווען אַף בלאָע פֿידלען שפּילט באַנאַכט דער ווינט,
שרײַט ער צו מיר: הערסט? עס וויען בייזע הינט...
און ווען די צוגן פֿײַפֿן און די סירענעס רוישן,
שרײַט ער צו מיר: הערסטו, עס כאָרכלט דאָרט אַ גויסעס“.

און גאָלדמאַן ענדיקט:

„איז מיר אַזאַ ווייטיק, איז מיר אַזאַ פּײַן,
עס האָט זיך פֿון מײַן כאַווער אָפּגעטאָן די שײַן“.

דאָס איז, ווי עס איז צו זען, אַ ליד וועגן „כאַיוּוירים“, פֿאַרבלאָנדושעטע אין די נעצן פֿון אינטעליגענטישער מאָרעשכוירע און טראָצקיסטישער קאָנטער-רעוואָליוציע. דערדאָזיקער „כאַווער“ האָט שוין ווי אַ פֿרעמדער אָנגעקלאַפּט אין גאָלדמאַנס טיר, ער איז „טרוי-

עריק פֿאַרטראַכט" און „בייז און ברויגעז". און דעריבער זעט אים גאָלדמאַן שוין ווי אַזאַ פֿון וועלכן ס'האָט זיך אָפּגעטאָן דער קאָמוניסטישער שיין.

ווייטיקנדיק פֿאַרן כאַווערס „אָפּגאַנג", פֿאַרורטיילט גאָלדמאַן דידאָזיקע יערידע. גאָלדמאַן גיט זיין באַציונג צו די אנטוישטע עלעמענטן אין דער פּאַרטיי, זיין באַציונג איז אַ נעגאַטיווע, כאָטש ער נעמט אויף גאָרניט מיט אַזאַ לייכטן געמיט דעם „אָפּגאַנג" פֿון כאַוויירים. אָבער אַז עס וועט צוקומען אַ שווערע צייט, אַן אַנטשליסנדיקער מאָמענט פֿאַר דער פּאַרטיי, וועט גאָלדמאַן ווייניקער זיך אָפּגעבן דער שטימונג פֿון ווייטיק און מערער ווערן קעמפֿעריש, וועט ער ריידן מיט מער רוגזע. אַזוי אַנטפּלעקט זיך גאָלדמאַן אין זיין ליד קעגן טראָצקין, געדרוקט ערעוו טראָצקיס אויסשליסן פֿון פּאַרטיי:

זעסט—
אַף אונדזער שיף א מעס!
עס שטינקט דער מעס
שוין אַ מעסלעס,
און שווערט אַראָפּ
און שלעפּט אַראָפּ,
און ציט די שיף
אין שוואַרצער טיף
דעם יאם אין שוים...

— דעם מעס—אַרויס!
— דעם מעס—אַרויס!
דו זאָגסט: „ס'איז פֿריי",
„געוועזן אַ ריז"...
— נאַר, דו נאַר!
ביסט פֿאַרנאַרט!
וואָס גייט עס אַן
דער פֿאָן,
וואָס איז געווען אַמאָל?

אַז פֿאַראַיאָרן האָט געבליצט
וועט ווערן רעגן היינט,
וועט ווערן היינט אַ היץ?
... אַמאָל, אַמאָל
געווען איז גוט און ווויל,

געווען איז רויט,
און איצט איז פֿויל
און איצט איז טויט,
און פֿוילט דער קאָפּ,—
איז האַק אים אָפּ
און וואַרף אַרויס!

זע, ווי ס'ברויזט
אַף וועל אַ וועל.
ווער ס'האָט געפֿעלשט,
האָט זיך געפֿעלט...

ס'איז פֿעסט די האַנט באַם קאַפּיטאַן,
וואָס דורכגעפֿירט
האָט
דורך געפֿאַר,
דורך וויַיט און וויסט
און שטורעמדיקע כוואַליעס,
מיט הייסן האַרץ
מיר זיינען אַלע דאָ—
איין גרויסער קאָטשעגאַר—
פֿיר פֿאָרויס אונדז, קאַפּיטאַן,
פֿיר פֿאָרויס אונדז
ס ט אַ ל י ן.

די דאָזיקע שורעס זיינען געווען אין טאָן מיט דער גאַנצער פּאַרטיי-ליניע פֿון יענע טעג. גאָר ווייניק דיכטער האָבן דאַן געשאַפֿן ענלעכע שורעס, נאָר פֿאַרקערט—אַנדערע שרייבער האָבן דאַן אין דער שטיל שטאַרק מיטגעפֿילט טראָצקין און געטראָגן אַ רוגזע אַף דער פּאַרטיי אָדער געשוויגן. און דאָ—די „דיכטערישע שורע" ווערט אָפּגעגעבן אין רעשוס פֿון פּאַרטיי אַף קאַמף מיט טראָצקיזם!

פֿאַר גאָלדמאַנען פֿונעם לעצטן פעריאָד איז עס אָבער געווען נאַטירלעך, ווייל אַ פּאַרטייער—האָט ער זיין גאַנצן צאָרן מאָביליזירט קעגן פּאַרטיי-סאָנים:

פּאַרטיי מיינע, מיין לעבן,
פֿון דיר זיך רייסט מיין האַרציקער געשריי,
כ'וועל קיינמאָל קיינעם ניט פֿאַרגעבן,
ווער ס'פעלשט אין דיר און טוט דיר וויי.

דאַן, ווען גאָלדמאַן קומט דיכטן זײַן קאָמוניסטישע אידייע, פֿאַריאָגט ער טאַקע פֿון זיך די אינדיווידואַליסטיש-פּעסימיסטישע שטימונגען, די אַלט-היימישע דערינערונגען. און ער איז אין מיטן געפֿיל, אין מיטן געדאַנק גרייט זיך אַרײַנוואַרפֿן אינעם פּאַרטיי-קאַמף:

„... איך דאַרף אצינד די טריט, די אייגענע ניט רעכענען
און ניט דאָס האַרץ פֿאַרוויגלען מיט אַ שטיין,
פֿון אַלע ליבעס—דײַנע איז נאָך מעכטיקער
מײַן בלוטיקע, מײַן ליכטיקע פּאַרטיי.
נאָר דיר געהערט מײַן האַרץ און זינען,
דער רויטער בלי פֿון מײַנע יונגע יאָרן,
וואָס פֿאַר אַ פֿרייד דאָס ליד דאָס ליכטיקע צו שפּינען
אַף שפּינראָד פֿון דײַן דאָר.
די ליד, דידאָזיקע
האָב איך דורך גרענעצן, דורך צוימיקע
געשוואַרצט
אין האַרבן פּראָסטיקן יאַנוואַר
קאָן זײַן—דערפֿאַר
איז אזוי האָזעדיק
און קאָכט מיט בלוטן שוימיקע
דאָס האַרץ...

אַזוי מאַניפֿעסטירט גאָלדמאַן קימאַט אוטאָביאָגראַפֿיש זײַן קאָמוניסטישן דיכטער-קרעדאָ.

5

יאַשע גאָלדמאַן געהערט צו די ווייניקע דיכטער באַ אונדז, וואָס זייער פּאָליטיש ליד איז ניט קיין רעזאָנאַנט בלויז פֿון א קורצער עפֿעקטפֿולער טאָג-געשעעניש, נאָר אַ פֿאָרמולירונג פֿון אַ טיפֿן דראַמאַטישן שטריך אין אונדזער פּאָליטיש-פּאַרטייִשן לעבן, וואָס איז דאָס ליד וועגן כאַווער? ס'איז ניט קיין פּאָשעט ליד, וועגן אַ טראָצקיסטיש-געשטימטן, נאָר אַ קינסטלערישע-אויסגעפֿורמירטע מיינונג וועגן פֿאַלשער פּאָליטישער ווירקונג אַף געוויסע שיכטן פֿון פּאַרטיי; ס'איז אַ פֿאַרורטיילונג פֿון דערדאָזיקער ווירקונג און פֿון סימפּאַטישע צו איר שטימונגען. נאָך מיט גרעסערער בוילעטקײַט רעדט גאָלדמאַן אַף אַ פּאַרטייִשן לאָשן אין זײַן ליד קעגן טראָצקין, וועלכע ווערט אויבן געבראַכט.

אין דעם איז צו זען, אַז אין גאָלדמאַנען איז רײַף געוואָרן אַ באָלשעוויסטישער אינטעלעקט און אַז זײַן דיכטונג האָט זיך גענומען שנײַדן אָפּן וועג פֿון באַזינען די עמאָציאָנעל-אינטעלעקטועלע פּראָצעסן אין דער העכסטער דיכטונג פֿון דעם רעוואָליוציאָנערן קלאַס אין לאַנד—אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. און ווי מאָדנע פּאַראַדאָקסאַל עס זאָל ניט אויסזען, מוז מען פֿעסטשטעלן אין גאָלדמאַנען די פֿאָלגנדיקע אין טאָך דיאַלעקטישע ווידערשפּרוכן: ניט באַזיגנדיק אין דער פֿולער מאָס די אינדיווידועלע-מישפּאָכעדיקע ווייטיקן, וואָס וועגן זיי האָט ער גענוג געשריבן און זייער אָפּט אין אַ יערירע-טאָן, איז אין אים שטענדיק דאָ קראַפֿט צו שטעלן זיך אנטקעגן געזעלשאַפֿטלעכער יערידע אַף באַזונדערע עטאַפּן.

דעמדאָזיקן געדאַנק האָבן מיר באַשטעטיקט אַף גאָלדמאַנס באַציִונג צום טראָצקיזם און צו טראָצקיסטן. כוצדעם, זײַנען באַ גאָלדמאַנען דאָ לידער, וואָס שטעלן זיך קעגן געפֿאַלענע שטימונגען אין באַזונדערע פּעריאָדן פֿון אונדזער רעוואָליוציע.

מיִר געדענקען, וויִ דיִ ערשטע יאָרן פֿון נעפּ האָבן איִן דיִ רייען פֿון אונדזערע שרייַבער אַרויסגערופֿן יערידע־שטיִמונגען, וויִ איִן אָט דעם פּעריאָד זייַנען געדיִכט אויסגעדריקט געוואָרן נאַציאָנאַליִסטיִש־קלייַנבירגערלעכע יעריִדע־שטימונגען. דעמלט שרייַבט גאָלדמאַן:

מיר שטייַגן אַף ערשטיִקע שטאַפּלען
און דיר האָט דער קאָפּ שוין פֿאַרשוויִנדלט,
וויִ קאָן מען זיִך ברעכן און וואַקלען
פֿאַרן ערשטן געפּעוּ־לעכן וויִנטל?
ציִ האָסטוּ פֿון פֿריער ניִט געוווּסט דען,
אַז עס זייַנען נאָך לייִדיִק דיִ לאָגלען,
אַז איִן גרויסן נאָך וויִסטיִקן רוּסלאַנד
איִז פֿרייַ נאָך דער וועג פֿאַר אַ צוּק־וויִנט?
נאָך וואָס זשע דיִ פּלוּצלוּנגע שרעקן,
דער פֿיִבער און ציִטער פֿון וויִנט,
אַז עס לויכטן שוין וועלטיִשע עקן—
ווּעט פֿיִנצטער ניִט בלייַבן דיִ מיִט.

דאָס איִז געווען אַן אַרויסטרעטוּנג קעגן דיִ יעריִדע־שטיִמוּנגען באַ דער ייִדיִשער קלייַנבירגערלעכער איִנטעליִגענץ, וועלכע האָט פֿאַרלאָרן דיִ פּערספּעקטיוו און איִז איִבער־געשראָקן געוואָרן בייִסן נעפּ, אייַנזעענדיִק דעם טאָך פֿון נעפּ בלויז איִן דער געדולע פֿון זאַטן נעפּמאַן, ארייַנפֿאַלנדיק איִן קלאָגערייַ און צעווייכטער ראָמאַנטיִק צום בירגער־קריִג.

גאָלדמאַן האָט אויך באַשטיִמט פּאָזיִטיִוו זייַן באַציִוּנג צו אונדזער סאָציאַליִסטיִשער בויונג. ער איִז געווען פֿון דיִ ערשטע, וואָס האָבן געשריִבן וועגן אויפֿבוי. וויִכטיִק איִז דאָס, וואָס זייַנע ליִדער וועגן אויפֿבוי ווערן ניִט סטימוּליִרט קיינמאָל דורך דיִ ספּעציִפֿיִש־קאָנסטרוקטיִווע פּראָצעסן פֿון דיִ ייִדיִשע מאַסן (קאָלאָניזאַציע, איִבערוואַנדערונג). זייַנע בויונג־ליִדער גייען אַפֿן אַלגעמיינעם פּאָן פֿון לאַנד און איִן זיי איִז ניִטאָ דיִ נאַציאָנאַל־באַלשעוויסטיִשע באַפֿאַרבונג פֿון דיִ בויונג־געזאַנגען, וועלכע איִז דאָ באַ אַנדערע שרייַבער.

6

גאָלדמאַן איִז אונדזער דיִכטער. אַ דיִכטער אַ פּאַרטייער, אַ קאָמוניִסט. אַזאַ איִז ער געווען איִן זייַנע דיִכטעריִשע גרוּנט־שטיִמונגען פֿון דעם מער רייַפֿן פּעריאָד, אַזאַ איִז ער געווען איִן פּאַרטעיִשן קאַמף, אַזאַ איִז ער געווען איִן ליִטעראַריש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. עמעס, דיִ קלייַנביִרגערלעכע פֿאַרגאַנגענהייַט האָט אַף גאָלדמאַנס שאַפֿן, וויִ עס איִז שוין אויבן באַצייכנט, געוואָרפֿן איִר שאָטן. דעריִבער איִז צו מערקן, אַז צו אָפֿט האָט זיך גאָלדמאַן געפֿיִלט עלנט, צופֿיִל בענקעניִש נאָך שטיִלקייַט האָט נאָך אַרויסגעקוּקט פֿון אַנ־דערע זייַנע שוּרעס. דעריִבער מאַכט ער ווען ניִט ווען זיִגזאַגן און פֿאַרפּלאָנטערט זיִך איִן שווערע שטיִמוּנגען. אָבער ער רייַסט זיִך דערפֿוּן און זייַן ליִניִע ציִט זיִך אַרוף. אַף דעם זייַנען דאָ גענוּג רייַעס, אָט שרייַבט גאָלדמאַן:

„פֿאַו שטיִלע טריט איִז ערד נאָך האַרט,
נאָך שטיינעריִק און שטעכיִק אַלע וועגן.
ווען מע זוכט און ווען מע באַרט און ווען מע וואַרט
געדויערט אַ יאָר יעטוויִדער רעגע.

אָט וואָס עס איִז ווייטיִקדיק אַריִבערטראָגן! אָבער:

נאָר איִך וויל אַליין ניִט איִצט
איִן שטיִלקייַט זיך פֿארגייען,

ווען ס'איז נאָך אַלץ צעהיצט
וועל איך מיט אַלעמען אײנײנעם...

גאָלדמאַן איז גויווער די בענקעניש צו אײנזאַמקײט. אָבער באַפֿרײַען באַפֿרײַט ער זיך פֿון דעם עלנט בלויז דעמלט, ווען ער פֿאַרטיפֿט זיך מערער אין רעוואָליוציאָנערע ועונגען:

אין ניט בלויז דערפֿאַר איז מיר שטורעם געפֿעלן,
ווײַל שײן איז די שפּיל
פֿון צעשויבערטן העפֿקער,
נאָר דערפֿאַר, ווײַל איך פֿיל
אַז פֿאַרשווענקט איז דער ברעג פֿון מײַן עלנט.

דער אינדיווידועלער עלנט ווערט פֿאַרשווענקט דורכן לעבעדיקן שטורעם פֿון רעוואָ-ליוציע. נאָך דעמראָזיקן אָפּפֿרישנדיקן שטורעם ווערט גאָלדמאַן אַלץ ליכטיקער און פֿרײַער:

„און איך דערפֿיל, ווי הייסע זינגעווריקע זילבן
צעוויגטערהייט שוין טאַנצן אַף מײַן צונג...
פֿאַר אַלץ, וואָס רוט דאָ אונטער שטערנדיקן זילבער,
פֿאַר יעדער פּראָסטער מיידל, יעדן אַרבעט-יונג...

— — — — — — — — — — — — —

דאָס גאַנצע ליבע לאַנד, דאָס העפֿקערדיקע צעזייטע
וואָלט איך אַרומנעמען און צודריקן צום האַרץ...

* * *

דער פֿאַל מיט גאָלדמאַנס זעלבסטמאָרד איז בלויז אַ באַווײַז דערפֿון, אַז עס האָט אויך אַף אים פֿון צײַט צו צײַט אָנגעדריקט די סטיכייע פֿון דער קליינבירגערלעכער אַרומ-רינגלונג. עס וואָלט געווען רעכילעס צו זאָגן, אַז גאָלדמאַן איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אָפּן באָדן פֿון פּערזענלעכער ניטבאַפֿרידיקטקײַט, פֿון אָפּאָזיציע צו אונדזער צײַט, פֿון פֿאַרביטערטקײַט קעגן אונדזער לעבן-טיידער, פֿון דורכגעטראַכטער איבערצײַגונג אין דער נישט נויטיקײַט צו עקזיסטירן. מיר האָבן דאָ צו טאָן, מיסטאָמע, מים אַ שווערער מאָמענ-טאַלער איבערלעבונג, פֿאַרבונדן מיט זײַן פֿיזישן צושטאַנד, וואָס האָט מיטאָמאָל שוואַרץ פֿאַר-שלייערט פֿאַר גאָלדמאַנען אונדזער גרויסן פֿילפֿאַרביקן לעבן, אין וועלכן גאָלדמאַן איז דאָך געווען אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער. האַרט פֿאַר דעם טראַגישן אַקט האָט דאָך גאָלדמאַן פּובליקירט מונטערע לידער וועגן אונדזער בויונג! אויך אין זײַן געזעגענונג-בריוו צו כאַ-ווײרים, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן דירעקט פֿאַרן זעלבסטמאָרד, שרײַבט ער וועגן דעם, ווי שווער עס איז אים אַוועקגיין פֿון קאַמף-פֿעלד:

„אין מעשעך פֿון מיין גאַנצן באַוווסטזיניקן לעבן—לייענען מיר אין דעמדאָזיקן בריוו—האָב איך שטענדיק געטרוימט וועגן אײנס: אויב אומקומען—איז פֿאַר אונדזער גרויסער זאַך. עס איז, פֿאַרשטייט זיך, פֿריידיקער און נוצלעכער צו שטיין מיט פֿאַר-קאַשערטע אַרבל צווישן די בויער און שעפֿער, נאָר אומקומען מוז מען דאָך ווען עס איז, דאָס איז דאָך אומפֿאַרמיידלעך.

„צום באַדויערן איז מיר דאָסדאָזיקע גליק ניט באַשערט. מײַן צושטאַנד איז זייער אַ שווערער, און דאָס טרויעריקסטע איז דאָס, וואָס די דאָקטוירים אַליין וויסן ניט, וואָס צו טאָן מיט מיר. אַרבעטן בין איך ניט אימשטאַנד און איך טאָר ניט..

טײַערע כאַווײרים! ניט דער טויט איז מיר שרעקלעך, און ניט דאָס, וואָס איך נעם זיך אים אַליין. שרעקלעך און ביז ווייטיק פֿאַרדראָסיק איז דאָס, וואָס איך קום אום ניט פֿאַר דער זאַך, פֿאַר וועלכער איך האָב געלעבט, געליטן, געווייטיקט און געפֿרייט

זיִך׳ וואָס מיַין אומקום איז אַזאַ אומזיִניִקער און אומנוצלעכער... ווי בין איך דיך מע-קאַנע, אָ, באָטווין! און דיִך באַגראַנאָוו! אַך, ווען איך וואָלט פאַרן פריַיז פון מיין קאָפּ קענען ראַטעווען כאָטש איין סאָוועטישן לאָקאָמאָטיוו...

מיַין איינציִקע באַקאָשע צו איַיך, טיַיערע כאַווייריִם און פריַינט, איז—איר זאָלט מיִך ניִט פאַרורטיילן...״

אויך איִן דעמדאָזיִקן בריִוו, אויב ניִט רעכענען די פראַזע „נאָר אומקומען מוז מען דאָך ווען עס איִז, דאָס איִז דאָך אומפאַרמיַידלעך״, זיַינען די שורעס אונדזעריִקע. און דאָך איִז ער אַוועק. אומזיִניִק אַוועק. געוויִס און געוויִס צו פריִ. אָט פאַרוואָס זיַין טאָט ווערט דורך אונדז פאַרורטיילט, ווי אַ ניִטקאָמוניסטיִשער.

אָבער באַ דעם אַלץ—זאָלן די בלעטלעך פון זיַין זאַמלביִכל ריידן וועגן דעם, וואָס גאָלדמאַן איִז געווען פאַר אונדזער פראָלעטאַריִשער דיִכטונג, זאָל עס דערציילן וועגן דעם, ווי עס פורעמט זיִך אין די וויטיִקן פון אונדזער איִבערגאַנג-עפּאָכע דער קאָמוניִסטיִשער שריַיבער-קאַדער און זאָל עס דערמאָנען אונדזער פראָלעטאַריִשן ליִטעראַריִשן יונגוואַלד אָן דער גרויסער אומדערמידלעכער אַרבעט, אָן די גרויסע קאַמפּן מיִט די רעשטן פון בורזשוּ-אַזן איִנדיִווידואַליִזם אין פונעם קליינבירגערלעכן שטייגער, וועלכע שטייען נאָך פאַר און איִבער וועלכע עס מוז זיִגן דער פאָרויסגייענדיִקער רעוואָליוציאָנערער פראָלעטאַריאַט...

אַפּריל, 1930 י., אין גאָלדמאַנס ערשט יאָרציַיט.

א. אָשעראָוויטש.

# קאַמף פאַר ווײַסרוסלאַנדס באַפרײַונג פון די פּוילישע לעגיאָנען אין די שילדערונגען פון דאַניעלס „יוליס" און ראַבינס „שוועסטער־קינדער".

— כאַוויירים,—האָט דער פּאָרזיצער געזאָגט,—טײַערע כאַוויירים, אַדאַנק דער אַקטיאַבער־רעוואָליוציע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי באָלשעוויקעס, האָט דער אַרבע...

אַ שאַרפער און אַ דויערנדיקער פײַף האָט זיך צעטראָגן איבערן זאַל. נאָך אים האָבן זיך אָפּגערופן אַ פּאָר קוויטשיקע און קלענערע פײַפן... דער פּאָרזיצער האָט אַ היפּשע ווײַלע אָנגעשטרענגט געקוקט צו די דעלעגאַטן איבער די גלעזלעך פון זײַנע ברילן און האָט אָנגעהויבן זײַן רעדע פון אָנהויב:

טײַערע כאַוויירים, אַדאַנק דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי—באָלשע...

ווידער האָט מען פונעם זעלבן ווינקל אַ פײַף געטאָן און נאָכן פײַפן האָבן זיך קוילעס דערהערט:

— געוואַלד!

— אַראָפּ מיט די פאַרעטערישע באָלשעוויקעס!

— געוואַלד!

אַזוי שילדערט כ' י. ראַבין אין זײַן דערציילונג „שוועסטערקינדער" ז. 184—185 די פײַערלעכע עפענונג פון ראַט אין... ווילנע (דער נאָמען פון שטאָט ווערט אַפילע ניט דער־מאָנט, נאָר די פאַקטן, די סיטואַציע, די אומשטענדן, די אומגעבונג ריידן קלאָר, אַז דאָס מיינט דער מעכאַבער ווילנע).

דער פּאָרזיצער איז אַן אַקשן. ער וויל אונטערשטרײַכן, ערשטנס, די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, צווייטנס, די קאָמוניסטישע פאַרטיי, דריטנס, דעם אַרבעטער־קלאַס.

די בונדאָווצעס, די עסערן, וואָס האָבן געפײַפט און נישט געלאָזן ריידן דעם פּאָרזיצער, וואָלטן דעמלט אַף אַלץ אײַנגעגאַנגען: סאָוועטן — זאָלן זײַן סאָוועטן, אָקטיאַבער־רעוואָליוציע — זאָל זײַן אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, נאָר נישט קאָמוניסטישע פאַרטיי — באָלשעוויקעס.

— אַהאַ!, איר לייגט פאָר... דיקטאַטור פון די באָלשעוויקעס, ניין, דאָלאָי! (דאָרטן).

כ' י. ראַבין האָט אויפגעכאַפּט דאָס איקערדיקע, דאָס כאַראַקטעריסטישע. אַזוי איז געווען אין ווילנע. אין מינסק, אין וואָראָניעזש, אומעטום. אָט אין וואָראָניעזש, לעמאָשל, האָט דער „בונד" זיך „געקליגט" אַרויסצוּוואַרפן צו די וואַלן פון סאָוועט אַזאַ „לינקן" לאָזונג: „פאַר דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און קעגן דער דיקטאַטור איבערן פּראָלעטאַריאַט!" און צוליב דעמדאָזיקן „לינקן" לאָזונג האָט דער „בונד" צונויפגעקליבן הונ־

דערטער שטימען פֿון די רוסישע טשינאָווניקעס און ביכלאַל פֿון קאָנטר-רעוואָליוציאָנערן, פֿון אַזעלכע, וואָס האָבן עפּשער דעמלט צום ערשטן מאָל דערהערט דעם נאָמען „יידישער בונד“... פֿאַרשטייט זיך, אַז דערדאָזיקער לאָזונג איז געווען אַזוי פּראָוואָקאַטאָריש, ווי מיליוקאָווס לאָזונג מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער באַם קראָנשטאַטער אויפֿשטאַנד: „סאָוועטן אָן קאָמוניסטן“.

כ׳ י. ראַבין האָט עס ריכטיק איבערגעגעבן.

*
* *

ס׳איז קלאָר, אַז די דאַטע 11-טער יול 1920, ווען ס׳איז פֿאָרגעקומען ווײַסרוסלאַנדס באַפֿרײַונג פֿון די ווײַסע פּאָליאַקן, איז אַ היסטאָרישער עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע און זי גייט אַרײַן ווי אַ היסטאָרישע דאַטע נישט נאָר אין דער געשיכטע פֿון וו.ס.ס.ר., נאָר אויך אין דער געשיכטע פֿון פֿ.ס.ס.ר.

דיראָזיקע באַפֿרײַונג האָט געקענט פֿאָרקומען נאָר אַדאַנק דער העגעמאָנישער ראָל פֿון פּראָלעטאַריאַט אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

דאָס מוז באַזונדערס אונטערגעצייכנט ווערן, ווײַל לויט פֿאַרשיידענע קינסטלער, ווי, לעמאָשל, טשאַראָטס „ליעסנאַיאַ ביל“ (ערשטער וואַריאַנט), קומט אויס, אַז די באַפֿרײַונג פֿון די פּאָליאַקן איז געווען דורכויס אַ פּויערשע, דער אַרבעטער פֿילט זיך דאָרט נישט.

עס זײַנען פֿאַראַן היסטאָריקער, ווי, לעמאָשל, זשילונאָוויטש, וואָס האָבן געפּרווט פֿאָרשטעלן די געשיכטע פֿון ווײַסרוסלאַנדס באַפֿרײַונג, ווי אַן אויפֿטו פֿון אַ גרופּע ווײַסרוסישער קאָמוניסטישער אינטעליגענץ. דאָ ווערט פֿאַרשמירט די ראָל פֿון אַלטע אויסגעפּרווטע באָלשעוויקעס, וועלכע זײַנען אָנגעקומען אין ווײַסרוסלאַנד נאָך אין דער צײַט פֿון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, ווי מיאַסניקאָוו, פֿרונזע, קנאָרין, מיצקעוויטש-קאַפּסוקאַס און אַנדערע.

אין דער געשיכטע פֿון ווײַסרוסלאַנדס באַפֿרײַונג מוז אויך ריכטיק אויפֿגעקלערט ווערן די ראָל פֿון דער רויטער אַרמיי, אויך די הילף פֿון אַלפֿאַרבאַנדישן פּראָלעטאַריאַט.

באַ אַנדערע באַקומט זיך שוין אַן איבערבויג און אויך זייער אַ שעדלעכער, אַז די באַפֿרײַונג איז קלומערשט „אונטערגעטראָגן“ געוואָרן דעם ווײַסרוסישן פּויער פֿון דער רויטער אַרמיי. עס קומט אויס, אַז דער פּויער איז געווען פּאַסיוו. ס׳איז ניט ריכטיק. דער פֿײַער פֿון די פּאַרטיזאַנישע אויפֿשטאַנדן האָט געפֿלאַקערט איבער דער גאַנצער טעריטאָריע פֿון ווײַסרוסלאַנד.

די באַפֿרײַונג האָט געקענט פֿאָרקומען נאָר אַדאַנק דעם, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט געפֿירט אַן ענערגישן קאַמף מיט די סאָציאַל-פֿאַרעטערישע פּאַרטייען, ווי „בונד“, מענשעוויקעס, עסערן.

און צום סאָף מוז באַטאָנט ווערן: די באַפֿרײַונג פֿון ווײַסרוסלאַנד איז געווען אַן אויסדרוק און אויך אַ רעזולטאַט פֿון רעוואָליוציאָנערן אויפֿשטײַג פֿונעם צווישנפֿעלקערלעכן פּראָלעטאַריאַט. דער מאַרש אַף וואַרשע איז געווען לויט לענינס געניאַלן אויסדרוק — אַ שריט צו „אָנטאַפּן מיט די שפּיזן די וועלט-רעוואָליוציע“. און די רויטע אַרמיי האָט זי טאַקע אָנגעטאַפּט.

אָט דערדאָזיקער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער כאַראַקטער פֿון קאַמף פֿאַר ווײַסרוסלאַנדס באַפֿרײַונג מוז באַזונדערס אונטערגעצייכנט ווערן.

דאָס זײַנען די הויפּט-מאָמענטן, וועלכע דאַרפֿן געלייזט ווערן אין גרונט באַם אויספֿאָרשן און שטודירן די פּאַסירונגען פֿון די יאָרן 1919—1920 אין ליטע און ווײַסרוסלאַנד.

אַזוי אויך די קינסטלערישע ליטעראַטור, וועלכע פֿאַרנעמט זיך מיט דיזאָזיקע געשעענישן, קען אויך ניט אויסמײַדן די אָנגעוויזענע הויפּט-פּראָבלעמעס.

* * *

ווי אַזוי האָבן זיִך ספּראַוועט די כ״כ דאַניִעל און ראַביִן מיִט דידאָזיִקע אויפגאבעס?

דידאָזיִקע קיִנסטלער האָבן גענומען די הערא͏ָיִשע עפּאָכע פון ביִרגערקריִג ניט ווייל דאָרטן איִז קלוימערשט דער איינציִקער קוואַל, ווו מע קען שעפּן רעוואָליוציאָנערע ראָמאַנטיִק, ענטוזיִאַזם, הערא͏ָיִשקייט, אָקטיאַבער-פּאַטאָס. איִן דעם פּראַט צייכענען זיי זיִך אויס פון די „ספּעציעלע קיִנסטלער פון ביִרגערקריִג. דאַניִעל און ראַביִן האָבן געהאַט איִן אויג אַנדערע מאָמענטן, אַזוי צו זאָגן, היִסטפּאַרטיִשע. דאָס איִז געוויִס אַ גרויסע דערגרייכונג איִן אונדזער ייִדיִשער סאָוועטיִשער ליטעראַטור. אויספּיִלן אַזאַ היִסטפּאַרטיִשן „סאָציִאַלן באַשטעל״ איִז דער גרעסטער קאָוועד פון שרייבער, וועמעס קונסט שטייט בעמעס איִן דיִנסט פון דער סאָציאַליִסטיִשער רעוואָליוציע.

וואָס איִז באַ אונדז געשיִכטע? דאָס איִז ניִט קיין „מייסעס וועגן קייסאָריִם און מיִלכאָמעס״. געשיִכטע איִז באַ אונדז „פּאָליטיִק אַריִבערגעוואָרפן איִן פאַרגאַנגענהייט״ (פּאָקראָווסקי). ווער רעדט נאָך געשיִכטע פון פּאַרטיי.

ווער עס קען ניִט די פּאַרטיי און איִר פּאָליִטיִק היינט, איִז בעשומויפן ניט פעיִק צו פאַרשטיין די פּאַרטיי און איר פּאָליִטיִק איִן דער פאַרגאַנגענהייט.

דאָסזעלביִקע פאַרקערט: ווער עס קען ניִט די געשיִכטע פון דער פּאַרטיי, וועט ניט פאַרשטיין, ווי געהעריִק איִז, די פּאַרטיי-פּאָליִטיִק פון היינט איִן איִר גאַנצן אומפאַנג, איִר פאַרוויִקלטע טאַקטיִק און סטראַטעגיע.

אָט דאָס פאָדערט זיִך אויך פונעם פּראָלעטאַריִשן קיִנסטלער.

אָט דעריִבער וואָלט טאַקע וויִכטיִק געווען „איִבערדיִכטן״ די עפּאָכע פון ביִרגערקריִג, ניִט נאָר פון שטאַנדפּונקט פון הערא͏ָיִשקייט,—דאָס איִז נאָך ווייניִק—נאָר אויך פון שטאַנדפּונקט פון היסטפּאַרט, פון שטאַנדפּונקט פון פּאַרטיי-פּאָליִטיִק, וואָס איז „אַריִבערגעוואָרפן איִן דער פאַרגאַנגענהייט״.

אַזאַ איִבערדיכטונג וואָלט זיִך געפיִנען איִנגאַנצן איִן איינקלאַנג מיִט דעם פּעריאָד פון דער סאָציִאַליִסטיִשער בויונג, מיט דעם פּעריאָד פון רעוואָליוציאָנערן אויפשטייג איִן קאָמיִנטעריִשן מאַסשטאַב.

אַזעלכע קיִנסטלעריִשע ווערק וועלן געוויִס איינגעפלאָכטן ווערן איִן קאָמפּלעקס פון דער ליִטעראַטור פון פּעריִאָר פון דער סאָציִאַליִסטישער רעקאָנסטרוקציע.

און פון אַזאַ שטאַנדפּונקט דאַרפן מיִר באַטראַכטן די ווערק „יוליִס״ און „שוועסטערקיִנדער״.

* * *

כ׳ דאַניִעל שרייבט פּריִוואַט וועגן זיין „יוליִס״.

„יוליִס איִז פאַר מיִר ניִט נאָר אַ ליִטעראַריִשע ראָמאַנטיִשע פיִגור. יוליִס איִז פריער פון אַלץ אַ פּראָטעסט קעגן די אַלע אַנעקדאָטן, פּאַמפלעטן און איִנסיִנואַציעס קעגן די ערשטע און שפּעטערדיִקע ייִדיִשע קאָמוניִסטיִשע טוער״.

כ׳ דאַניִעל בעט אַזוי אויפנעמען זיין „יוליִס״.

יע, ס׳איִז זייער אַ וויִכטיִקער איִניען: אַוועקשטעלן יוליִס שיִמעלעוויִטשן אַף זיין היִסטאָריִש-פאַרדיִנטן אָרט, אָפּוואַרפן מיִט קאַעס און עקל די אַנעקדאָטן און איִנסיִנואַציעס, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן קעגן יענע ערשטע קאָמוניִסטישע טוער. דאָס האָט זיִך געוויִס דאַניִעלן איינגעגעבן.

נאָר פאַרוואָס זיינען אַלע העלדן איִן „יוליִס״ און פריִער פון אַלץ יוליִס גופא ט ר אַ ג יִ ש ע פיגורן?

עמעס, דאַניִעל זאָגט צו דער באָלשעוויִטשקע אַנאַ— איינע פון זיינע העלדן פון זיין בוך, ווען זי פרעגט איִם, וואָס טוט ער דאָ איִן מיִנסק?

— געקומען קלײַבן מאטעריאַל. איך שרײַב די טראַגעדיע פֿון ווילנער אַרבעטער-ראַט.

באַ דאַניעלן, הייסט עס, איז „יוליס“ אַ טראַגעדיע. טראַגישע פיגורן זײַנען אויך אָט דיזועלביקע אַנאַ און איר מאַן ליודוויג, וועלכע האָבן כאַסענע געהאַט אין וואַרשעווער טפיסע דורך אַ וואַנט און האָבן קיינמאָל זיך ניט געזען. ליודוויג קומט אום אין ווילנער ראַט, ווען זײַן ווײַב אַנאַ גייט מיט אַן אָטריאַד ראַטעווען דעם ראַט.

אין אַ שמועס מיט דאַניעלן, דעם אַווטאָר פֿון „יוליס“, זאָגט אים זײַן העלדין אַנאַ אַזוי:

— איר פֿאַרשטייט, איך האָב צווײ ביאָגראַפיעס: איינע איז פֿאַרשריבן אין צענדליקער אַנקעטעס. פּאַפּירן גייט מיר נאָך פֿון איין אַנשטאַלט צום צווייטן, פֿאָרט מיר נאָך פֿון שטאָט צו שטאָט. און די צווייטע ליגט פֿאַרשלאָסן אונטער צען שלעסער. אַלעמאָל, ווען עמיצער וויל אַהין אַריינקוקן, הויב איך זיך אָן בריקעווען...

אַנאַ איז אַ גוטע באָלשעוויטשקע. דאָ גלויבן מיר ניט דאַניעלן בלויז אַפֿן וואָרט. ער האָט איר באַוויזן אין טורמע. ער האָט איר באַוויזן, ווי זי אַרבעט אין נאַרקאָמאַט. ער האָט איר אויך באַוויזן, ווי זי אַרבעט אַפֿן פראָנט. אומעטום ווײַזט זי אַרויס באָלשעוויסטישע העלדישקײַט.

אָבער באָלשעוויקעס האָבן ניט קײַן „צווי ביאָגראַפיעס“.

די פערזענלעכע ביאָגראַפיע פֿון אַ באָלשעוויק איז געוויס זייער אַ רײַכע. און אַזוי איז אויך אַנאַס ביאָגראַפיע פֿול מיט דראַמאַטישע עפּעקטן. אָבער צו וואָס זיך, בריקעווען“?...

דאַניעל האָט געדאַרפט האָבן טראַגעדיע, האָט ער צעריסן אַנאַן אַף „צווי ביאָגראַפיעס“ און אַזוי אויך איר מאַן ליודוויגן.

אָט האָט דאַניעל אויסדערציילט די ביידע ביאָגראַפיעס אַנאַס: די „אָפיציעלע“, וואָס איז אין די אַנקעטעס, און די „פֿאַרשלאָסענע“, און אין עמעסן באַקומט זיך אַ האַרמאָנישע אַנצע. ניטאָ וואָס צו „בריקעווען זיך“.

און יוליס שימעלעוויטש?

יוליס בלײַבט באַ דאַניעלן אַ רעטעניש. ער האָט אים ניט פֿאַנאַנדערשיפֿרירט. די טראַגעדיע פֿון יוליסן וואַקסט אָן ביז דער גרעסטער הויך. ווען דאַניעל וואָלט געקענט טרעפֿן אָט דיזאָזיקע רעטעניש, וואָלט געווען אויס טראַגעדיע.

ליודוויג, וואָס האָט אַזוי ליב יוליסן, פרוווט אַזוי טרעפֿן די רעטעניש:

— אַ מאָרנע פֿאָלק יידן—ווילן מאַכן אַ רעוואָליוציע מיט רייד...

יוליס האָט געקעמפֿט מיט לאַנגע און היציקע רעדעס, אויב ניט רעדעס, איז גײַסט. אָט דאָ איז עפּשער געלעגן די טראַגעדיע, אַזוי צו זאָגן, אַ יידישלעכע.

נאָר דאַניעל אַליין ווייסט ניט האַלטן פֿון אַזאַ קאָנצעפּציע.

אָט וועלן מיר ברענגען דעם בריוו, וואָס יוליס שימעלעוויטש האָט געשיקט אין רוסלאַנד פֿאַרן שאַפֿן דעם ווילנער סאָוועט. דעם בריוו האָט דאַניעל גענומען אין היסטפּאַרט און האָט אים אָפּגעדרוקט אין זײַן „יוליס“. דער בריוו איז זייער כאַראַקטעריסטיש.

כאַווײרים!

איך בין שוין דרײַ וואָכן אין ווילנע. ווי אַזוי איך בין אַהער געקומען איז לאַנג צו דערציילן. די דײַטשישע אַרמיי קלײַבט זיך אַוועקגיין. מיר האָבן שוואַכע פֿאַרבינדונגען מיט דער אַרמיי. די טעג האָבן „ווילהעלמס“ סאָלדאַטן געמאַרשירט איבער די ווילנער גאַסן אונטער רויטע פֿאָנען און קלאַנגען פֿון „מאַרסעליעזע“. מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ פּאַראַלעלע דעמאָנסטראַציע פֿון יידישע און פוילישע אַרבעטער. ביידע דעמאָנסטראַציעס האָבן מאַרשירט באַזונדער און אָפּגעטיילט. אַלע פרוון צו פֿאַרייניקן ביידע קאָלאָנעס האָבן זיך ניט אײַנגעגעבן... מײַנע אינפֿאָרמאַציעס וועגן דער רוסלענדישער רעוואָליוציע רופֿן אַרויס איבעראַשונג און באַגײַסטערונג. פֿאַר דער צײַט, וואָס איך בין דאָ, האָבן מיר געהאַט עטלעכע האַלב-לעגאַלע מיטינגען, אַ גרויסער טייל פֿון „בונד“

סימפּאַטיזירט אונדז. צי די „בונדישע" „סימפּאַטיקער" וועלן האָבן רעוואָלוציאָנערן מוט רייסן מיט זייער אָרגאַניזאַציע — איז אַ גרויסע פראַגע. די טעג אָרגאַניזיר איך אַן אַרבעטער-ראַט. די ערשטע צייט וועט ער מוזן אַרבעטן האַלב-לעגאַל. איך רעכן דעם ראַט פאַרוואַנדלען אין אַ שטאַב פון באַוואָפנטע אַרבעטער-גרופּעס. אָב־סל געווער האָב איך געקויפט באַ די דייטשן. אין באָריסאָוו בין איך געווען אַרעס־טירט. האָב געמוזט אַוועקוואַרפן די גאַנצע ליטעראַטור. וואַרט אַף יעדיעס.

יוליס שימעלעוויטש.

אינעם דאָזיקן בריוו אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז דער גאַנצער יוליס, ווי ער איז. ער קלייבט זיך קעמפן מיט די דייטשן, מיט די פּאָליאַקן ניט בלויז מיט רייד, ניט בלויז מיט גייסט, ער קויפט געווער. ער אָרגאַניזירט אַ שטאַב פון באַוואָפנטע אַרבעטער-גרופּעס. ער אָרגאַניזירט די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע אין ווילנע.

אין ווילנע... אָט ווו עס ליגט די טראַגעדיע. ווילנע איז געווען פריער דאָס וויגעלע פון „בונד" און נאָכדעם די „קרוינשטאָט פון „בונד". אַ פּאָר צענדליק יאָר קעסיידער האָט מען געסאַמט די יידישע אַרבעטער מיט גיפט פון נאַציאָנאַליזם און קליינבירגערלעכקייט קלוימערשט „געגרייט" די אַרבעטער צו דער רעוואָליוציע. און אַז די רעוואָליוציע איז געקו-מען—סטאָפּ מאַשינע... דאָסזעלביקע האָט פּ.פּ.ס.—געטאָן מיט די פּוילישע אַרבעטער.

אין ווילנע איז אָרגאַניזירט אַ ראַט, מע דאַרף דעם ראַט פאַרטיידיקן פון אַ באַנדע פּוילישע לעגיאָנען. פאַר די ווילנער אַרבעטער איז עס ניט געווען אַזאַ שווערע זאַך, און פונדעסטוועגן...

— יוליס, וויפל באַוואָפנטע זיינען גרייט אַרויסגיין אין גאַס?

אַן ענטפער איז געקומען א קורצער, אַ ציפערדיקער:

— 100

— יוליס, פון וואַנעט האָסטו גענומען הונדערט? איך ווייס נאָר פון זעכציק.

— זעכציק באַוואָפנטע אַרבעטער און פערציק קריג-געפאַנגענע.

איר פאַרשטייט, א.ן ווילנע האָבן זיך געפונען אינעם קריטישן מאָמענט בלויז זעכציק באַוואָפנטע אַרבעטער.

ווו זיינען אַהינגעקומען די „סימפּאַטיקער" צווישן די בונדאָווצעס?

זיי האָבן קיין רעוואָליוציאָנערן מוט ניט געהאַט איינצורייסן מיטן „בונד". יוליס האָט געטראָפן.

ראַול,—ווער געדענקט ניט ראַולן דעם פאָרשטייער פון די מענשעוויקעס—„אינטער-נאַציאָנאַליסטן"—אַ לעבעדיקער טיפּ,—האָט אַף דער זיצונג פון ראַט אַזוי געמאָלדן:

אין נאָמען פון דער ווילנער אָרגאַניזאַציע פון דער אַלרוסל. סאָצ. דעמ. אַרבעטער-פאַרטיי דערקלער איך:

1) מ׳קען דעם סאָציאַליזם אַף שפּיזן פון פרעמדלענדישע סאָלדאַטן ניט ברענגען;

2) דער ראַט דאַרף פאַרבלייבן אַן אָרגאַן פון קלאַסנקאַמף און טאָר זיך ניט פאַר-וואַנדלען אין א שטאַב פון אַוואַנטיוריסטן.

און ווען ס׳איז געשטאַנען די סאַקאָנע, אַז דער ראַט זאָל אַרומגערינגלט ווערן, האָט ראַול אין שטאָטישן קאָמיטעט פון די מענשעוויקעס פאָרגעלייגט—אַרויסגיין פון ראַט.

אָט אַזוי זעען מיר, אַז אין ווילנע, ווו די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג האָט זיך אַזוי פרי אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען, ווו דער קאַמף קעגן דער זעלבסטהערשונג אין ערשטן פּע-ריאָד פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע איז געווען באַזונדערס שטאַרק,—אָט אין דערזעלביקער ווילנע האָבן זיך נישט געפונען אין פעריאָד פון דער סאָציאַליס-

טישער רעוואָליוציע אַ געגוגנדיקע צאָל באַוואָפנטע אַרבעטער צו פאַרטיידיקן דעם ראַט פון די פוילישע לעגיאָנערן.

דאָס איז אַדאַנק דעם פאַראַט פון „בונד" און פ.פ.ס.

אָט ווו ס'איז געלעגן די ווירקלעכע טראַגעדיע פונעם ערשטן ווילנער ראַט. און די טראַגעדיע פונעם ראַט איז געווען די טראַגעדיע פון די פינף אומגעקומענע קאָמונאַרן, וואָס זיינען געבליבן געטריי זייער באָלשעוויסטישער אידייע.

אַף דער לעוויע פון די קאָמונאַרן הערט מען אַזאַ געשפרעך:

— די רויטאַרמייער האָבן אַף פיר שאָ פאַרשפעטיקט.

— און ווו זיינען געווען די ווילנער סאָציאַליסטן?

— דיסקוסירט וועגן דיקטאַטור און דעמאָקראַטיזם, און צוגעקוקט, ווי זיי גייען אָפ אין בלוט.

— איצט, זיינען זיי דאָ. געקומען האַלטן דראָשעס.

— מע האָט זיי צום ברידערלעכן קייווער ניט געדאַרפט צולאָזן. פאַרטרייבן דאַרף מען זיי פונדאַנען.

— שוואַרצע טרויערבענדלעך טראָגן אַף די אַרבעל איז גרינגער, ווי די ביקס אין האַנט.

— זעט, ווי זיי שטייען ארום די אָרנס, ווי זיי וואָלטן די שטאָט באַפרייט.

דערדאָזיקער אָרט איז בא דאַניעלן צו שוואַך. די זאַך איז ניט אין דעם, וואָס די ווילנער „סאָציאַליסטן" האָבן דיסקוטירט, די זאַך איז דאָך אין דעם, וואָס די דיסקוסיעס גופע זיינען געווען אַ מיטל פון פאַראַט. די זאַך איז ניט אין דעם, וואָס טראָגן אַף די אַרבל שוואַרצע טרויערבענדלעך איז גרינגער, ווי דעם ביקס אין האַנט, נאָר וואָס די „שוואַרצע טרויערבענדלעך" איז אַ נייער מיטל פון פאַראַט, פון אָפנאַרן.

כ' דאַניעל האָט קאָנצענטרירט זיין שעפערישע קראַפט אַף די לעצטע מינוטן פונעם טראַגישן אומקום פון יוליסן און זיינע קאָמונאַרן.

דאָ איז געשטאַנען פאַרן קינסטלער די שווערסטע אויפגאַבע. נאָר אַ גרויסער קינסטלער קען אַזאַ אויפגאַבע לייזן. דאָס איז דיזועלביקע פראָבלעם, וואָס איז געשטאַנען פאַר לעאָניד אַנדרעיעוון אין זיין „מייסע וועגן זיבן אויפגעהאַנגענע". דאָס זיינען פראָבלעמעס, מיט וועלכע ס'האָבן זיך פאַרנומען די גרעסטע קינסטלער.

ווי אַזוי דאַניעל האָט געלייזט דידאָזיקע פראָבלעם, וועלן געוויס שרייבן פסיכאָלאָגן, קריטיקער. דאָס איז געוויס אַן אינטערעסאַנטע טעמע פאַר זיך. מיך אינטערעסירט אָבער די סאָציאַלע זייט פון דערדאָזיקער דערשיינונג.

פערציק טויזנט מענטשן האָבן שווייגנדיק די היטלען פון די קעפ אראָפגעצויגן, די הוילע קעפ צו דער ערד געבויגן. אפן פרישן קייווער רעט אנא...

... און ווען זי פאַרענדיקטריידן, לייגט זי אַרויף אַפן אָפענעם קייווער דעם רויט-אַרמייישן קראַנץ, דאָס אייגן האַרץ און גייט גיך מיט וואַקלדיקע טריט אַוועק אין אַ זייט...

וואָס האָבן געטראַכט די פערציק טויזנט מענטשן? וואָס איז פאָרגעקומען צווישן זיי? ווי אַזוי האָבן זיי זיך ביכלאַל געגומען? ווער זיינען זיי? וואָס ווילן זיי?

יע, מיר זעען פאַר זיך אַנאַן. אירע טיפע איבערלעבונגען זיינען מייסטערהאַפט איבער-געגעבן. דער מעכאַבער ציט צו אונדזער אויפמערקזאַמקייט צו יאַנקלס אַס ווייב, צו יאַנקלס יינגל, וואָס גיט אַ „רויטע שוווע" אַפן טאַטעס קייווער.

אָבער די פערציק טויזנטיקע מאַסע? וואָס טראַכט זי? פאַרוואָס זאָגט אונדז גאָרניש דאַניעל וועגן איר? דאָס איז דאָך אונדז אַזוי וויכטיק צו וויסן.

* * *

אָנגעהויבן האָט דאַניִעל זײַן „יוליס“ אין אַ פאָרם פון אַ בריוו, וואָס ער, דאַניִעל, שרײַבט צו זײַן ברודער ליבערטע—איינער פון די ערשטע יידישע קאָמוניסטישע טוער, געווען רעדאַקטער פון מינסקער „שטערן“ אין 1919, און, אַפּאָנעם, איז אויך אַזוי טראַגיש אומגעקומען, ווי יוליס שימעלעוויטש, נאָר קיינער פון אונדז ווייס ניט ווו און ווי.

אזוי איז דער סטיל פון „יוליס“ אין אָנהויב, נאָכדעם פאַרליִרט זיך דערדאָזיקער סטיל.

מיט אַזאַ מעטאָד האָט דאַניִעל זיך אַליין סוביעקטיוו איַינגעוועבט אין דער טראַגעדיע פון זײַן „יוליס“.

דאַניִעל שרײַבט צו ליבערטע, זײַן ברודער:

איך בין נעכטן לאַנג געזעסן בא דײַן פרוי. זי האָט דיך נאָך אַלץ ליב—אָט דאָס פּאָשעטע מיידל פון דער ווילנער פאָרשטאָט. דו האָסט דאָך זי באגעגנט אין די טעג, ווען מע האָט אַרומגערינגלט דעם ראָט.

אָט האָט איר אַ מין קרויוויִשן פאַרבאַנד.

ווײַטער שרײַבט דאַניִעל צו ליבערטע:

דו ביסט דאַן געקומען מיט אַ גרופּע עמיגראַנטן פון פראַנקרײַך, יוליס פון דער אַרמיי, און איך פון היימלאָזיקײַט, פון אוראַל.

ווײַטער אַ סוביעקטיווע שײַכעס צום גוירל פון „יוליס“.

דאַניִעל דערציילט פון זײַנע קינדער-יאָרן, ווי אזוי איינער א פרעמדער איז געקומען צו זיי אהיים און האָט געבראַכט פון ליבערטע אַ בריוו פון טורמע, ווו ער איז געזעסן צוליב דעמזעלביקן איניען, וואָס יוליס שימעלעוויטש (דער אָרט אין דער דערציילונג איז ניט קלאָר און ניט פאַרשטענדלעך).

פון דאַניִעלס זיכרוינעס איז אינטערעסאַנט אויך דאָס, וואָס ער דערציילט, אַז

אין טרענערשן בעסמעדרעש (דאָרטן, ווו יוליס שימעלעוויטשעס טאַטע איז געווען שאַמעס) צינדט מען קײַן פײַער ניט אָן. רעדנער ריידן אין דער פינצטער. זעלטן ווען בליצט אוף אַ שוועבעלע, לעשט זיך צוריק אויס און ווידער איז די טרעגערישע שול פאַרהילט אין פינצטערניש. קנוילכעלעך רייד דערקײַקלען זיך צו אונדזערע פענצטער פאַרשטיקט און צעריסן, ווי די וועגט וואָלטן ריידן:

דאָרטן אין טרעגערישן בעסמעדרעש קומען פאָר בונדישע פאַרזאַמלונגען.

פון דער טרעגערישער שול גייען מענטשן אַוועק איינציקווײַז און געהיט. דער הויף איז שוין אינגאַנצן פאַרצויגן מיט נאַכט. מיר ליגן מיט אָפענע אויגן אין דער ברייטער בעט און דערציילן זיך מײַסעס וועגן טפיסעס, טליעס און העלדישקײַט.

אָבער ווו איז דער העלדישער קאַמף פון די ריגער אַרבעטער אַף די פאַבריקן? ווו איז זייער לעבן? זייער טאַט?

יוליס איז אויך געווען אַ קינד, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט אַפן בעסמעדרעש-הויף, האָט זיך געהאַט דערצויגן אין די בונדישע קלײַזלעך.

אין טיפע ווינטער-נעכט פלעגט זיך יוליס פאַרקלײַבן אין דער אײַנגעשלאָפענער שול, מיט שטילע געניִוועשע טריט זיך דערשאַרן צום אויסגעשניצטן אָרנקוידעש. פון די אונטערשטע קעסטלעך, פון צווישן בערג שיימעס און פאַרשמאָלצענע טאַליי-סים-זעק באַקומען באַהאַלטענע אופרופן און בלעטלעך. שמאָלע פענצטערלעך פון דער ווײַבערשער שול, פאַרהאַנגענע מיט ראָזע פאָרהענגלעך, האָבן אומרויִק געקוקט אַפן פּופּצניאָריקן ייִנגל באַם אָרנקוידעש.

אָבער פאַרוואָס דערציילט גאָרניִשט דאַניִעל וועגן דעם איבערברוך, וואָס איז נאָכדעם פאָרגעקומען באַ יוליסן. יוליס האָט צעריסן מיטן „בונד“ און מיטן „יידישלעכן סאָציאַ-

ליִזם״. ער איִז געשטאַנען איִן שפּיִץ פֿון דער צוועלפֿטער אַרמיי. יוליִס זאָל האָבן אָנגעשריִבן אַזאַ באַפֿעל:

„באַפֿעל איִבער דער צוועלפֿטער אַרמיי.

איִן נאָמען פֿון אויספֿיִרקאָם דערקלער איִך די איִמפּעריִאַליִסטיִשע מיִלכאָמע גע־ענדיִקט.

יעדער סאָלדאַט מעג זיִך גיין, וווהין ער וויִל.

פֿאָרזיִצער יוּ. שימעלעוויִטש״.

אַזעלכע פֿאַקטן רעגיִסטריִרט נאָר דאַניִעל אָן שום קיִנסטלעריִשער אויסטײַטשונג. אָבער וויִ אַזוי בײַנדן זיי זיִך מיִטן טרעגעריִשן שול־הויף? די יידיִשע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן זיִך דאָרטן אופֿגעהאָדעוועט, האָבן איִן דער צײַט, ווען יוליִס האָט אַזאַ באַפֿעל געשריִבן, געקעמפֿט פֿאַר דער „איינהײַטלעכער, אומטיילבאַרער רוסלאַנד״. אָט וואָסערע „פּאַטריִאָטן״ די יידיִשע סאָציאַליִסטן—שימעלעוויטשעס אַמאָליִקע כאַווייריִם—זײַנען דעמלט געווען.

וואָס איִז פֿאָרגעקומען איִן דער וועלט־אָנשויונג פֿון יוליִסן, און ווו איִז עס פֿאָרגעקומען?

וועגן דעם שווײַגט דאַניִעל. פֿאַרוואָס?

און ס׳דוכט זיִך אָפּ, אַז באַ דאַניִעלן איִז פֿאָרט געבליִבן דער אויסגאַנג־פּונקט—דער טרעגעריִשער שול־הויף. עמעס, דעם „סאָציִאַליִזם״ פֿונעם דאָזיקן שול־הויף האָט דאַניִעל פֿאַרורטיילט. אָבער דער פֿאָן, דער גײַסט איז אַזוי גוט וויִ געבליִבן.

אָט זעט, ווען דער ווילנער ראַט איִז אַרומגעריִנגלט, די פּויליִשע לעגיאָנען האָבן אָנגע־הויבן שיִסן, און דאָרטן איִן ראַט ווערט צײַטיִק די טראַגעדיע „יוליִס״, דעמלט פֿאַרגעסט אויך ניִט דאַניִעל אָן דער טראַגעדיע פֿונעם „טרעגעריִשן שול־הויף״.

און די אַלטע יידיִשע שטאָט איִז געלעגן אַ פֿאַרשפּאַרטע און אויסגעלאָשענע. הילצערנע הײַזלעך האָבן נאָך נידעריִקער זייערע שיִנדלדיִקע דעכער צו דער ערד געבויגן, אַזוי געבויגן און געהויקערט געהאָפּט, אַז די קוילן וועלן זיי אויסמײַדן און פֿאַרבײַפֿליִען.

מויערן פֿון יידישע קרעמער קוקן איִן צעטומלטן דרויסן מיִט פֿאַריִגלטע לאָדן, מיִט פֿיִנצטערניִש. אַ פּאַכער און מיִדקײַט ווייעט פֿון זייערע אָפּגעקראָכענע ווענט און אַן איינציִקער געבעט טראָגט זיִך פֿון די פֿאַרוויינטע בלעכענע דעכער: לאָזט אונדז צורו.

מיִר זײַנען מיִד פֿון אָקופּאַציעס, מיִלכאָמע און אָנהויב רעוואָליוציע. מיִר מיִשן זיך ניִט...—לאָזט אונדז צורו!

ס׳איִז דאָך אָבער ניִט עמעס. אָט דיִדאָזיקע פֿאַרשפּאַרטע היִלצערנע הײַזלעך האָבן זיִך יאָ געמיִשט, פֿונוואַנעט קומט שיִמעלעוויִטש אַליין? פֿונוואַנעט קומט יאַנקל אַס? דער ייִנגל כײַיִמקע? אָט דידאָזיִקע צוויי קאָמונאַרן, וואָס זײַנען געווען צוזאַמען מיִט יוליִסן איִנעם וויִלנער ראַט. פֿונוואָנעט קומען טויזנטער יידיִשע רויטאַרמייער, וואָס האָבן זיך געשלאָגן אַף די פֿראָנטן פֿאַר סאָוועטנמאַכט?

ס׳איִז אויך ניִט ריִכטיִק, אַז די יידישע קרעמער האָבן זיִך ניִט געמיִשט. פֿון זייערט וועגן האָט געאַרבעט דער „בונד״, פּ. צ., ס. ס. זיי האָבן טאַקע ניִט געוואָלט קײַן סאָציאַ־ליִסטיִשע רעוואָליוציע, און זיי האָבן זיִך געמיִשט, אַז ס׳זאָל ניִט זײַן.

אָט דידאָזיִקע קאָנצעפּציע: טרעגעריִשער שול־הויף־טראַגעדיע פֿון דער אַלטער ייִדיִשער שטאָט האָט אַסאַך געשטערט דאַניִעלן צו זען יוליִסן דעם באָלשעוויִק איִן זײַן ריִכ־טיִקער געשטאַלט. ער האָט ניִט געזען, וויִ אַזוי יוליִס האָט גוויוער געווען איִן זיִך דאָס אלטע, דאָס ייִדיִשלעכע, וואָס נאָר דאָס האָט געקענט מעגלעך מאַכן, אַז יוליס זאָל ווערן ניִט נאָר אַ „הייליקער״ פֿון דער רעוואָליוציע, נאָר דעריִקער אַ העלד פֿון דער סאָציאַ־ליִסטיִשער רעוואָליוציע.

דאַניעל האָט אָבער געזען אין שימעלעוויטשן פריער פון אַלץ דעם „הייליקן", מיט זײַנע ליַידן און מיט זײַן מעסירעס נעפעש. דאָס זײַנען נײַע „הייליקע", וואָס קומען פון דער אַלטער אויסגעלאָשענער שטאָט.

דאַניעל איז דאָ סוביעקטיוו. ס'איז זײַן אייגענע ראָמאַנטיק. און ער זעט יולין, אַזוי צו זאָגן, „נאָר אין פראָפיל"...

* * *

אויב מיט יאָרן צוריק איז דאַניעל געשטאַנען „אַפן שוועל" פון דער פראָלעטאַרישער ליטעראַטור, איז ער איצט מיט זײַן „יוליס" שוין איבערגעטראָטן דעם שוועל.

מער ניט ווי איבערגעטראָטן?

אין „יוליס" זײַנען דאָ סצענעס, גאַנצע קאַפּיטלען, וואָס פירן אַרײַן דאַניעלן גאָר „אינעווייניק" אין דער פראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

נאָר מיר פאַרנעמען זיך דאָך ניט מיט אײַנטיילן ערטער.

מ'מוז אָבער זאָגן, אַז דער קאַפּיטל „יאַנקל מאַראַט", ווי אַזוי דער טרעגער יאַנקל אַס ווערט פון אַן אַנאַרכיסט אַ באָלשעוויק, איז אַ זעלטענע אילוסטראַציע צו לענינס בוך „מעלוכע און רעוואָלוציע". אַגעוו ווערט אינם קאַפּיטל געבראַכט די קלישע פון פאָדער-בלאַט „מעלוכע און רעוואָלוציע". זייער אַ שיינער אײַנפאַל.

די באָלשעוויסטישע אידעאָלאָגיע האָט דאָ ניט פאַרשטעלט דעם קינסטלערישן טאַלאַנט פון דאַניעלן, נאָר, פאַרקערט, זי האָט אים דערהויבן צו אַ גרעסערער הויך.

אָט וואָס „יאַנקל מאַראַט"—דער געוועזענער אַנאַרכיסט און דער איצטיקער קאָמונאַר, וואָס פאַרטיידיקט איצט צוזאַמען מיט יולין דעם ווילנער ראַט, זאָגט צו כײַימקען, זײַן אַמאָליקן טאַלמיד, ווען זיי ליגן און שיסן פון ראַט אין די פריציש פליאַקעס:

— פאַרשטייסט, כײַימקע, ס'איז אַ פרייד, אַ גרויסע פרייד—פאַרענדיקן, וואָס דוירעס האָבן אָנגעהויבן. פאַרענדיקן ביזן סאָף. פאַרוואָס האָב איך זיך מײַן גאַנץ לעבן געשראָקן? איך האָב מוירע געהאַט, אַז מײַנע ברידער וועלן פאַרגיסן זייער בלוט פאַר די פלאַפּלער, פאַר די אַדוואָקאַטן. פון אַלע פריערדיקע רעוואָלוציעס האָבן אַדוואָקאַטן געוווּנען. און איצט, ווייס איך, אַז די רעוואָלוציע איז פאַר מיר, פאַר דיר.

יאַנקל מאַראַט, אָדער יאַנקל אַס האָט שוין דורכגעלייענט לענינס „מעלוכע און רע-וואָליוציע" און פאַרשטייט שוין די אידייע פון דער פראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

II

י. ראַבינס „שוועסטערקינדער" כאַפּט אויך אַרום דעם יאָר 1919 אין ווילנע.

די „שוועסטערקינדער" איז ניט, ווי דאַניעלס „יוליס" אַ טראַגעדיע. ס'איז גאָר אַן אַנדער זשאַנר. ראַבין לאַכט אויס די בונדיסטלעך, די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע קלײַזלעך, ווי זיי זאָלן זיך ניט רופן, „רויקער אינדזל", „בונד", „ס.ס." א.אַ.וו.

„פון טראַגישעס צו קאָמישעס איז נאָר איין טריט".

דאַניעל האָט געזוכט צו באַווײַזן די הערלעכקײַט, די שיינקײַט פון דער רעוואָלוציע, און ראַבין האָט געזוכט צו באַווײַזן די קליינלעכקײַט, די נישטיקײַט פון דער קאָנטער-רע-וואָליוציע. צווי באַזונדערע מעטאָדן אַף צו פאַרפעסטיקן די פּאָזיציעס פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע.

ראַבין איז, ווי מ'זאָגט, אַ קלוגער יאַט. ער איז ניט נאָר אַ בעלעטריסט, נאָר אויך אַ פּאָליטיקער. ער האָט אין זײַן „שוועסטערקינדער" גענומען אַ שטיק געשיכטע פון 1919 יאָר און האָט עס דורכגעלאָזן דורכן „פילטער" פון פּאַרטיי-פּאָליטיק. ער האָט די ווירק-

כקײַט פון יענע יאָרן „פאָרפײַלט“, „פאַרשלײַפט“ מיט דער הילף פון דער דערפאַרונג ן אַ גאַנצן יאָרצענדליק, און ס׳האָט זיך באַקומען, אין גרונט גענומען, אַן „אָביעקטיווע רקלעכקײַט“, וואָס קײַן „איידעס“ פון יענער צײַט וועט עס ניט אָפלייקענען...

* * *

כ׳ ראַבין פערזענלעך שרײַבט אַזוי וועגן זײַן בוך „שוועסטערקינדער“.

„מיר לעבן איצט אין אַזאַ צײַט, ווען דערמאָנען זיך פון געוועזענע יאָרן איז קײַן צײַט ניטאָ. נאָר ווען איך שיק אײַך מײַן בוך, מוז איך זיך דערמאָנען אָן יענע קאַמף-יאָרן אין ווילנע, וועלכע האָבן מיר געדינט אַלס שטאָף פאַרן בוך. אויב איר דערמאָנט זיך אַלץ, וואָס דעמלט איז געווען... דערדאָזיקער בוך רעדט וועגן דער צעפאַלונג פון דער קאָנטר-רעוואָליוציע, מײַן צווייטער בוך רעדט וועגן דעם וווּקס פון דער רעוואָליוציע—וועגן בויונג“.

אָנמערקן דאַרף מען צו דעם אָט וואָס:

ס׳איז ניט ריכטיק, אַז ס׳איז ניטאָ קײַן צײַט ווען צו דערמאָנען זיך פון געוועזענע רן. ס׳ווענדט זיך נאָר וואָס צו דערמאָנען און ווי אַזוי צו דערמאָנען. פון דער וואָליוציאָנערער פראַקטיק טאָר קײַן זאַך ניט גיין פאַרלאָרן. דאָס גייט אין אויצער פון ער רעוואָליוציאָנערער דערפאַרונג און פון דאָרטן גייט עס אין דער ווײַטערדיקער רעוואָ-ליוציאָנערער פראַקטיק. דעריבער מוז זײַן צײַט אויך פאַר אַזאַ אַרבעט אַפילו איצט. אַזאַ רבעט איז אַ נויטיקע. שלעכט איז נאָר, ווען דאָס ווערט געטאָן אָפגעריסן פון דער רע-אָליוציאָנערער פאָליטיק פון הײַנט. דאָס הייסט ניט, אַז אַרום דעם דאַרף זיך קאָנצענ-דירן אונדזער ליטעראַטור. נאָר ס׳איז קײַן ספק ניט, אַז אַזאַ בוך וועט אַרײַנגיין אין אָמפּלעקס פראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

„אויב איר דערמאָנט זיך אַלץ, וואָס דעמלט איז געווען...“

ס׳איז געווען דער 1919 יאָר.

נאָך אַ פּאָר יאָר אָפּענעם, מיעסן פאַראַט האָט דאָס בונדישע וועלטל מיטאַמאָל זיך פגעטרייסלט: גיין ראַטעווען ווילנע! און ס׳האָבן זיך בונדישע אָטריאַדן פון פרײַוויליקע ך פאָרמירט און זיך געלאָזן אָפן מײַרעווו-פראָנט דורך מינסק. פאַרוואָס עפּעס ווילנע אַטעווען? די סאַקאָנע פון דער פריציש-בורזשואַזער רעסטאַווראַציע האָט דאָך געשוועבט יבער גאַנץ סאָוועטיש רוסלאַנד! פאַרוואָס ניט שלאָגן זיך פאַר סאָוועטנמאַכט, דאָרט, וו ע איז? ניין, דאַפקע ווילנע. ווײַל ווילנע איז „די ייִדישע היים“. ווילנע איז די רעזי-ענץ פון „בונד“, און „זיך שלאָגן“ איז מען געגאַנגען ניט פאַר סאָוועטנמאַכט, נאָר מיט די פוילישע פּאָגראָמשטשיקעס.

און דער ווילנער בונד איז ניט געווען אַזוי „לינק“, ווי דער רוסישער בונד, וועלכער יז געגאַנגען „זיך שלאָגן“ פאַר ווילנע.

דעמלט זײַנען אין ווילנע געווען אַנטלאָפענע פון רוסלאַנד, עמיגראַנטן, צווישן וועלכע ס׳איז געווען דער באַוווּסטער מאַקס ווײַנרײַך. דערדאָזיקער בונדישער פירער האָט געהאַט ן אַנדער פּראָיעקט, ווי אַזוי צו „ראַטעווען“ ווילנע. ער האָט פּראָיעקטירט צו שאַפן „אינטערנאַציאָנאַלן“ קאָרפּוס, וואָס זאָל ניט אַרײַנלאָזן די באָלשעוויקעס אין ווילנע.

— נויטיק דאַרפן מיר דאָ האָבן די באָלשעוויסטישע „שלעק“, האָט ער האַלט געהאַט פאָלקטימלעך זיך אויסדריקן.

אין דערזעלביקער צײַט פלעגן אָנקומען אין ווילנע די וואַרשעווער „לעבנספראַגן“, דער „פאָלקסצײַטונג“, ווו אַ צווייטער בונדישער עמיגראַנט ערליך—דער פירער פון פוילישן „בונד“, פלעגט דאַרשענען, אַז סאָוועטנמאַכט האַלט זיך אויסשלסלעך אַף די

שפּיִזן פֿון כינעזישע באַנדעס, און אַז דאָס איִז אַ פֿרעמדע מאַכט פֿון ווילדע כּינעזער. ער האָט עס אַליין מיִט זייַנע אייגענע אויגן געזען איִן רוסלאַנד.

און די יוגנט אין ווילנע? זי איִז געווען איִן איר גרעסטער מערהייַט אָרגאַניזירט פֿון „בונד”. איִזביִצקי-מיִכאַליעוויִטש איז געווען איר גאָט. דער קלוב האָט געטראָגן זייַן נאָמען.

אָבער אין דערזעלביקער צייַט איִז שוין אויך געווען אַן אַנדער יוגנט. זי האט זיך געשלאָגן מיִט די פוילישע לעגיאָנערן אַף די גאַסן פֿון ווילנע דרייַ טעג נאָכאַנאַנד און מיִט דעם געגעבן די מעגלעכקייַט עוואַקויִרן די סאָוועטיִשע אַנשטאַלטן. די דאָזיקע יוגנט איִז געווען צעקלאַפּט, אַסאַך זייַנען געווען פֿאַרשפּאַרט איִן די טורמעס, אַסאַך זייַנען געלעגן באַהאַלטן מיִט באַנדאַזשן אַף די ווונדן, און אַסאַך האבן מוירע געהאַט זיך צו ווייַזן אַפּילע פֿאַר זייערע טאַטעס.

ס'איִז אָבער געווען גענוג, אַז די באָלשעוויִקעס זאלן אנהויבן צו פֿירן אַ סיִסטעמאַטיִשע אַרבעט צוויִשן די ייִדיִשע, פּויליִשע, ליִטוויִשע אַרבעטער, ווי דער „בונד” האט אנגעהויבן פֿאַנאַנדערצופֿאַלן, אין יוגנט-קלוב האט זיך אַ „יאַטשייקע” געשאַפֿן, אַרום וועלכער ס'האָבן זיך גרופּירט די בעסטע יוגנטלעכע קויכעס, צווישן וועלכע ס'איז אויך ראַבין געווען.

די אַרבעטער-קלובן פֿלעגן אָרגאַניזירן אומלעגאַלע פֿאַרזאַמלונגען, אַף וועלכע ס'פֿלעגן אייַנגעלאדן ווערן קאָמוניִסטיִשע רעדנער. אַ בונדאָוועץ פֿלעגט מען ניִט וועלן אויסהאָרכן אַפּיִלע. און מיִט וואָס פֿאַר אַ סיִמכע ס'פֿלעגן אופֿגענומען ווערן אונדזערע פּראָקלאַמאַציעס.

ס'איִז געווען דער ערשטער יאָרטאָג פֿונעם טראַגיִשן טויט פֿון די קאָמונאַרן, וואָס האָבן פֿאַרטיידיִקט דעם וויִלנער סאָוועט. אונדזער פּאַרטיי האָט שוין געהאַט די מעגלעכקייַט צו רופֿן דורך אַ פּראָקלאַמאַציִע צו אַ שטרייַק. די פּאָליִציי איִז צעציִטערט געוואָרן. איִן שטאָט זייַנען געווען אויסגעשטעלט קוילנוואַרפֿער. אַ פֿאַרשטאַרקטע וואַך איִז געווען אַוועקגעשטעלט אַרום טורמע, מע זאָל די טורמע ניט באַפֿאַלן. אייניִקע כאַווייריִם זייַנען אַוועקגעגאַנגען צו יאַנקל אַס ווייַב (יאַנקל אַס איז געווען איינער פֿון די אומגעקומענע קאָמונאַרן. ער און זייַן ווייַב זייַנען באַשריִבן איִן דאָניִעלס „יוליס”). עך, איִן וואָס פֿאַר אַן אָרעמקייַט און נויט זי האָט זיך דעמאָלט געפֿונען. איִז דאָס אַלץ? ניין, ס'איִז נאָך ווייַט ניִט אַלץ.

און ווען כ' ראַביִן בעט מיִך „דערמאָנען זיך אַלץ, וואָס איִז דעמלט געווען”,—פֿאַרדריִסט מיך, פֿאַרוואָס האָבן ניִט געפֿונען קייַן אָפּשפּיִגלונג איִן זייַן בוך אַסאַך שיינע מאָמענטן. נאָר „שוועסטערקיִנדער” איִז, ווי געזאָגט, אַ בוך וואָס שפּיִגלט בלויז אָפּ די צעפֿאַלונג פֿון דער קאָנטער-רעוואָליוציִע, וועלן מיִר עס נעמען איִן אַכט.

* * *

און ווי איִז געגאַנגען די צעפֿאַלונג פֿון דער קאָנטער-רעוואָליוציִע?

ראַביִן גיִט אַ ביִלד, ווי אַזוי דער „בונד” איִז מעקאַבל פּאָנעם די דייַטשיִשע אַרמיי:

ס'איִז געווען יאָמקיִפּער. מיִט טאַלעס-זעקלעך אונטער די אָרעמס זייַנען ייִדן געלאָפֿן אַנקוקן די דייַטשן. מוישע מאַיאָנטיִק איִז געווען אַרומגערינגלט מיִט אַסאַך טאַלעס-זעקלעך און מיִט אַסאַך ייִדן און האָט דערציילט, ווי ער האָט שוין גערעדט מיִט אַ גענעראַל, אַז די דייַטשן לאָזן זיך ריידן און זייַנען איידעלע לייַט.

פֿאָניע קוואָס מעג פוצן די שטיִוול באַ די אַשקענאַזים.

און איִן דעמזעלביִקן טומל זייַנען צוויי מענטשן אומגעלאָפֿן.

איינעמס נאָמען איִז געווען איִליאַ, דעס צווייטנס שיִע שוסטער. ביידע זייַנען געלאָפֿן אַרום די דייַטשיִשע סאָלדאַטן מיט רויטע שלייפֿלעך איִן די לאַצן און זיך געוואָלט דערוויִסן, ווער פֿון די דייַטשן איִז דאָ אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט.

ווי געפעלט אײַך אַזאַ בילד, פּרוּווט עס אָפּלייקענען! פון איין זײַט דער יאָמקיפּער-ייִד מיט דעם טאַלעסזאַק,—דער דײַטש לאָזט זיך ריידן. פון דער צווייטער זייט דער בונדאָוועץ מיטן רויטן שלייפל, וואָס זוכט אַ דייטשישן סאָציאַל-דעמאָקראַט.

און די שוידערלעכע מײַסים, וואָס די דייטשישע אַקופּאַנטן מיט דער הילף פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן אָפּגעטאָן אין ווילנע, איז בוילעט באַשריבן אין די „שוועסטערקינדער". ס'איז געווען גענוג צו שיקן פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אַ פּעטיציע אין דער סאָצ.-דעמ. פראַקציע וועגן אַרויסגעבן ברויט, אַז די דײַטשישע קאָמענדאַטור זאָל דורך רײַטער מאַזיקן, טויטן די, וואָס האָבן געוואַגט בעטן ברויט.

ס'דערנעענטערן זיך די באָלשעוויקעס. די דײַטשן טרעטן אָפּ. דער אינטערעס צו רוסלאַנד ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער.

און מיטאַמאָל, קימאַט ווי פּלוצלונג האָט זיך אַ נײַע פראַגע באַ די אַרבעטער געשטעלט. זי איז איצט באַ אַלעמען אין די מײַלער געווען:

— מיט וועמען גייט דער „בונד"?

— באָלשעוויקעס, צי מענשעוויקעס?

און דער בונד האָט אַליין ניט געוווסט, ער האָט איצט אַלע טאָג פאַרזאַמלונגען געמאַכט. אַלע נאַכט קלײַבט מען זיך צונויף און מען טײַנעט: מיט וועמען? ביז דער ערשטער אָנטלאָפענער בונדאָוועץ פון רוסלאַנד איז אין דער אַלטער שטאָט געקומען זוכן שוץ און אָרדענונג אין די שטילע גאַסן פון דער אָקופּירטער געגנט און געבראַכט אַ ריכטיקע און פּינקטלעכע ידיעה: דער בונד בלײַבט אַף זײַנע אַלטע פּאָזיציעס.

די אַרבעטער אין גאַרקיך האָבן שוין אַף מאָרגן גערעדט וועגן דעם געקומענעם פון רוסלאַנד, האָבן געוווסט, אַז ער איז אַן אַנגעזעענער און אַן אַנטלאָפענער, און אַז דער בונד בלײַבט אַף די אַלטע פּאָזיציעס, נאָר האָבן פאַרט געוואָלט וויסן:

— מיט באָלשעוויקעס, צי מענשעוויקעס?

אָט האָט איר אַ זעלטענע איליוסטראַציע צום בונדס אָפּאָרטוניזם. דאָס האָט ראַבין ניט אויסגעטראַכט פון קאָפּ. אַזוי איז געווען אין ווילנע, אַזוי איז געווען אין מינסק און ווו איר ווילט. אָבער ווי ראַבין האָט עס קינסטלעריש אויפגעכאַפּט! וויפל פאַרניכטנדיקער בייזער סאַרקאַזם דאָ איז פאַראַן!

דאַכט זיך, אין פלוגי גאָר אַ „לעמעשקע" דער „בונד",—האַלט נאָר אין איין דיסקוטירן: מיט באָלשעוויקעס, צי מענשעוויקעס,—האָט אָבער פּאַסירט, אַז אַ לינקער בונדאָוועץ איז אָנגעקומען פון סיביר, ווו ער האָט זיך אָנגעהאָרכט פון די פאַרשיקטע מיט קריטישע רייד וועגן בונד; און האָט דערדאָזיקער בונדאָוועץ אָנגעהויבן ריידן וועגן דיקטאַטור, און אַז אויב ניט, האט דער „בונד" זיך ניט באַרעכטיקט, און אַז מע דאַרף מיטהעלפן אַרבעטן אין סאָוועט, האָט מען אים דערפאַר אין בונדישן קאָמיטעט אַרויסגערופן און געזאָגט:

— איר זײַט אַ פרעמדער אין אונדזער שטאָט. מיר ווייסן גאָרניט, ווער איר זײַט... עפשער זײַט איר גאָר קײַן בונדאָוועץ ניט, עפשער ווער ווייס ווער... ווילט איר זײַן אין בונד, דאַרפט איר וויסן און געדענקען...

אָט איז אַ „דינע" פּאָליטיק...

טכילעס האָט דערדאָזיקער לינקער בונדאָוועץ אין בונדישן קאָמיטעט געקלאַפּט מיט אַ פיקס אָן דיל. ער האָט געזידלט אַלעמען און אָנגערופן זיי קאָנטער-רעוואָליוציאָנערן.

ביז ער איז שטיל געוואָרן.

אַף פאַרזאַמלונגען האָט ער געהערט צו די גרופּע אָפּגעהאַלטענע, „וואָס קענען שטימען פאַר און קעגן און האַלטן זיך פונדעסטוועגן אָפּ".

אַן עמעסער טיפּ פון אַ „לינקן".

נאָך אַ ליִנקער בונדאָוועץ האָט אַף אַ פֿאַרזאַמלונג, וואָס האָט באַדאַרפֿט באַשטיִמען: קעהיִלע—יאָ. אָדער ניין, אַרייַנגעטראָגן אַ רעזאָליוציִע איִן נאָמען פֿון די ליִנקע, אַז דער בונד איִז קעגן דער קעהיִלע. נאָר פֿאַרענדיִקט זייַן רעדע האָט ער אַזוי:

— די רעזאָליוציע איִז אַ רעזאָליוציִע, נאָר אויב דער בונד איִז פֿאַר אַ קעהיִלע, בין איִך אויך פֿאַר, כאָטש איִך דאַרף זיין קעגן...

פֿאַרשטייט זיך, אַז די אָנגענומענע רעזאָליוציִע איִז געווען פֿאַר דער קעהילע, נאָר צו איִר איז געווען אַ צוגאָב, אַז דערדאָזיקער ליִנקער בונדאָוועץ (איִליאַ) וועט זייַן אַ מיִטגליִד פֿון דער קעהיִלע.

און אַז ס׳האָט זיִך דערנעענטערט צום שטאָט די רויטע אַרמיי, און ס׳איִז געשאַפֿן געוואָרן אַ ראַט, האָט דער בונד, פֿאַרשטייט זיִך, געשיִקט אויך אַהיִן זייַנע פֿאָרשטייער, און אַז דידאָזיִקע פֿאָרשטייער האָבן זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייַבן דעם באַפֿעל פֿון פרעזי־דיִום — די גאַנצע מאַכט דעם ראַט!—האָט מען, לייענענדיִק דעם באַפֿעל אָן די בונדיִשע אונטערשריפֿטן, אַזוי געזאָגט:

— עהע, דער בונדעלע... אין דער קעהיִלע האָט ער געשיִקט די ליִנקע, איִן ראַט די רעכטע. פֿאַרשטייט איִר אַ פּאָליִטיִק: ווילט איִר א ראַט—נאַט אייַך אַ ראַט, נאָר מיִר ווען אים פֿריִער אָנפֿיִלן מיט פֿעדערן.

די טראַגיִשע לאַגע פֿונעם ערשטן ווילנער סאָוועט איִז באַוווּסט. ווען די פּויליִשע לעגיאָנערן האָבן אים אַרומגערינגלט זייַנען געבליבן אין סאָוועט איינציקע קאָמונאַרן, צוזאַמען מיִט יוליִס שיִמעלעוויִטש, וואָס האָבן געקעמפֿט ביִז זייער לעצטן אָטעם.

בונדאָווצעס האָבן פֿאַרשפּרייט פּראָוואָקאַטאָריִשע קלאַנגען, אַז דער סאָוועט האָט זיִך אונטערגעגעבן, קעדיי אָפּצוהאַלטן יענע אַרבעטער, וואָס האָבן זיִך יאָ געריִסן גיין ראַטעווען דעם סאָוועט.

זיִצן אַרבעטער איִן אַרבעטער-קיִך באַ שיסעלעך זופּ.

קומט אַרייַן מענדל גוי. (מיִר קענען איִם דעמדאָזיקן מענדלען, האַגאַם ער טראָגט אַן אַנדער נאָמען. ער איִז איִצט אַן אַקטיווער אַרבקאָר. ראַביִן האָט איִם גענומען פֿון דער נאַטור). פֿאַר דעם מענדל גוי האָבן די בונדאָווצעס געציִטערט. זיי האָבן געהאַט פֿון איִם קאַלט און וואַרעם.

— גוט מאָרגן,—האָט מענדל גוי נאָך אַ לאַנגן טראַכטן געזאָגט—גוט מאָרגן,—איז עס געווען אַ שוועבעלע איִן ברענשטאָף... פּראָלעטאַריִער... מיִט שיִסעלעך זופּ, מיִט פֿענעצלעך ברויט... און מער דאַרפֿט איִר גאָרניִט... וואָס אייגנטלעך דאַרפֿן ייִדיִשע שוסטערס און שנייַדערס? פֿון אייַערע קעפּ שטינקט, פּראָלעטאַריִער, און איר ויִצט מיִט צוגוי־געלייגטע הענט, מיִט פֿיִנגערהוטלעך זופּ און זייַט זיִך מעכייַע... און דער ראַט זאָל זיִך ברעכן דעם קאָפּ. וואָס גייט עס אייַך אָן און וואָס גייען אייך אָן כאַוויירים, וואָס פֿאַרגיִסן דאָרט זייער בלוט, אַבי אייַך צו געזונט. מיט אַ גוטן אַפּעטיִט אייַך, לעכייַים... פּראָלעטאַריִער, לעכייַים אייַך, בונדיִשער טיִנעף.

די אַרבעטער זייַנען געבליִבן זיצן שולדיִק, פֿאַרשעמט.

— ראַטעווען, האָט מענדל אויסגעשריִען, ראַטעווען!

אַלע האָבן זיך דערפֿרייט און אָנגעכאַפּט פֿאַרן געדאַנק: ראַטעווען!

אָבער די פֿיִנצטערע קויכעס איִן בונד האָבן אויך געאַרבעט. זיי האָבן איִצט געשריען: אָרגאַניִזיִרן אַ ראַט—איִז געווען אַן אַוואַנטיורע.

— און געדענקט נאָך, כאַווײרים, האָט זיך געהיִצט אַ בונדישער פֿיִרער: אויסגיין וועט עס צו ייִדיִשע קעפּ. פּאָגראָמען וועלן אָפּצאָלן פֿאַר דער נאַריִשקייַט פֿון עטלעכע היִציִקע מויכעס, פֿון עטלעכע אויסוורפֿן... פּאָגראָמען.

דערצו האָט מען נאָך פֿאַרשפּרייט די פּראָוואָקאַציע, אַז די קאָמונאַרן, וואָס זייַנען

אַרומגערינגלט פֿון די פּוילישע לעגיאָנען האָבן זיך אונטערגעגעבן. און אַף דעם אויפֿן האָט מען אײַנגעאַנצן פֿאַראַליזירט דעם שטרעבן פֿון די אַרבעטער צו גיין ראַטעווען דעם סאָוועט.

אַף דער לעווײַע פֿון די אומגעקומענע קאָמונאַרן האָט מענדל גוי ווידער געזידלט די בונדאָווצעס פֿאַר זייער פֿאַראַט, פֿאַר זייער צוויִעס און האָט גערופֿן די אַרבעטער זיך פֿאַרשרײַבן אין דער רויטער אַרמיי.

און די אַרבעטער האָבן מיט פֿרייד געשריִען:

— פֿאַרשרײַבן, פֿאַרשרײַבן אין דער רויטער אַרמיי!

* * *

אָט איז אַ שטיק געשיכטע, קינסטלעריש אויסגעפֿורעמט פֿון ראַבינען אין זײַן „שוועסטערקינדער“.

מיר האָבן דידאָזיקע פֿאַקטן צונויפֿגעשטעלט כראָנאָלאָגיש. די פֿאַקטן זײַנען דאָך לעבעדיקע. ס'איז קעדײַ זיי אָפּצופֿרישן אין זיקאָרן.

די „שוועסטערקינדער“ איז אַ מין „שאָלעם-אַלייכעם פֿון דער בונדישער קאַסרילעווקע“. און וואָס איז מערקווירקדיק: דאָ איז שאָלעם-אַלייכעם ניט איבערגעכאַזערט. גאָר אַן אַנדער סטיל, אַן אַנדער זשאַנר, אַנדערע מיטלען. ראַבינס מענאַכעם מענדלס זײַנען ניט, ווי שאָלעם-אַלייכעמס, וועלכע מע דאַרף אופֿקלערן, עפּשער איבערמאַכן, נאָר אַזעלכע, וועלבע מע דאַרף אויסראָטן. אָט נעמט דעם לעבעדיקן לייבל-יאָסל. ווער קען אים ניט אין ווילנע. ס'איז דאָך אַ לעבעדיקער טיפּ.

— לייבל-יאָסל האָט געהאַט ברייטע און טיפֿע קעשענעס. פֿון דידאָזיקע קעשענעס האָט ער אַלעווײַלע אַרויסגעצויגן די פּאָר ווײַבערשע קאָפּטיכלעך, וואָס ליגן דאָרטן שטענדיק. ער האָט דערציילט דערבײַ:

— אַ פֿאַבריק האָב איך אַזאַ. אַ פֿאַבריק פֿון ווײַבערשע קאָפּטיכלעך. איצט מעגן שוין ייִדן האָבן טעכטער, ווײַל איך... איך—לייבל-יאָסל האָב אַ פֿאַבריק אַזאַ.

דידאָזיקע פֿאַבריק, דאַכט זיך, האָט ער אויך געהאַט געעפֿנט אין מינסק אין אָנהויב נעפּ. לייבל יאָסל האָט ליב געסט, האָט ליב געבן זיי טרינקען און עסן.

— אָט אַזוי: מיך קענט איר—לייב-יאָסל... בין געקומען פֿון אַ גרויסער רײַזע און רוף צונויף מאַכן לעכײַים. באַ מיר אַף לעכײַים קומען באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס. באַ מיר אין שטוב איז שאָלעם צווישן מענטשן... און פֿאַר שרײַבער האָב איך אַ באַזונדער טיש, קומט, קומט...

לייבל-יאָסל איז אַוועק. אַ ווײַבערשע קאָפּטיכל האָט פֿון זײַן קעשענע אַ נעזל אַרויסגעשטעקט און אָפֿן וויִנט זיך געהוידעט.

פֿונדעסטוועגן איז ניט ריכטיק, וואָס ראַבין מאַכט דעם לייבל-יאָסלען פֿאַר אַ גאַנצן העלד, וואָס ער האָט אים אָרגאַניש אײַנגעפֿלאָכטן אינעם גאַנצן סיפּער-האַמײַסע, און פֿאַקטיש קומט אַרויס ניט דאָס. דאָ זעען זיך אַרויס די ווײַסע נעט. לייבל-יאָסל האָט געמעגט זײַן אין דער דערציילונג אביסל אָנאַזײַט.

* * *

דער טאָן פֿון אויסלאַכן האָט זיך ראַבינען זייער גוט אײַנגעגעבן אין זײַן שילדערן די בונדישע „העלדן“. אָבער דערזעלביקער לײַכטער טאָן האָט אַסאַך קאַליע געמאַכט די דערציילונג, ווען ראַבין פּרוווט אים באַנוצן אויך אין זײַן שילדערן יאַנקל שעווק.

יאַנקל שעווק איז אַ שוסטער, אַ באָלשעוויק, האָט צו טאָן מיט פּוילישע שוסטערס. טרינקט צוזאַמען מיט זיי אין בירעלע, שפּאַצירט צוזאַמען מיט זיי.

זייער ריכטיק האָט געטאָן ראַבין, ווען ער האָט גענומען אַ באָלשעוויק אַן אָרטיקן. ניט דאַווקע קײַן אָנגעפֿאָרענעם, וועלכער איז פֿאַרקאָנספּירירט, אַז מע קען צו אים ניט צוטרעטן.

יאַנקל שעווץ איז אַ ווילנער, אַ פֿאָלקמענטש, האָט זייער ליב שאָלעם-אַלייכעמען. ווען ער האָט איינעם געגעבן לייענען שאָלעם-אַלייכעמען, איז ער געווען זיכער, אַז מאָרגן אינדערפֿרי וועט ער אים טרעפֿן אַ לאַכעדיקן. וועגן פּערעצן האָט ער אַזוי געזאָגט:

— פּערעץ האָט אַ פֿאַלשע פֿילאָסאָפֿיע, אַ געפֿערלעכע פֿילאָסאָפֿיע. עמעס... אַ סייכלדיקן קאָפּ.

ס'איז, דוכט זיך, אַ נייַער פּרווו צו שילדערן אַזוי אַ באָלשעוויק, אַ רעוואָליציאָנער און ניט קיין רררעוואָליוציאָנער. פֿונדעסטוועגן אָט דער לייַכטער טאָן, אין וועלכן ס'פֿילט זיך אַביסל כויזעק, פּאַסט נישט אין דערדאָזיקער שילדערונג.

אָט דעריבער קומט אַרויס די באָלשעוויסטישע באַוועגונג אין דער דערציילונג „שוועסטערקינדער" זייער בלייך.

עמעס, אין ווילנע איז קיין גרויסע באָלשעוויסטישע באַוועגונג ניט געווען. אָבער זי איז געווען אַסאַך שענער, רייַכער, שטאַרקער, ווי ראַבין שילדערט אין זיין „שוועסטערקינדער". אָט לאָמיר נעמען דעם אַרעסט פֿון די פּויליש שוסטער אין ווילנע 1919. ס'איז געווען אַרעסטירט קימאַט די גאַנצע יאַטשייקע פֿונעם שוסטער-פֿאַריין. מע האָט די אַרעסטירטע פֿאַרשיקט.

ס'איז בעעמעס פּאַרדראָסיק, ווי אַזוי כ' ראַבין שילדערט די פּוילישע שוסטערס.

אין רוסלאַנד איז אויסגעבראָכן די רעוואָליוציע. יאַנקל שעווץ האָט עס דערפֿילט און דערפֿרייט געוואָרן. ער וויל זיין צווישן אַ שטאָט מענטשן מיט אַ שטאָט רויטע פֿאָנעס.

— דער אַרבעטער-קלאַס איז ניט אַבי ווער אַ קלאַס. ער איז אַ באַיעווי... און מעגן די בונדאָווצעס דערוואָרגן ווערן, אַלע... אַפֿילע דיין מאַן אויך, מאַלקע...

אַף מאָרגן איז ער אַ גאַנצן טאָג אומעטיק. אַלע טאָג לויפֿט ער צו די פּוילישע שוסטערט און קומט צוריק אַ מידער און אומעטיקער. די פּוילישע שוסטערס לאַכן פֿון אים: אַז דאָרטן איז אַ רעוואָליוציע איז וואָס אייגנטלעך ווילסטו? וועט דאָ זיין אַ רעוואָליוציע, וועט מען דאַן זען...

עמעס, די דאָזיקע פּוילישע שוסטערס זיינען פֿון יאַנקלען גוט באַאַרבעט געוואָרן. ס'האָט געטראָפֿן, אַז יידישע אָנגעשטעלטע האָבן פֿאַרשטרייַקט אין אַ קראָם, זיינען געקומען די צען שוסטערס זיי באַשיצן.

אַז עס גייען אַף דער גאַס צען פּוילישע שוסטערס טראָט אין טראָט און שמייכלען און לאַכן גוטמוטיק, וואַרפֿט עס אָן שרעק אַף די אַרויסגעשטעלטע קעפּ פֿון די קראָמען, אַף באַלעבאַטים, אַף גאַלאָכים און ראַבאָנים—אַלע דערפֿילן דאַן, ווי אָנגעוואקסן די לופֿט איז מיט שוועבל און פעך, ווי עס גיסט זיך איבער דער אומרו אין די אַרבעטער-ריַיאָנען, אין די הינטערגעסלעך, און עס וואַקסט און ס'קוועלט אַזוינס, וואָס קען צוטומלען און טויב מאַכן, וואָס קען דורך איין נאַכט טאָן דאָסועלבע, ווי דאָס לאַנד מיטן נאָמען רוסלאַנד.

— די צען פּוילישע שוסטערס וואַרפֿן אַ שרעק, און דער יידישער שוסטער, וואָס גייט פֿאָרויס זיי, רעגט אויף און רייצט.

— יידעלעך, וואָס זאָגט איר... יידעלעך... אומעטום איז זייער באָבעס אייסעק, אומעטום זיינען זיי פֿול. זע נאָר, ווי ער גייט עס אויבנאָן—אַ האָן אַ גאַנצער און קליין ווי אַ דרייַער. עך טי, ריבוינעשעלוילעם, ווער פֿאַרשטייט דיינע וועגן.

ווי גוט ראַבין גיט דאָ איבער דעם שרעק, וואָס די קרעמער האָבן געפֿילט, דערזעענדיק די צען שוסטערס מיט יאַנקלען בעראָש. אָבער, צום גרויס באַדויערן, פֿילן מיר גאָרנישט, ווי אַזוי די לופֿט איז אָנגעוואָקסן מיט שוועבל און פעך און ווי אַזוי עס גיסט זיך איבער דער אומרו אין די אַרבעטער-ריַיאָנען. וואָרעם אנדערע אַרבעטער אויסער די בונדישע אַרבעטער, וועלכע ווייסן נאָך אַלץ נישט: צי מיט די באָלשעוויקעס אָדער מיט די מענשעוויקעס, זעען מיר קימאַט נישט אין דער דערציילונג.

די צען פּוילישע שוסטערס וואַרפֿן אָן אַן איימע אַף די קרעמער. פֿאַרוואָס קענען צען אַרבעטער אָנוואַרפֿן אַן איימע? ווײַל זיי דריקן אויס די אומרו פֿון די אַרבעטער-רײַאָנען. אָבער דאָ מוזן מיר גלויבן דעם כ׳ ראַבין, אַז אַזאַ אומרו איז געווען. אָבער מיר וואָלט זיך וועלן, אַז ער זאָל אונדז אויך איבערצײַגן. מיטן סייכל שטעלן מיר זיך פֿאָר, אַז ווען אין די אַרבעטער-קוואַרטאַלן האָט מען דערשפּירט, ווי עס דערנעענטערט זיך צו דער שטאָט די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע, האָט זיך אַרומגעטראָגן אַן אומרו. אָבער ס׳איז ווייניק צו באַגרײַפֿן מיטן סייכל. מיר ווילן עס אויך דערפֿילן דורך קינסטלערישע בילדער. דאָס האָט אונדז כ׳ ראַבין ניט געגעבן, דערצו איז נויטיק אַן אַנדער זשאַנר, אַנדערע מיטלען.

* * *

אונדז האָט דאָ אינטערעסירט בלויז די געשיכטלעכע זײַט פֿון דער דערציילונג „שוועסטערקינדער״, אַזוי ווי פֿון בוך „יוליס״. די קינסטלערישע אָפּהאַנדלונג פֿון די דאָזיקע ווערק וועט געוויס נאָכקומען. נאָר מיר ווילן לעצטנס שטעלן אַזאַ פּראָבלעם: פֿאַרוואָס זאָלן אונדזערע קינסטלער, ווען זיי באַהאַנדלען אַזעלכע העראָישע געשעענישן, נישט נעמען די מאַטעריאַלן פֿון אונדזערע אַרכיוון, פֿון היסטפּאַרט און קינסטלעריש איבערגעבן אַזוי ווי זיי זײַנען געווען? פֿאַרוואָס איז דאָ נויטיק צוצוטראַכטן, פֿאָנטיזירן פֿון קאָפּ, ווען דיווירקלעכקײַט אַליין, די געשעענישן גופֿא זײַנען שענער פֿון דער שענסטער לעגענדע?

פֿאַרוואָס זאָלן זיך אונדזערע קינסטלער נישט לערנען בײַ פֿורמאַנאָוון, ווי אַזוי ער האָט זײַן „טשאַפּאַיעוו״ געשריבן. ער האָט עמעסע פֿאַקטן באַשריבן. נישט אַזוי פֿאַר בעלעטריסטיק, ווי פֿאַר היסטפּאַרט. אַרויסגעגעבן דעם בוך האָט טאַקע דער היסטפּאַרט, און דער ערשטער, וואָס איז פֿאַרוווּנדערט געוואָרן פֿון דעם גרויסן דערפֿאָלג פֿון „טשאַפּאַיעוון״, איז געווען נישט קיין אַנדערער, ווי פֿורמאַנאָוו אַליין.

אַזעלכע געשעענישן, ווי „יוליס״, 1919 יאָר האָבן אויך אַזוי באַדאַרפֿט געשריבן ווערן. כ׳ דאַניעל האָט טאַקע באַנוצט די מאַטעריאַלן פֿון היסטפּאַרט. אָבער ער האָט צופֿיל פֿון קאָפּ צוגעגעבן.

יאָ, מע וועט זאָגן, אַז פֿורמאַנאָוו איז געווען ניט קיין צושויער פֿון די געשעענישן, נאָר אַן אָנטיילנעמער. ער אַליין האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין זיי.

אויב אַזוי, זאָל עס אויך זײַן אַ לערע פֿאַר אַלע פּראָלעטאַרישע קינסטלער.

י. דאָברושין.

# „ווילדגראָז“

(פֿון ע. גאָרדאָן).

1

„די אופֿקום-געשיכטע פֿון דעם קאָלעקטיוו „ערדלינג“ האָט קיינער ניט פֿאַרשריבן. פֿאַרגעסן זי האָט מען אויך ניט געלאָזט, ווײַל פֿון מאָל צו מאָל האָט מען די געשיכטע דערציילט, און קיינער האָט ניט געלאָזט אַף אַ האָר צו פֿאַרמינערן אָדער פֿאַרגרעסערן יעדערנס ראָל אין דער אַרבעט“.

אָט אזוינע אופֿקום-געשיכטעס פֿון דאָרפֿישן נײַ-לעבן, דעם אַלעם ערשטן אופֿקום פֿון הונדערטער אויסגעוואַקסענע ערד-ייִשוּווים האָט קיינער טאקע באַ אונדז ניט פֿאַרשריבן. און דער יונגער שרײַבער ע. גאָרדאָן האָט דער ערשטער די ערשטע גרעסערע קינסטלערישע דערציילונג אַף דער טעמע אָנגעשריבן, טאַקע „דערציילט“ די געשיכטע דיכטעריש-וואָרהאַפֿטיק, גלײַך ווי די אַלטע טיפּן וואָלטן לעבן אים, לעבן דעם יונגן קינסטלער באַם זײַט געשטאַנען און טאַקע נישט דערלאָזט „אַף אַ האָר צו פֿאַרמינערן אָדער פֿאַרגרעסערן יעדערנס ראָל אין דער אַרבעט“.

געוויס האָט ע. גאָרדאָן אין זײַן ערד-דערציילונג פֿאַרכאַפּט נאָר איין ווינקל, איין קליינעם ווינקל פֿון דעם גרויסן שטעך, אַף וועלכן עס קומען פֿאָר די ערדישע איבערבוי-פּראָצעסן פֿון ייִדישע מאַסן, גאָרדאָן האָט באַשריבן בלויז די אופֿקום-געשיכטע פֿון אַ בײַשטעטלדיקן קאָלעקטיוו, די געשיכטע, וואָס האָט אַ שײַכעס צו דער אַזויגערופֿענער אָרטיקער פֿאַנאַנדערזעצונג, בעשאַס מיר האָבן שוין אַ גרויסע איבערוואַנדערונג-טעטיקײַט, אַ באַשאַף פֿון הונדערטער דורכויסיקע ייִדיש-פּויערישע דערפֿער און ייִשוּווים.

אָבער גראָד אַף זײַן קליינעם ווינקל האָט גאָרדאָנען געראָטן באַווײַזן די איקער-טענדענצן און אויך די איקער-אָביעקטן, וואָס נעמען אָנטייל אין דעמדאָזיקן איבערבוי-פּראָצעס, ער האָט קאָנצענטרירט זײַן אופֿמערקזאַמקײַט אַף דער ערשטער עלעמענטאַרער האַסכאָלע פֿון דער ייִדישער איבערוואַנדערונג, דערבײַ טרעפֿלעך פֿאַנאַנדערגעשטעלט די פּערסאָנאַזשן אין זייער שיכטן- און קלאַסן-צוזאַמענהאַנג און מיט אַ דינעם קינסטלערישן פּענדזל האָט ער פֿון אינעווייניק, אין גאַנג פֿון די פּאַסירונגען, דורך כאַראַקטער און אופֿירונג אַנטפּלעקט די פֿאַרשיידענע סטירעס, די דיפֿערענצירונג פֿון געזעלשאַפֿטלעכע און עקאָנאָמישע אינטערעסן באַ די באַשטאַנדטיילן פֿון דעם ייִדישן אופֿקומענדיקן פּויערטום.

דרײַ גרופּן פֿון דרײַ פֿאַרשיידענע סאָציאַלע גרונט-שיכטן נעמען אָנטייל אין דער אופֿקום-געשיכטע באַ גאָרדאָנען. די ערשטע, די סאָכרישע גרופּע, וועלכע איז פֿאָרגעשטעלט אין גאָרדאָנס דערציילונג דורך איר אויסגעשפּראָכענעם פֿאָרשטייער אַבע ווילענסקי. די צווייטע—די האָרעפּאַשניקיש-קליינהענדלערישע, בעראָש מיט די שטעטלדיקע קאַצאָווים און דריטע—אין געשטאַלט פֿון וואָווע כינקעס, דעם עכטן האָרעפּאַשניק. וואָס האָט אַ לעבן פֿאַרדונגען זײַנע באַטראַקישע, קאָן מען זאָגן, הענט און קראַפֿט. פֿון אָט די דרײַ סאָציאַלע שיכטן האָט גאָרדאָן אויסגעטיילט באַזונדער די צוויי אויסגעשפּראָכענע פֿאָרשטייער פֿון צוויי פֿײַנטלעכע קלאַסן, דעם סויכער און דעם האָרעפּאַשניק, אַבע ווילענסקין און וואָווע כינקעס—די ביידע האָט גאָרדאָן קינסטלעריש אויסגעטיילט און אופֿגעשטעלט

אין זייער גאַנצער גרויס און וווּקס, באַווײַזן זיי מיט זייער קלאַסן-טאָך, וואָס פֿורעמט אויס זייער כאַראַקטער און פֿירט אָן מיט זייערע טוּונגען און געפֿילן.

וואָווע כינקעס איז דערבײַ בעפֿיירעש א נײַער מענטש אין דער ייִדישער ליטעראַטור. טאַקע דערפֿאַר, וואָס גאָרדאָן האָט אַף איִם געוואָרפֿן די פֿולע שײַן פֿון זײַן סאָציאַלער לאַגע, דערפֿאַר, וואָס ער האָט איִם אײַנגעגעבן איִמפּולסיווע קריגערישע טאַט און איניציאַטיוו, איז ער געוואָרן אויס סטאַם-געזונטער רוימענטש, ווי מיר זײַנען געוווינט זען אין דער ייִדישער ליטעראַטור-טראַדיציע, ער האָט באַקומען נײַע סאָציאַלע באַזינונג און ציל-אײַנשטעלונג פֿון א קלאַסן-מענטש און דערבײַ—אַפֿראָסנײַ אופֿגעדעקטע פּלאַסטיש-קערפּערלעכע און פּסיכאָלאָגישע אייגנשאַפֿטן.

דער דירעוודיקער קוועקזילבערדיקער, טעמפּעראַמענטפֿולער וואָווע כינקעס לעבט און צאַפּלט בא גאָרדאָנען מיט אלע זײַנע, אַזוי צו זאָגן, סאָציאַלע און פּראָפֿעסיאָנעלע גלידער:

„וואָווע כינקעס האָט געהאַט אַ טעווע צווישן אַ מענטשן-זאמלונג מאָדנע אופֿשפּרינגען, א יאָג טאָן זיך פֿאָרויס, ווי עמיצער וואָלט איִם אַ שטויס געגעבן, אָנכאַפּן וועמען ס'איז באַם ברעג רעקל אָדער זשילעט און טײַנען“. (זײַט 3).

אָטאָ דער אָנגעמאָלטער שטריך בא וואָווע כינקעס מאַכט דאָך איִם ענלעך צו זײַנע אָקסן, בא וועלכע ער איז אויסגעוואקסן, זײַענדיק אַ וואָלאָוניק באַם פֿאָרעך, די אָקסן, וועגן וועלכע ער, דער „ווסעראַבאָטניקיוו זעמלי טא ליסוּ“, האָט ליב ריידן קעסיידער.

און די זעלבע סאָציאַלע און פּראָפֿעסיאָנעלע טעווע ברענגט אַרויס גאָרדאָן אין יעדערן פֿון די געשילדערטע פּאַרשוינען. געניג איז צו באמערקן דעם זעלטענעם געמעל פֿון די קאַצאָווים-יונגען, וואָס לעכצן קוילעניִן דאָס יונגע קעלבל—מיט דער גאַנצער שטײַף און פֿאַרביק-אָנגעמאָלטער ציִעניש פֿון זייערע סאָציאַל-פּראָפֿעסיאָנעלע געוווינהײַטן. דאָסזעלבע איז אויך מיט דעם דיאַלאָג, וועלכער איז אָנגעזועטיקט בא גאָרדאָנען מיט בילדעריש-פּראָפֿעסיאָנעלן אויסדריקן:

אַבע ווילענסקע רעדט: „זי גיט, אָט די ערד אַ פֿעטן פּראָצענט, גאָר אַ פֿעטן, אַהער, אַז דו לייגסט אריַין, ליגט עס רויִק און זיכער, ווי אין דעם בעסטן באַנק“.

דער קאַצעוו רעדט: „וואָס זיצט ער, ווי א קעלבל, די פֿיס אונטער זיך“...

און וואָווע כינקעסעס געשפּרעך: „עס ציט זיך אויס, ווי דער פֿאָרעך, אָט דאָס גראָז, אָט ווי דער פֿאָרעך דאַבראָוואָלסקע אַמאָל אף דער ערד, אַ רועך איִם אין זײַן געפּייגערטן טאַטן, און פּרעסט אומזיסט פֿון דער ערד“...

אין פּראַט פֿון אַנטפּלעקן שטייגער-טיפּן דורך נײַעם סאָציאַלן קאָמפּלעקס פֿון מײַסים, כאַראַקטער-באַוועגונג און כאַראַקטער-רייד איז ע. גאָרדאָנס „ווילדגראָז“ אַ היפּשע און גאָר שיינע דערגרייכונג אין אונדזער נאָכאָקטיאַבער-פּראָזע, וועלכע זינדיקט נאָך אונטער צײַטנווײַז מיט סכעמאַטישער סאָציאַלער צייכענונג פֿון מענטש און אופֿירונג.

שוין גלײַך אין אָנהויב דערציילונג האָט ע. גאָרדאָן אָנגעמערקט די שטרײַט-ליניע פֿון וואָווע כינקעס מיט אַבע ווילענסקין, דעם שטרײַט פֿאַר פֿאַרשיידענע אינטערעסן פֿון אָט די ביידע פֿאַרשיידענע שיכטן-פֿאָרשטייער, אָבער דעמדאָזיקן שטרײַט האָט גאָרדאָן זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַרקליידט אין די שטייגעריש-פּסיכאָלאָגישע צוזאמענשטויסן, אין דעם קריג פֿון די ביידע פֿאַר אָנפֿירונג און הערשונג אין קאָלעקטיוו. בעשאַס וואָווע און ווילענסקי הויבן אָן פֿון לעכאַטכילע אויסגעפֿינען פֿאַרשיידענע קאָמישע זאָכיעסן און פֿאַרדינכסן פֿאַרן באַשאַפֿענעם קאָלעקטיוו, איז קלאָר בא גאָרדאָנען, אז דאָ האַנדלט זיך וועגן א טיפֿערן סאָציאַלן סיכסעך, וועגן צוויי באַזונדערע פֿאַרינטערעסירטקייטן אין דער ערד-אײַנאָרדענונג: פֿון איין זײַט—דער סאַכרישער שטאַנדפּונקט, וועלכן ווילענסקי דריקט אויס אין זײַן ווענדונג צו כינקעסן: „יאָוועס'איז דאָ אַ געשעפֿט, מיר פֿאָרן אף ערד“... און פֿון דער צווייטער זײַט—וואָוועס בא-

ציִונג, דער דראַנג צו דער ערד, וואָס דאַרף און וועט באַפרײַיִקן זײַן האָרעפּאַשניקישע נאַטור-סטיכיִע.

און אַזוי און קעסיידער אין מעשעך פֿון דער גאַנצער דערציילונג האָט ע. גאָרדאָן די סאָציאַלע הויפּט-אידיי, דעם פֿאַנאַנדערגעוויקלטן אינטערעסן-קאַמף פֿאַרקליידט אין טיף-מענטשלעכע כאַראַקטער-טאַטן און כאַראַקטער-איבערלעבונגען, די האַנדלונג וואַקסט, די סאָציאַלע קאָליזיע פֿאַרטיפֿערט זיך, קומט צום טראַגישן אויסדריק, צום מאָרד פֿון אַבע ווילענסקי—און דאָס אלץ איז באַ גאָרדאָנען פּסיכאָלאָגיש באַרעכטיקט, אָרגאַניש פֿאַרוואַכט. באַ זייער גאָרער נײַער אומגעבונג, באַ די גאַנץ נײַע פֿאַר אונדז באַדינגונגען, אין וועלכע ס'געפֿינען זיך די אַלע טיפּן, ווערן זייערע אַלע מײַסים סטימולירט און דיקטירט דורך זייער אינערלעכן מעהוס, דורך וועלכן דער שרײַבער פֿירט דורך זייערע שיכטן- און קלאַסן-אינטערעסן.

דער סיפּערהאַמײַסע פֿון דער דערציילונג „ווילדגראָז” איז אייגנטלעך אַן איינפֿאַכער. לויט דער איניציאַטיוו פֿון דעם גביר-יוענעם סויכער אַבע ווילענסקי, וואָס דערשמעקט אַ „נײַ-געשעפֿט”, ווערט באַשאַפֿן אַ בײַשטעטלשער ערד-קאָלעקטיוו, און וועלכן דער גע-ניטער הענדלער לאַדט איין צווישן אַנדערע „ניט דעם נויטיקן, נאָר דעם פּאַסיקן”, ווי ווילענסקי דריקט אויס, וואָווע כינקעסן. אין מעשעך פֿון דער האַנדלונג קומען פֿאָר א ריי קאָנפֿליקטן צווישן די הויפּט-צראָדים פֿון דעם קאָלעקטיוו—דעם האָרעפּאַשניקישן און דעם הענדלערישן, קאָנפֿליקטן, וועלכע ענדיקן זיך מיט דעם, וואָס די דערצאָרנטע קאַצאָווים מיט כינקעסן דערשלאָגן צום טויט דעם הענדלער ווילענסקין, בעשאַס יענער פֿירט ארויס ביגנייווע פֿון שטאַל די טווע אַף צו פֿאַרקויפֿן, באַרעכענענדיק דאָסדאָזיקע מיטן כאַראַקטעריסטישן פֿאַר אים: „מיר זײַנען איצט פויערים, ווער קאָן אונדז שטערן א האַנדל טאָן”.

דידאָזיקע איינפֿאַכע האַנדלונג-ליניע פֿון דער דערציילונג ווערט באַ גאָרדאָנען זייער אינטערעסאַנט באַרײַכערט און באַלעבט דורך אַ געוויכטיקן פּאַראַלעלן שטריך פֿון וואָווע כינקעסעס ביאָגראַפֿיע. אַ מײַסע מיטן פֿערעץ דאָבראָוואָלסקע, באַ וועלכן דער כינקעס האָט געדינט און וועלכן פויערים-אויפֿשטענדלער האָבן אוועקגעלייגט בעשאַסן בירגער-קריג. דידאָזיקע מײַסע באַמבלט זיך באַ כינקעסן אין קאָפּ, ער כאַזערט זי טאָמיד, שמועסט זיך איין, אַז ער איז געווען אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער פֿון אָט דעם רעוואָליוציאָנערן טאַט און פֿאָדערט דערפֿאַר זײַנע רעכט אַף אָט דער ערד, וואָס האָט געהערט פֿריער דעם געהאַרגעטן פּאָרעץ. און איינמאָל, בעשאַס ער איז אַ באַליידיקטער געלאָפֿן אין קרײַז-שטאָט אויפֿשטעלן אָט דידאָזיקע רעוואָלוציאָנערע רעכט זײַנע, האָט ער באַגעגנט איינעם פֿון די פויערים מיקאָלען, וואָס האָט געהאַרגעט דעם פּאָרעץ. דער פויער מיקאָלע האָט אים אָנגעוויזן, אַז ס'איז ניט ריכטיק, אַז ער כינקעס, האָט דעמלט אַ דערשראָקענער בלויז געהאָלפֿן באַגראָבן דעם פּאָרעץ, אָבער קײַן שום שײַכעס ניט געהאַט צום עצעם מאָרד, דער אויפֿגערעגטער כינקעס לאָזט זיך לויפֿן צוריק צום קאָלעקטיוו און טרעפֿט שוין אַ טויטן דעם מיט זײַן הילף געהאַרגעטן ספּעקוליאַנט ווילענסקין:

„איידער וואָווע איז דערלאָפֿן צום טאַבאָר האָט ער אין סטעפּ, ווו ס'וואַלגערן זיך בערגעלעך פֿון דעם פּאָרעץ דאָבראָוואָלסקעס גיטער, געטראָפֿן אַן אויסגעגראָבענע גרוב. אַרום דער גרוב זײַנען געשטאַנען קאַצאָווים-יונגען מיט לאָפּעטעס אין די הענט און פֿאַר-שאָטן אַבע ווילענסקיס טויטן קערפּער. וואָווע איז צוגעלאָפֿן, גענומען טרעטן מיט די פֿים אַפֿן האַלב-פֿאַרשאָטענעם קייווער.

— אין דרערד אַרײַן ליג!—אַ ווילדע פֿרייד האָט אים אַ־ומגעכאַפּט, אַ טרייסט פֿאַר זײַן אָפּגעלייקנטן געהאַרגעטן פּאָרעץ.

— מיקאָלע, מיקאָלע, קום אַהער! זע, מיר האָבן אויך געהאַרגעט אַ פּאָרעץ, אַ ספּעקוליאַנט האָבן מיר געהאַרגעט—האָט ער אויסגעשריִען און אויטגעצויגן די הענט צום סטעפּ, ווי ער וואָלט אים ציִען און רופֿן אַהער.

— זע, לעבן פאָרעץ דאָבראָוואָלסקעס קייווער ליגט אַ ספעקוליאַנט, וואָס מיר האָבן געהאַרגעט, מיקאָלע, קום אהער, זע!..

ער איז אָפּגעלאָפן א פאָר טריט, ווי ער וואָלט אים וועלן נאָכיאָגן, געבליבן שטיין און גענומען שרייַען, און דער סטעפּ האָט, ווי אַ לייַכט טיף-זומערדיק שטויבל, אף זייַנע ווערן צעטראָגן וואָוועס ווערטער:

— סטעפּ, זע, מיר האָבן אויסגעריסן אַ בוריאַן, אַ ווילדגראָז פון דער ערד.

דער סטעפּ האָט געשוויגן".

דאָס איז דער סאָף, דער לעצטער אקאָרד פון דער דער דערציילונג, וואָס רופט זיך טאַקע דערפאַר „ווילדגראָז". ע. גאָרדאָן האָט אַף אַזאַ אויפן זייער אָריגינעל צוגעפירט די דערציילונג צו איר אידעאָלאָגישער באַווייַזונג, דער קאָמישער שטריך פון כינקעסעס ביאָגראַפיע האָט דאָ קאָנסטרוקטיוו אַ שפיל געטאָן און קינסטלעריש ארויסגעבראַכט דעם סאָציאַלן מוסערהאַסקל פון דער גאַנצער האַנדלונג-ליניע. דאָס ווילדגראָז, דער „רויטער מוישע", וועגן וועלכן כינקעס האָט ניט איינמאָל דערציילט, איז ענדלעך אויסגעריסן געוואָרן, דער סטיכעישער טויט-אורטייל איבערן ספעקוליאַנט ווילענסקין האָט זיך באַהעפט מיטן אַמאָליקן פּאַרטיזאַנישן רעוואָליוציאָנערן טאַט, זיי ביידע—אַ רעזולטאַט פון קלאַסן-שלאַכטן, וועלכע זייַנען, ווי גאָרדאָן האָט דאָ בוילעט באַוויזן, אומפאַרמייַדלעך אויך אין דער יידישער סוויווע. און דעריקער איז, וואָס דאָסדאָזיקע, איז, ניקער, אין אָט דעם לעצטן מאָמענט אויך קלאָר געוואָרן פאַר כינקעסן, וואָס האָט ביזדאַנען געפירט זייַן קאַמף מיט ווילענסקין סטיכייִש-בלינד, אויס אינסטינקטן-סינע און ניט אויס וועלכן ניט איז קלאַסן-געפיל, וועלכער דערשייַנט באַ אים גופע טאַקע אָט איצט, ווען ער פאַרגלייַכט די ביידע מאָרדן און כאַפּט זיך, אז זיי האָבן, אייגנטלעך, געהאַרגעט אן אייגענעם, אַ יידישן פאָרעץ.

אָנגעהויבן פון בעשאָלעמדיקן קלוימערשטן צוזאַמענלעבן, האָט גאָרדאָן דערפירט זייַנע פאַרשוינען פון קאָלעקטיוו צום פאַרביטערטן אינטערעסן-שלאַכט, וואָס שטאַמט פון סאָציאַלער דיפערענציאַציע, דערבייַ האָט גאָרדאָן, ווי געוואָגט, אויסגעשיילט זייַן קלאַסן-אידיי דורך האַנדלונג-פּאַסירונגען און כאַראַקטער-אופירונגען, געגעבן דעריבער לעבעדיקע אָרגאַנישע געשטאַלטן, פאַרביק אָנגעמאָלט דעמראָזיקן ניי-שטייגערישן אויסקומעניש מיט דעם גאַנצן בינטל מענטשווארג, וואָס זייַנען אַרייַנגעפאַלן אין אים. אָבער פון דעם גראָד, פון דעם צופיל נאָכגיין נאָכן כאַראַקטער און טיפּ-שילדערונג איז אויסגעוואָקסן איינער, אַ זייַטיקער כיסאָרן פון דעם ווערק, אַ כיסאָרן, וועגן וועלכן ס'מוז דאָ גיין אַ רייד.

## 2

ס'האַנדלט זיך וועגן דער פאַרשמעלערטער, אַזוי צו זאָגן, באַזע פון דער דערציילונג, וועגן דעם, וואָס דער שרייַבער האָט ניט באַשאַפן קייַן פאַרברייטערטע ווירקונג-אַטמאָספער אַ ום זייַנע האַנדלונג-טיפן. ער האָט זיי געלאָזן אויסלעבן זיך רעאַליסטיש פון זייער באַגרענעצטן כאַראַקטער-אינעווייניק און ניט דינאַמיזירט זיי. ניט אַרייַנגעשלעפט אין דעם גרעסערן קאָנטעקסט פון דער סאָוועטישער אויפבוי-ווירקלעכקייַט. ס'האָט זיך באַקומען טייל-ווייַז, בלויז טיילווייַז, אַ קליינער הייַפל מענטשן, וואָס קעמפן צווישן זיך ווידעראַמאָל פאַר שמאָלע ענגע אייגנטום-אינטערעסן, אָן קייַן שום שייַכעס צו יענע סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע-פּראָצעסן, אין שטראָם פון וועלכע ס'דאַרף אייגנטלעך אַרייַנפאַלן אָט די גאַנצע קאַמף-ענערגיע.

וואָווע כינקעס, אָט דער בילדעריש, ניי-אופגעשטעלטער נאַטור-מענטש מיטן אינטערעסאַנטן מאַסן-סענטימענט, מיט דעם לירישן ליבע-געפיל צו דער ערד, צו יעדער גרעזעלע און באַשעפעניש, וואָס ווייַזט אָבער אויך אַרויס אין דערזעלבער צייַט האַרטן ווילן און פאַראַקשנטן קריגערישן טעמפעראַמענט, אָט דער וואָווע כינקעס טרעט אויך אַרויס אין

אַלע געשלעגן, ווי אַ פּאַרטיידיקער פֿון עפּעס אייגענע, קימאַט באַלעבעסלדיקע אינטערעסן, אָן קיין שום שייכעס צו דעם אָדער יענעם קאָלעקטיוו, אויב ניט קאָלעקטיוויסטישן, גייסט, וואָס דאַרף אַרויסוואַקסן פֿון אַ צוזאַמענלעבן אין אַ קאָלעקטיוו. פֿאַראַנען אַפֿילע אַ שטעל אין דער דערציילונג, ווען וואָווע כינקעס איז ניט מיט אַלעמען צופֿרידן פֿון דעם, וואָס נאָך אַ קאָלעקטיוו קומט און באַזעצט זיך דערבײַ אין נאָענטער שכיינעס. בעשאַס אַט דער צווייטער קאָלעקטיוו האָט זיך אויסגעטיילט זײַן כיילעק ערד, האָט ער געטראַכט, וואָווע כינקעס:

— אלעמענס ערד טאַקע, אַלעמענס, און טאָמער וועט אונדז נאָכדעם זײַן ווייניק?— האָט ער געטראַכט. (זײַט 75).

געוויס איז ניט שײַעך אויפֿוואַרפֿן דעם שרײַבער גאָרדאָנען, לעמײַ ער האָט פֿון וואָווע כינקעסן, וואָס לעבט איבער אָקאָרשט אין דער דערציילונג זײַן איבערברוך, לעמײַ ער האָט פֿון אים ניט געשאַפֿן קיין טרעגער פֿון קאָלעקטיוון לעבן. גאָרדאָנס „ווילדגראָז" שילדערט, ווי געזאָגט די האַסכאָלע, דעם ערשטן אָנהויב-עטאַפּ פֿון דער יידישער לאָקאַלער ערד-אײַנאָרדענונג, אין דער דערציילונג זײַנען אויפֿגעשטעלט די ערשטע אָנטיילנעמער, די ערשטע אינטערעסן-דיפֿערענצירונג, דער ערשטער אויפֿלאַם פֿון קלאַסן-אינסטינקט און קלאַסן-האַס. און ס'איז דאָך צו גלויבן, אַז דער ווײַטערדיקער וועג פֿון דעם וואָווע כינקעס, נאָכדעם, ווי ער האָט דערגאַנגען, אַז ער האָט אויסגעפֿירט אַ רעוואָליוציאָנערן קלאַסן-אורטייל, זײַן ווײַטערדיקער וועג וועט זײַן טאַקע דער וועג פֿון באַוווסטזיניקע קאָלעקטיווע דעראָבערונגען. אָבער דאָ האָט דער שרײַבער איבערגעריסן די דערציילונג, די האָט דער שרײַבער, דערגרייכנדיק זײַן ציל, אַ פּינטל געשטעלט.

און דאָך, אַפֿילע אין די גרענעצן פֿון דערדאָזיקער דערציילונג גופֿע האָט געקאָנט זײַן אַ רייד פֿון כינקעסעס אַנטי-אייגנטימערישע, אַזוי צו זאָגן, נויגונגען, וואָס קאָנען שטאַמען פֿון זײַן באַטראַכטישער אָנגעהעריקײַט, ס'האָט בעכאָל-אויפֿן געקאָנט זײַן אַ רייד פֿון אײַנשליסן זײַן אויסגעבראַכטן קאַמף-אימפּעט אין דעם גרעסערן שטראָם, אין די ברייטערע רוימען פֿון דעם אָנגעשטרענגטן געשלעג פֿאַר אומעטומיקער בויונג, וואָס קומט פֿאָר אין לאַנד.

אָבער אָטאָ דער מאַנגל שטאַמט שוין אין אַ באַוווסטן פּראַט פֿון די צו שטרענגע רעאַליסטיש-פּסיכאָלאָגישע פֿאָרם-מיטלען, וואָס גאָרדאָן האָט אָנגעווענדט אין דער פּאַבוליסטישער אַנטוויקלונג פֿון זײַן דערציילונג. גאָרדאָן איז אַ רעאַליסט. אין זײַן „ווילדגראָז" האָט ער מאַמעש געוואָרפֿן פֿולע הויפֿנס גלענצנד-קינסטלערישע רעאַליסטישע שילדערונגען. אַף יעדער זײַטל געשפּרייט פֿולקום-בילדערישע, פֿולבלוטיקע באַשרײַבונגען פֿון מענטש, אַרבעט, נאַטור, און כייפּעץ. און דעמועלבן שטרענגן רעאַליזם האָט ער אויך פֿאַרהיט בענויגייע דער קאָנסטרוקציע, בענויגייע דעם געבוי פֿון ווערק. אָבער פֿירנדיק אָרנטלעך, אַזוי צו זאָגן, די האַנדלונג-ליניע לויט דער רעאַליסטישער. און דעריקער פּסיכאָלאָגישער, אָנטוויקלונג פֿון טיפֿ און געשעעניש, פֿאַרהיטנדיק די באַוווסטע פּסיכאָלאָגיש-לאָגישע איינקײַט און נאָכאַנאַנדיקײַט פֿון אָרט און צײַט, האָט גאָרדאָן אַף אַזוי פֿיל, אַף וויפֿל ער האָט געהאַט צו טאָן מיט אַ טעמאַטיש באַגרענעצטן שעטעך פֿון די ביידע, נט ווילנדיק טאַקע באַגרענעצט דעם שילדערישן רוים פֿון זײַן „ווילדגראָז", ניט געפֿינענדיק קיין אַרויסגאַנג אין דער ברייטערער, אויסער אַט די לאָקאַלע גרענעצן שטייענדיקער אָנפֿירנדיקער און בויערישער ווירקלעכקײַט.

ס'איז דאָך זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס אויספֿילנדיק די נויטיקע אויפֿגאַבע פֿון אַרײַנפֿירן אינטערנאַציאָנאַלע עלעמענטן אין זײַן דערציילונג, האָט גאָרדאָן מעכאַניש אַ־אָפּגעבראַכט צו גאַסט אין קאָלעקטיוו די פּויערשע יוגנט פֿון שכייניש רוסישן דאָרף. ע. גאָרדאָן האָט זייער דינאַמיש, מיט פֿולזאַפֿטיקער קינסטלערישער קראַפֿט אָנגעכאָלט דעם פֿאַרברידערונג-טאַנץ פֿון די רוסישע און יידישע ערד-לײַט, אָבער דאס צוזאַמענכרופֿן זיך פֿון

די ביידע איז בעעצעם און לעערעך, לעגאַבע דער וויכטיקייט פון דער געשעעניש, שוואַך מאָטיווירט, קימאַט צופעליק פאַרפלאָכטן: און איזן איז דאָס דערפאַר, ווייל אין דער שטרענגער לאָקאַלער געקייטלטקייט פון דער האַנדלונג-אנטוויקלונג איז דעם שרייבער שוין שווער געווען אַרויסגיין פון די מעכיצעס פון אָרט און רוים און אַריינפירן אָרגאַניש אַ דערבייַ-לעבן, צי אַ דערבייַ-פּאַסירונג, צו וועלכער מ׳דאַרף שוין דורכציען גאָר באַזונדערע אַנדערשדיקע באַרעכטיקונג-פעדים.

און אָט איז נאך אַ באַווייַז, באַ גאָרדאָנען אין דער דערציילונג ווערט אַרויסגעבראַכט איינע אַ פרוי, כאַנקע הערשקעס, אַ זייַטיקע, אָבער ג׳נוג קאָלאָריטפולע געשטאַלט. עס ווערט אַפילע אָנגעמערקט אַן אינטערעסאַנטע און כאַראַקטעריסטישע ליבע צווישן שליאָמען, אַבע ווילענסקיס זון, וואָס וויל אָרנטלעך לעבן אין קאָלעקטיוו און דערדאָזיקער כאַנקען. אָבער סייַ כאַנקע גופע, סייַ די ליבע בלייַבן הענגען אין דער לופט, זיי בלייַבן אַלס עפּיזאָד, וואס פאַלט אַרויס אינגאַנצן פון ווייַטערדיקן קאָנטעקסט פון דער דערציילונג. ס׳איז, אַפּאָנים, ווידעראַמאָל שווער געווען דעם דערציילער, אַרייַנפלעכטן און אויסהאַלטן ביזן סאָף די דאָזיקע מעגלעכע בייַטעמע אין דעם ענג אויסגעכעזשבנטן גאַנג פון די געשילדערטע פּאַסירונגען.

אין פראַט פון קינסטלערישן סטיל און פאָרם-מעטאָד שטייט גאָרדאָן, דאַכט זיך, אָפן שיידוועג. פון איין זייַט ברויכט ער בעפיירעש דעם דינאַמישן, ווי ער רופט זיך איצט, דיאַלעקטישן רעאַליזום פאַר דיאַלאָג און סאָציאַלער כאַראַקטעריסטיק פון טיפּ, און פון דער צווייטער זייַט האַלט ער זיך פאַר דער פּסיכאָלאָגיש-באַגרענעצטער האַנדלונג-ליניע, וועלכע ווערט באַ אים בלויז איינמאָל געשטעלט מיט דער גלענצנדער אינוועַרסיע, מיט דעם איינפאַלדיקן פאַבוליסטישן אַרייַנפיר פון דעם געהאַרגעטן פאָרעך, אַ זייַטיקע בייַטעמע, וואָס טוט אַ הויב אויף לעסאָף דעם סאָציאַלן באַרוף פון דער דערציילונג, פאָרשטעלנדיק מיט זיך אַן אַרכיטעקטאָנישן, קלוימערשט געקינסטלטן מיטל, וועלכער גייט בעפּיירעש אַרויס פון די רוימען פון דער אָרנטלעך, לאָגיש-פאַנאַנדערגעוויקלטער פּאַסירונג-קייט.

ס׳איז קלאָר, אַז דער געבוי אין אַלגעמיין פון גאָרדאָנס „ווילדגראָז״ וואַקלט נאָך. אין זייַן ערשטלינג-דערציילונג פון גרעסערן פאַרנעם זוכט ער נאָך, דער שרייַבער. ער פאָרשט נאָך און ס׳איז אָנגענעם-גוט, וואס ער פאָרשט נאך די סטרוקטור און אַרכיטעקטאָניק, וואס דאַרף אַרומנעמען און צעמענטירן זייַנע בילדערישע זעונגען און גערדאַנקען. דאָס איז אויך צו זען פון די איינציקע, אַזויגערופענע רעדאַקציע-פעלערן, וואס זיינען פאַראַנען באַ גאָרדאָנען דאָ און דאָרט אין דער דערציילונג. אַף זייַט 30-29 ווערט געשילדערט, ווי כאַנע איז געשטאַנען באַ די פערד און האט צוגעקוקט, ווי שליאָמע האט געוואלט רייַטן און מיט אַ שורע שפּעטער הויבט זיך אָן דער פאָלגנדיקער זאַץ: „כאַנע איז געשטאַנען לעבן די בעהיימעס״. געוויס פעלט דאָ עפּעס אַ מין איבערגאַנג- צי צוזאַמענשלוס-פאַסירונג. און אויך אַף זייַט 102, דאָרטן, ווו וואָווע כינקעס באַגעגנט זיך מיטן רוסישן פויער, מיט וועלכן ער האָט געהאַט צו טאָן באַם טויטן פאָרעך, איז אויך ניקער, אַז עפּעס איז דאָרט פאַרוועַנדעט: דער פויער ווענדט זיך צו כינקעסן און זאגט אים: „איך און מיקאָליע האבן אים מיט אונדזער האַנט דעם טויט געגעבן״—און אַביסל שפּעטער ווייַזט זיך אַרויס, אַז אַט דעם פויער גופע רופט מען גאָר מיקאָלע.

די אַלע טעכנישע פעלערן קומען מיסטאמע פון די קירצונגען, וואס דער שרייבער האט געמאַכט נאכדעם, ווי דאס ווערק איז שוין געווען אין אַ באַוווסטן פראַט פאַרענדיקט, אין אַזוינע פאַלן, זוכנדיק אַ נייַעם צוזאַמענשלוס פון פּאַטירונגען, ווערן געבוירן צופעליקע פאַרזעענע פאַרוועַנדונגען, בעשאַסן באַהעפטן צוויי פאַנאַנדערגעשיידטע ביז דאן האַנדלונג-עפּיזאָדן.

אויך אין פראַט פון סטיל זייַנען פאַראַן באַ גאָרדאָנען אייניקע פעלערהאַפטיקע אויסדריקן. ע. גאָרדאָנס פראָזע איז אומגעהויער רייַך מיט נייַעם אָריגינעל-בילדערישן וואָרט-

באַהעפּט, מיט כאַראַקטעריסטישער מעטאַפאָר און פאַרגלײַכונג, אָבער זי ווערט ניט אײַנגע-
היט פון פאַרגלײַכונגען, וואָס שטימען ניט מיט די געזע- און געהער-אַסאָציאַציעס פון די
טיפּן, וואס אין זייער נאָמען רעדט דער שרײַבער. די פאַרגייענדיקע זון איז בײַ גאָרדאָנען
ענלעך אַף אַ פינקלענדיקן קאַמין—דאס וואָרט „קאַמין", אָבער, געהערט געוויס ניט צום
וואָרט-געברויך פון די אַלע קאָלעקטיוו-פאַרשוינען, וועלכע טראַכטן וועגן אָט דעם זון-
פאַרגאַנג. און בעשאַס וואָווע כינקעס הערט געזאַנגען, וואס קומען צו אים אָן, ווי דורך
אַ „טעלעפאָן-רערל" איז דאס אויך צו גרויסשטאָטיש פאַרגלײַכט. גאָרדאָן האט צום בײַשפּיל
ליב דאס וואָרט: „אויג" און „אויגן", דערגייט עס בײַ אים ביז צו ניצן דאס וואָרט זעקס
מאָל אַף איין זײַטל (101) און די אויסדריקן: גראָב-הויטיק, רויט-הויטיק און איידל-הויטיק
גייען קימאַט איינס נאָך איינס אין מעשעך פון אַ פאָר שורעס...
זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס אַלץ, וואָס איז דאָ דערמאָנט אַף צום אויסבעסערן
אין די ווײַטערדיקע אופלאַגעס פונעם ווערק—אַזוינע אופלאַגעס וועלן געוויס קומען—טאָרן
בעשומויפן ניט וואַרפן קײַן מינדסטן שאָטן אַף דער געוויכט און באַטײַט פון גאָרדאָנס
זייער שיינער און נײַער דערציילונג. „ווילדגראָז" איז אונדזער ערשטע עכט-קינסטלערישע
גרעסערע פּראָזע-אָפּהאַנדלונג פון אונדזער שטײַגנדיקן פויערשן אויסקומעניש, ס'איז גע-
שריבן מיט קראַפט און מיט זאַפט, מיט אָרגאַנישן באַהאַוונט-זײַן און אַרײַנוואַקסן אין
דער באַשריבענערווירקלעכקײַט.
„נאָכן אַקער האָבן זיך געשאָטן מעליקע שטיקער ערד, שוואַרצע ווי נאַכט. די ערד
קערט זיך, ס'הויבט, זיך, ס'מאָלט זיך אונטערן אַקער, נו, הײַדאַ, פאָשלי!.."
אָדער: „ס'איז אַ וווּנדערלעכע נאַטור: מע לייגט אַרײַן איין קערנדל, מע נעמט אַרויס
צען און פופצן און אַמאָל טאַקע צוואַנציק. און יעדער קערנדל איז ווי אַ שטיקעלע גאָלד
ליגט זיך אין פּאָלאָווע-וויקעלע. דאָס ווייצעלע—נאַ דיר, מענטש, דאָס פּאָלאָווקעלע—נאַ
דיר, פערד; און דאָס שטרויעלע—נאַ דיר, פײַער אין הרובע אַרײַן. עך, אַ וווּנדערלעכע
נאַטור!—גיט ער זיך אַ קלאַפּ אין שטערן און וויל כאַפּן אַ טענצל,—אַ, וואָס זאָגסטו, אַלי-
רעמקע?"..!
אַזוי פאַרייניקט גאָרדאָן דינאַמיק פון דיאַלאָג מיט פאַך-קענטשאַפט פון די פּראָצעסן,
וועלכע ער באַשרײַבט, אומעטום און קעסיידער—פאַרביק-מאָלעריש, פריש און נײַ אין
פּראַט פון וואָרט-אַטמאָספער, אויס סקאַרבאָווער שטעטל-נוסעך, וועלכער שמעקט נאָך בײַ
אַסאַך שרײַבער, ווילנדיק ניט ווילנדיק, מיט שאָלעם-אַלייכעם...
„אַורעמקע האָט זיך אופגעשטעלט, געשריען מיט זײַן באַסאָווען הייסן קאָל און ניט
געקענט אײַנשטילן—האט ער געגעבן אַ באַץ אין טיש, איינעם און אַ צווייטן. און דער
טיש האָט געגעבן אַ קרעכץ און אויסגעצויגן זײַנע פאָדערשטע פיס, ווי אַ קעלבל, אַז
ס'גליטשט זיך אויס".
אַורעמקע איז אַ קאַצעוו און גאָרדאָן געפינט אויס פאַר אים זײַן בילדערישן פאַרגלײַ-
כונג-אַרסענאַל, אָט ווי ער געפינט די זעלטן-טרעפלעכע הענדלערישע רייד פאַר דעם,
דאָס-נײַ אופגעפאַסטן, סויכער, אַבע ווילענסקין, אָט ווי ער שטעלט אוף אין גאַנצן אין
נײַעם וווּקס דעם נאַטור-קרעפטיקן און אימפעטיקן וואָווע כינקעס—פאַר אַלע זײַנע גע-
שטאַלטן פאַרמאָגט ע. גאָרדאָן נײַע שילדערונג-מיטלען, וואָס שטאַמען פון נײַעם סאָציאַל-
קינסטלערישן פאַרשטאַנד און זײַנען פאַרווירקלעכט דורך שרײַבער-מוסקולן, געבוירענע
אין צײַטן פון קלאַסן-שלאַכטן.
דעם ערשטן באַלעגופיש-הענדלערישן בוריאַן פון דער יידישער ערד-אײַנאָרדענונג האָט
ע. גאָרדאָן פעסט-איבערצײַגנד אויסגעריסן. אין „ווילדגראָז" האָט דער יידישער ערד-
אַרבעטער באַקומען אַ ווערק, זאָל זײַן אַ האַסכאָלע-ווערק, פון אייגן בלוט און פלייש און
די יידישע ליטעראַטור—אַ טאַלאַנטפולן און קראַפטפולן פּראָלעטאַרישן שרײַבער.

א. דאמעסעק.

# ערשטע טריט.

(פ. סיטאָ—קינדערהויז נומ. 40, דערציילונג. צענטערפארלאג, מאָסקווע־כארקאָוו־מינסק, אלוקראַינישע אָפטיילונג, 122 ז. קליינער פאָרמאט, טיראזש—3000 עקז.)

דער יונגער סיטאָ האָט זיך באוויזן מיט א גרעסערער דערציילונג, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין א באזונדער ביכעלע. דאָס איז א דערפרייענדיקע דערשיינונג פריער פון אלץ מיט דעם, וואָס אונדזערע פארלאגן אָריענטירן זיך שוין ניט בלויז אף די „ליטעראַרישע בערן" צו דרוקן זייערע ווערק, נאָר זיי גיבן א מעגלעכקייט אויך די יונגע קומען צום וואָרט. פון דער אנדערער זייט איז אויך סימפּאטיש סיטאָס פארמעסטן זיך אף א גרעסערער זאך און קומען פארן לייענער מיט אן אייגן וואָרט.

די דערציילונג איז אף א טעמע, וואָס איז אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור ווייניק באארבעט געוואָרן. „קינדערהויז נומ. 40" איז א דערציונג־אנשטאלט פאר פארוואָרלאָזטע.

דידאָזיקע פּראָבלעם האָט שוין איצט פארלאָרן פון איר שארפקייט, זי איז געשטאנען אין דער גאנצער ברייט פאר אונדזער פּראָלעטארישער און פּעדאגאָגישער געזעלשאפטלעכקייט אין די ערשטע יאָרן נאָכן בירגערקריג. די סאָציאלע וואָרצלען פון פארוואָרלאָזטקייט זיינען דאָך געווען די אימפּעריאליסטישע מילכאָמע, דער בירגערקריג, און דער הונגער אין די ערשטע יאָרן נאָכן בירגערקריג. די קינדער, וועלכע זיינען מיט דער אכזאָריעס פון די געשעענישן ארויסגעשטויסן געוואָרן פון זייערע היימען, האָבן ליב באקומען דאָס „פרייע" דאכלאָזע לעבן. 14—15 יאָריקע „רעכטברעכער"—האָבן זיי פיינט געהאט איבער זיך יעדע געזעלשאפטלעכע אופזיכט און געשאפן זייער אייגענעם פארוואָרלאָזטן „שטייגער". אין „נאָרמאלע" באדינגונגען פון דעם פארמילכאָמעדיקן רוסלאנד און פון די קאפּיטאליסטישע לענדער וואָלטן פון די פארוואָרלאָזטע ארויסגעוואקסן גאָרקישע באָסיאקעס און אָפּגרונטמענטשן, וואָס באזעצן דעם „דעק פון דער געזעלשאפט". די רעוואָליוציע האָט אָבער, ערשטנס, פארניכטעט די סאָציאלע באזע פון דעם „דעק", און קעגן זיין פרישן רעזערוו—די פארוואָרלאָזטע—האָט זי אָנגעהויבן א סיסטעמאטישן דערציערישן קאמף. עס איז מאָביליזירט געוואָרן א לערערישער אקטיוו, וועלכער איז געגאנגען אין גרעסטן טייל פרייוויליק אף אָט דער ארבעט, עס זיינען צוגעצויגן געוואָרן צוהילף די לערער אין דער ערשטער ריי—דער קאָמיוג און די פּיאָנערישע אָרגאניזאציעס, וועלכע האָבן ניט בלויז געהאָלפן אופזאמלען די פארוואָרלאָזטע פון די גאסן און וואָקזאלן אין די דערציונג־אנשטאלטן, נאָר זיי האָבן אויך געהאלטן שעפטום איבער די קינדערהייזער, געשאפן ארום זיי א געזונטע געזעלשאפטלעכע אטמאָספער און אפילע ארויסגעהאָלפן די לערער אין באזונדערס שווערע סיטואציעס.

די גרעסטע שוועריקייט איז באשטאנען אין דער דערציונג־פּראָבלעם. דער עלעמענט פון די פארוואָרלאָזטע איז געווען א פארשיידנארטיקער. קינדער מיט פארשיידענע סטאדיעס פון פריציייטיקער פארדאָרבנקייט, צונויפגעקליבענע פון דער „העפקער־גאס", פון די טורמעס און מיליציע־באצירקן, פארהארטעוועטע אין פארברעכנס און אומצוטרויללעכע צו יעדן מענטשן

די סאָוועטישע פּעדאגאָגיק האָט נאָך געזוכט די וועגן, ווי אזוי צו באהערשן דידאָזיקע מאסע און אויסשמידן פון איר א געזונטן קאָלעקטיוו פּראָדוקטיווע מיטגלידער פון דער סאָוועטישער ארבעט־געזעלשאפט. די פארוואָרלאָזטע האָבן זיך שווער אונטערגעגעבן דער דערציערישער אופווירקונג, יעדער טאָג איז געווען פול מיט נייע צרזאמענשטויסן, רעצידיוון און קריזיסן. די אנשטאלטן זיינען אָבער געוואקסן צוזאמען מיט אונדזער סאָוועטישער ווירקלעכקייט. אָנווענדנדיק די פּרינציפּן פון אונדזער נייער פּעדאגאָגיק און געזעלשאפטלעכער איבערדערציונג, האָבן זיי געלייטערט זייערע דערציגענע און געגעבן דער ארבעטער־געזעלשאפט הונדערטער פייקע און אקטיווע טוער. דאָס איז א ווינקעלע פון אונדזער נייעם לעבן, וואָס פארמאָגט א פילפאכע סאָציאלע דינאמיק און ווארט נאָך אף זיין עמעסן קינסטלער. באדייטנדיקע עסקיזן און מאָמענטן פון אָט דעם לעבן זיינען פאראן שוין אין דער רוסישער ליטעראטור (סייפולינא, ניעווערא[?]וו א. אנד.), באזונדערס בא די מעכאברים פון „רעספּובליקא שקיד" (ג. בעליך און ל. פּאַנטעלעיעוו), וועלכע קומען אליין פון קינדערהויז און האָבן געגעבן א רייכן היסטאָרישן דאָקומענט מיט א גרויסער סאָציאלער און קינסטלערישער אָנגעלאָדנקייט.

וואָס האָט אונדז געגעבן כ׳ סיטאָ פון דערדאָזיקער ווירקלעכקייט?

כ׳ סיטאָ קומט אויך פון די פאַרוואָרלאָזטע, וועלכע האָבן געפונען זייער לעבנוועג דורכן קינדערהויז. ער האָט געהאַט אַלע שאַנסן צו געבן אונדז אומיטלבאַרע אָבסערוואַציע, אויסגעצייַטיקטע, דורכגעטראַכטע און פאַרטיפטע ווירקלעכקייַט. מע מוז אָבער זאָגן, אַז דער כ׳ סיטאָ האָט זיך ווייניק פאַרטיפט אין אָט דער ווירקלעכקייַט. ער גליטש זיך אויפן אויבערפלאַך פון די לעבנ־דערשייַנונגען, פאַרצייכנט געוויסע אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן, נאָר ניט דער־טראָגן, ניט פאַנאַנדערגעוויקלט.

קוידעמקאָל, דער לערער־קאָלעקטיוו. ער איז פאַרגעשטעלט אין דער דערציילונג דורך 2—3 פּערזאָן. די הויפּט־פיגור איז דער פאַרוואַלטער יִסראָעל. כ׳ סיטאָ שענקט אים פיל אויפמערקזאַמקייַט, ער שילדערט אים וואַרעם, מיט אַ געפיל פון ליבע און אַכטונג. מיר זעען אים אָבער מער אַרומלויפנדיק איבער די סאָוועטישע אַנשטאַלטן איַינצושאַפן פראָדוקטן און מאַלבושים פאַר דער כעווראַ (אין דעם איז דאָ געוויס פיל עמעס!), עס פעלט אינגאַנצן זייַן דערציִונג־אַרבעט, זייַנע פּעדאַגאָגישע זוכענישן צו לייזן די שווערע פּראָבלעמעס פון דער דערציִונג, וואָס דער קינדערהויז רוקט פאַר אים אַרויס טאָג־טעגלעך. ער פירט אַ טאָג־בוך, אָבער ער איז ווייַט ניט קייַן לערער־שער. ער פאַרצייכנט דאָרטן פיל פאַקטן לויטן מוסטער פון קאָסטיאַ ריאַבצעוו. אַשטייגער:

„6־טער מייַ.

עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז מע וועט די קינדערהייַזער שיקן אויף דאַטשע.

האַלעוואַי! ס׳וואָלט גאָרניט געשאַדט״.

אָדער:

„20־טער מייַ.

אוראַ! מיר פאָרן אויף דאַטשע!״

דער קינדערהויז גייט פאָרויס. כ׳ סיטאַ דערציילט וועגן אַ כאַוועראַשן געריכט איבער אַ שילער, וועגן זעלבסט־פאַרוואַלטונג, איבערגעבורט פון די פאַרוואָרלאָזטע. דאָס קומט אָבער אַלץ פאַר סטיכייִש. מיר זעען ניט די עצעם פּראָצעסן, פונוואַנען עס קומט די איניציאַטיוו, מיט וואָס פאַר אַ שוועריקייַטן זי ווערט פאַרווירקלעכט. און דאָס זייַנען דאָך די וויכטיקסטע רינגען אין אַזאַ ווערק.

דער קינדער־קאָלעקטיוו ציילט אַ קנאַפּן צענדליק פאַרוואָרלאָזטע. דאָס איז ווינציק פאַר אַזאַ אַנשטאַלט, וועלכער האָט צו טאָן מיט אַזאַ פּליסיקער קינדער־מאַסע, ווי די פאַרוואָרלאָזטע. צווישן די כאַראַקטעריסטיקעס פון קינדער אין זייער סאָציאַלער אָפּשטאַמונג, האָבן מיר אַ פּאָר זייער טרעפלעכע, די איבעריקע—זייַנען אייַנזייַטיק אָדער אַנאָנים.

די טרעפלעכע: ביילקע, בערל און טיילוויַיז געריע. ביילקע איז אַ טאָכטער פון אַ בעטלערקע. ער שרייַבט איר דערפאַר צו באָהעמישע שטריכן; זי לערנט זיך טאַנצן און האָט זיך ליב שיין אָנצוטאָן.

בערל האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אָן עלטערן אין שויס פון דער גאַס—פאַרמאָגט ער בייזקייַט, בונטאַרישע אויפברויזן, עס איז אים שווער קומען צום גלייַכגעוויכט.

געריע האָט געיאַרשנט פון זייַן טאַטנס הענדלערישן יִכעס—פאַרשלאָסנקייַט. ער טוט אַלץ אָפּ הינטן אַרום, גרייַפט אָן זייַן כאַווער, ווען ער פאַלט דורך, און איז ניט אויפריכטיק.

ביכלאַל אָבער זייַנען די לעבנ־געשיכטעס פון סיטאָס פאַרוואָרלאָזטע ניט קייַן קאָמפּליצירטע, די פאַרוואָר־לאָזטקייַט האָט אויך ניט געשאַפן בא זיי קייַן שווערע פּסיכישע פאַרקרימונגען און זיי גלייַכן זיך לייַכט אויס. אַזוי שרייַבט טאַקע סיטאָ וועגן אַ 3 העלדן זייַנע:

„די דרייַ נייַע כעווראַ, וואָס האָבן ענדגילטיק באַשלאָסן, אַז דער קינדערהויז וועט זייַן זייער לעצטע סטאַנציע און מער קייַן פּערעסאָדקעס מאַכן זיי אינערגעץ ניט, האָבן זיך סאָפּקאָלסאָף איבערגעקאָכט אינעם גרויסן קעסל, האָבן סאָפּקאָלסאָף אָפּגעטרייסלט פון זיך דעם גאַסיקן שמוץ און די פאַרדאָרבענע גאַסיקע געוווינהייַטן...״ [1].

איינער פון די הויפּט־כעסרוינעס אין ווערק איז דאָס פעלן פון אַ געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער אַרום דעם קינדערהויז. דער קינדערהויז איז ווי איזאָלירט פון דעם אַרומיקן לעבן. ער לעבט אַליין מיט זייַנע מאַטעריעלן און לייַדן. עס איז ניט קלאָר, אַז די אַלע „בייַסן״ פון קינדערהויז, ווי די זעלבסט־פאַרוואַלטונג, כאַווערישע גע־ריכטן, פאַרזיכטיקער צוגאַנג צו דער קינדערישער אַנטוויקלונג, אָבלאַווע נום. 1 (אויף די פאַרוואָרלאָזטע אין די גאַסן), אָבלאַווע נום. 2 (אינטערנאַציאָנאַלער בלימל־טאָג) און לעסאָף דאָס אייַנאָרדענען די יוגנטלעכע אויף אַרבעט אין די פאַבריקן און זאַוואָדן,—דאָס אַלץ איז אַ רעזולטאַט פון דער אימפּעטיקער סאָציאַליסטישער בויונג הינטער די ווענט פון קינדערהויז. דער קינדערהויז קומט אַפילע ניט אין באַרירונג מיט אַ קאָמיוגישן קעמערל, עס ווייַזט זיך איינמאָל אַ פּיאָנערישער פּאַרפּאָסט, ער פירט אָבער ניט אין קינדערהויז קייַן שום אַרבעט.

---

די גאַנצע אויפמערקזאַמקייַט האָט סיטאָ געלייגט אויף דער קאָמפּאָזיציע, אויף דער פאָרם און סטיל פון ווערק. אויף דעם געביט האָט ער באַדייַטנדיקע דערגרייכונגען. ער האָט זאָרגפאַל באַפּוצט יעדן קאַפּיטל מיט זייַן אָרנאַ־מענטיק, אויסנוצנדיק דערצו פאַרשיידענע פאָרמעס און אייַנפאַלן.

---

[1]) ווי ווייַט דאָס איז פונעם ווערטל אין „רעספּובליקאַ שקיד״: Шкида хоть кого изменит! (שקידאַ וועט בייַטן וועמען דו ווילסט נאָר!)

דער 1־טער קאפיטל הויבט זיך אָן מיט אזא מין לירישן ארײַנפיר:

„היימלאנד־ראטנלאנד! ווי שיין זײַנען דײַנע ווינטער־נעכט!“

און דערנאָך: „ווי שיין זײַנען דײַנע זומער־נעכט, ראטנלאנד—היימלאנד!“

עס ווערט אָבער אויסגעפירט:

„אָבער דאָס, וואָס איך וועל אײַך איצט דערציילן, איז פאָרגעקומען ניט ווינטער און ניט זומער.—הארבסט גראדע“.

דער צווייטער קאפיטל הויבט זיך אָן נאָך געלונגענער: „אָט אזוי איז עס שוין אײַנגעפירט, אז נאָך דעם שנייִקן, פראָסטיקן ווינטער גייט זוניקער פרילינג, דערנאָך רײַפער זומער, דערנאָך געלער הארבסט, ווידער ווינטער און אוועק א יאָר“.

און דערנאָך:

„די ווענט זײַנען אויסגעקאלעכט.

די ווענט ריידן:

„איינער פאר אלעמען און אלע פאר איינעם“.

דערדאָזיקער אָנהויב גיט א מעגלעכקײַט ניט ארײַנצולאָזן זיך אין דעטאלן, איבערהיפּן איבער פיל רינגען און איבערגיין גלײַך צו דער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין קינדערהויז. דאָס רופט ארויס באם לייענער אן אינטערעס פון אומדערוואַרטקײַט.

דער לעצטער קאפיטל מאכט אזא מין פרווו נאָך אף א קירצערן אויפן: עס הויבט זיך אָן:

„א נײַ פאָרהענגל פארהויבן מיר“.

דאָס זײַנען אלץ נויטיקע זוכונגען, וואָס זײַנען געצילט צו מאכן אינטערעסאנטער דעם סיפּער־האמײַסע, פאַ־רינטריגירן דעם לייענער, ווירקן אף אים עמאָציאָנעל. אָבער דאס ברענגט אויך דעם כ׳ סיטאָ צו פאלשע עקספּערי־מענטן אויסגעליידיקטע פון אינהאלט. די שיינע פאָרם קומט צומאָל בא אים אפּן כעשבן פונעם אינהאלט און אידעאָלאָגישער פארטיפונג.

אזא פוסטקײַט ווייט, צום בײַשפּיל, פון דעם קאפיטל „בוקעט האָט כאסענע מיט דאמקען“, אין וועלכן מיר האָבן א ביליקע פערזאָניפיקאציע און סאטירע, וואָס דערגרייכט ניט דעם ציל. נאָך בוילעטער זעען מיר דאָס אין דעם, ווי אזוי עס איז געשילדערט דער מיליציע־צירקל:

„באם טיש איז געזעסן א הויכער מענטש מיט א פירקאנטיק בערדל, ווי א קוואדראט, און געל־ברוינע אָנ־געגאָסענע אויגעלעך (געניטע צוויי פּיקסלעך), וואָס האָבן זיך שוין ניט בא איינעם אין הארצן געגריבלט. זײַן קאָל איז געווען הויך און שארף, ווי א מעסער“.

און נאָך א קורצן געשפּרעך מיט די פּאַרוואָרלאָזטע גייט אזא מין זאָץ: „די צוויי געל־ברוינע אָנגעגאָסענע אויגלעך האָבן אויסגעשאָסן אין יאָשקען“.

עס איז קלאָר, אז דידאָזיקע אויסערלעכע שילדערונג פון צירקל און זײַנע באאמטע איז בלויז א פאָרמעלע נאָכמאכונג פון דעם פארמילכאָמעדיקן „אוטשאסטאָק“, זי איז אין קאָנטראסט צו דעם סאָוועטישן גײַסט און גע־זעצן וואָס הערשן אין צירקל, וועגן וועלכע סיטאָ אליין דערציילט. און וויפל האָבן די מיליציע־צירקלען פאר־לײַכטערט די פּעדאגאָגן פון די קינדערהײַזער זייער ארבעט מיט די פּאַרוואָרלאָזטע?!

סיטאָס סטיל צייכנט זיך אויס מיט לעבעדיקײַט און לײַכטן הומאָר. אינטערעסאנט איז, וואָס ניט געקוקט אף דעם, וואָס ער געפינט זיך אונטער א שטארקער שאָלעם־אלייכעמישער השפּאָע, ווערט זײַן הומאָר ניט דערגרייכט דורך ווערטלעך און גלײַכווערטלעך, נאָר דורך פּסיכאָלאָגישע, כאראקטעריסטישע באמערקונגען.

אָט איז א בײַשפּיל פון א באמערקונג, וואָס גייט אין קלאמערן:

(אלע מיידלעך אין זיך:

— כי—כי...

אלע יינגלעך פאר זיך:

— כא—כא...)

אים גיט זיך ניט שלעכט אײַן צו איבערגעבן סאָציאל־שטייגערישע באזונדערקײַטן פון סטיל. צום בײַשפּיל, דער מײַנע־לאָשן פון ביילקעס מאמע. די פּאַרוואָרלאָזטע גופע ריידן ניט בײַ אים מיט קײַן אייגנארטיקער שפּראַך דער לעקסיקאָן זייערער אנטהאלט אָבער אייניקע אייגנארטיקע ווערטער און ווערטלעך, וואָס ווערן געלונגען געברויכט (דורכשקאנדיבען, סדרעפּען א. אנד).

דער אויספיר:

אין „קינדערהויז נומ. 40“ קומט סיטאָ מיט א וויכטיקן וווּקס פון זײַנע שאפונג־מעגלעכקײַטן. ער שטעלט זיכערע טריט אין דער דערציילפּאָרם, ער פארמאָגט נאָך אָבער אָנפאנגערישע ניטקאָנצענטרירטקײַט אין דעם אינהאלט. בא די אלע כעסרוינעס פון „קינדערהויז“ איז דאָס א ווערק, וואָס וועט אויפגענומען ווערן פון דער ארבעטער און יוגנט־מאסע מיט לעבעדיקן אינטערעס און אויפמערקזאמקײַט.

מ. ליבערמאַן

# „שטערן"

## ליטעראַריש־קינסטלערישער און פּאָליטיש־וויסנשאַפֿטלעכער כוידעש־זשורנאַל.

## 1925—מײַ—1930

### אָנווײַזער פון די ווערק, וועלכע זײַנען געדרוקט אין דער זשורנאַל „שטערן" פאַר די 5 יאָר פון זײַן דערשײַנען (לויטן סיידער פון אווטאָרן).

(ס אָ ף)

117. ד ו נ ע ק, כ. קאָלאָניזאַציע פון ייִדן אין צאַרישן רוסלאַנד (ערשטער פּערטל פון XIX־טן יאָרהונ־דערט). (1926 י. נומ. 9-10. זײַט 38-45).

118. ד ו נ ע ק, כ. קעגן לינקע פראַזן און קאָמיסאַרישע גענג (נאָכאַמאָל וועגן אַן אַלטער פּראַגע). (1927 י. נומ. 4. זײַט 27-33).

119. ד ו נ ע ק, כ. אפן אידעאָלאָגישן פראָנט (אייניקע באַמערקונגען אף אַן אַקטועלער טעמע). (1927 י. נומ. 7-8. זײַט 60-64).

120. ד ו נ ע ק, כ. דער דיכטער פון אופגעוואַכטער נויט און אַרבעט (נאָטיצן וועגן אווראָם רייזען צו זײַן קומען אין ראַטנפאַרבאַנד). (1928 י. נאָיאַבער־דעקאַבער. זײַט 9-16. (קוק אויך טיקן־טאָעס. זײַט 84).

121. ד ו נ ע ק, כ. די דינאַמיק פון דער ייִדישער פאַרלאַג־אַרבעט אין סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד. (1929 י. נומ. 1. זײַט 42-44).

122. ד ו נ ע ק, כ. צוויי אווטאָפּאָרטרעטן. (1929 י. נומ. 4. זײַט 94-96).

123. „ צוויי רעצענזיעס. I. לידער פון אַן איינזאַמען. וועגן ל. רעזניקס זאַמלונג „היים".
II. פון פרוי צו בירגערן—כאַנע לעווין. צושטײַער. לידער־זאַמלונג. (1929 י. נומ. 8-9. זײַט 101-113).

124. ד ו נ ע ק, כ. א קאַריקאַטור אף קריטיק (וועגן א. וועוויאָרקעס אַן „איבערזיכט"). (1929 י. נומ. 8-9. זײַט 113-115).

125. ד ו נ ע ק, כ. אפן ליטעראַרישן פראָנט. נאָטיצן צום יאָריקן ליטעראַטור־באַלאַנס. (1929 י. נומ. 10. זײַט 66-74).

126. ד ו נ ע ק, כ. א קאַפּיטל, וועלכן מע דאַרף שליסן (שמועל ראָסין „צו אַלע צו אונדז". לידער און פּאָעמען). „100־פּראָצענטיקע", „הײַנטצײַטיקע", „קינסטלערישע" ליטעראַטור. ווי אַזוי מ. טײַטש רעאַביליטירט אוי־סערפּאַרטייִשקײַט. (מ. טײַטש: „אַרום דער פאַבריק", „די ערשטע שוואַלב"־ראָמאַן). (1929 י. נומ. 11. זײַט 68-78).

127. ד ו נ ע ק, כ. וועגן אַן אָפּגעבליאַקעוועטן „מונדיר" אָן א „גענעראַל". נאָטיצן וועגן דעם ניסטערס „פון מײַנע גיטער". (1930 י. נומ. 1. זײַט 61-74).

128. ד ו נ ע ק, כ. די אַרבעט פון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ" (אייניקע סאַכאַקלען צום דרײַכוידעשניק פון פּראָלעטאַרישער ווײַסרוסישער און נאַצמינדערישער קולטור. (1930 י. נומ. 2-3. זײַט 78-87).

129. ד י מ א נ ש ט י י ן, ש. דער אָנהויב פון דער קאָמוניסטישער אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטער. (1927 י. נומ. 12. זײַט 31-38).

130. די פּויערים־באַוועגונג אין כינאַן (א באַריכט געדרוקט אין צענטראַל־אָרגאַן פון דער כינעזישער קאָמ־פּאַרטיי דעם 12־טן מאַרט 1927 יאָר). (1927 י. נומ. 5-6. זײַט 67-72).

131. ד. כ. וועגן מאָדערנעם ייִדישן אַרבעטער־לייענער. (1927 י. נומ. 1. זײַט 39-46).

132. ד. כ. פּ. קעמראַד. ווי אַזוי איז געבויט דער קאָמיוג. מאָסקווע. צענטראַלער פעלקער־פאַרלאַג פון פ.ס.ס.ר. 1927 י. 48 ז. פרײַז 18 ק. טיראַזש 5000. (1927 י. נומ. 3. זײַט 56-57).

133. ד. כ. אַלטשולער, מ. פ.ס.ס.ר. (א שמועס אין וואַגאָן צום לייענען אין קלוב און אינדערהיים). צענ־טראַלער פעלקער־פאַרלאַג פון פ.ס.ס.ר. מאָסקווע, 1927 י. טיראַזש 6000. 64 זײַטן. פרײַז 30 קאָפּ. (1927 י. נומ. 3. זײַט 57).

134. ד. כ. וו. קנאָרין. 1917 יאָר אין ווײַסרוסלאַנד און אפן מײַרעווער־פראָנט. ייִדיש און פאָרוואָרט ש. (ס) אגורסקי. אַרויסגעגעבן דורכן היסטפּאַרט־אָפּטייל צו פאָרשן די געשיכטע פון דער „אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און ק.פּ.(ב)וו. מעלוכע־פאַרלאַג פון ווײַסרוסלאַנד. מינסק, 1927 יאָר. (1927 י. נומ. 10-11. זײַט 79-81).

